# אויסגעוועהלטע שריפטען

פון

## דר. י. א. הורוויטש

(יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי)



אין פיער בענדער

ארויסגעגעבען פון
„יצחק אייזיק הורוויטש'ס פובליקאציאנס קאמיטעט"
ניו־יארק, 1917.

# אויסגעוועהלטע שריפטען

פון

## דר. י. א. הורוויטש

(יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי)

### דריטער באנד

ארויסגעגעבען פון
„יצחק אייזיק הורוויטש'ס פובליקאציאנס קאמיטעט"
ניו־יארק, 1917.

דר. י. א. הורוויטש

(יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי)

# שטרייט פראגע פון סאציאליזם

ערסטער טייל

ניו־יארק, 1917.

# פאררעדע.

דער גאנצער מענטשלאכער פארטשריט שטאמט דערפון, וואס דער מענטש איז אונצופרידען, וואס עס געפעלט עס ניט ווי עס איז, וואס ער קריטיקירט. כל זמן דער מענטש גלויבט, אז אלץ איז שוין אזוי גוט, אז מ׳ דארף גאר ניט בעסער, דארף מען געוועהנטלאך ניט בעסער. דאס איז דער גייסט פון קאנסערוואטיזם. אין דער היינטיקער וויסענשאפט האט דער קאנסערוואטיזם קיין פלאץ ניט. עס איז ניטא קיין איינציקע וויסענשאפטליכע טעאריע וואס מ׳זאל וועגען איר קענען זאגען, אז אלץ איז שוין אין איר פאלקאמען באוויזען און עס איז שוין אין איר ניטא וואס צו קריטיקירען. די היינטיקע וויסענשאפט ענטוויקעלט זיך נאר דורך שטענדיקע קריטיק. די אלטע פילאסאפיע האט געזוכט דעם „אבסאלוטען אמת", דעם „איינציקען אמת" ; די היינטיקע פילאסאפיע האט זיך ענטזאגט פון דער אויפגאבע. נעמט יעדע נאטור־וויסענשאפט און איר וועט געפינען, אז צו יעדער צייט זיינען פאראן צוויי־דריי פארשידענע טעאריעס, וועלכע ערקלערען דיזעלבע ערשיינונג אף פארשיעדענע אופנים. עס איז זעהר שווער צו געפינען א פראגע, אין וועלכער אלע געלערנטע זאלען זיין איינשטימיק. ווען עס טרעפט זיך אמאל, קען מען זיך אף דעם אויך ניט פארלאזען. די היינטיקע נאטור־פארשער זיינען גרויסע עזות־פנימער, זיי האבען אפילו פאר די נאטור־וויסענשאפט אויך קיין דרך ארץ ניט. פאר זיי איז קיין הייליקייט ניטא : מ׳ צוהאקט היינט אף פיץ־ברעקלאך די טיפזיניקסטע טעאריע, וואס די געלערטע וועלט האט נעכטען אלגעמיין אנערקענט פאר ריכטיק. אט האט מען אופגעבויט א נייעם וויסענשאפטליכען סיסטעם, צעהנדליקע מענטשענלעבענס זיינען געווידמעט געווארען צו דער ארבייט ; עס זעט אויס שעהן, אקוראטנע, הארמאניש. מיט אמאל קומט א יונגאטש, וואס קיינער קען עס ניט און קיינער ווייס עס ניט, און מאכט ערגעץ א לאך אין דעם הארמאנישען סיסטעם; נאכדעם קומט אן אנדערער, און אזוי געהט עס כסדר, ביז וואנען עס איז געבליבען פון דעם פיין אויפגעבויטען סיסטעם א חורבן. עס נעמט גאר א מורא, וואס

## II.

וועט בלייבען פון דער גאנצער וויסענשאפט. אבער די געלערנטע מענטשען שרעקען זיך ניט.

מען האט גאר קיין רעספעקט ניט פאר די גדולים פון דער וויסענשאפט. נאטירליך, א מענטש בלייבט א מענטש; די „אונשטערבליכע“ זיצען זיך גרויסארטיק אין זייערע אקאדעמישע שטולען און קערען זיך אפ מיט פאראכטונג פון א דארווינ׳ען; די טעאריע לאבאטשעווסקי׳ס, דאס גרעסטע מאטעמאטישע ווערק פון דעם נײַנצעטען יארהונדערט, ערקלערט מען פאר א משוגעת. אבער די וויסענשאפט געהט פארווערטס און קימערט זיך ניט איבער אקאדעמישע מומיעס.

אז איר ווילט אלזא זוכען דעם „איינציקען אמת“, טו מוזט איר זיך ווענדען צו דער רעליגיאן: אין דער רעליגיאן איז פאראן „איינציקער גאט“, און „אמת׳ער גאט“, און „אייביקער גאט“. פון דער וויסענשאפט איז דער „איין איינציקער אמת“ אוועק.

אויב דער סאציאליזם איז א וויסענשאפט, קען ער ניט זיין קיין אויסנאהם. דער סאציאליזם איז א סאציאלאגישע טעאריע. די סאציאלאגיע איז א וויסענשאפט פון דער מענטשלאכער געזעלשאפט, די מענטשלאכע געזעלשאפט שטעהט ניט אף אן ארט, זי ענטוויקעלט זיך. די וויסענשאפט פון א געזעלשאפט וואס ענטוויקעלט זיך קען ניט בלייבען שטעהן אף אן ארט. דער סאציאליזם מוז זיך אלזא ענטוויקלען. ווי אזוי אבער קען ער זיך ענטוויקלען, ווען אלץ איז שוין אין עם אזוי פאלקאמען, אז מ׳ טאר שוין אין עם קיין אות ניט בייטען, אקוראט ווי אין תורת משה? אז איר זעהט אלזא מענטשען שפייען פלאם און פייער געגען די קריטיק פון א ווערטה־טעאריע, טו איז דאס א זיכערער סימן, אז מיט דער וויסענשאפט זיינען זיי קנאפע מחותנים.

ווי עס איז אין מארקסעס צייטען אויסגעוואקסען א „וואולגארע“ פאליטישע עקאנאמיע, אזוי איז שוין היינט פאראן ברוך השם א וואולגארער סאציאליזם, — דאס איז דער אפיציעלער סאציאליזם פון דער פארטיי־פרעסע און פון די פארטיי־מיטינגען. אין וואס ער באשטעהט, איז א סוד, וואס, ס׳ווייזט אויס, ווערט מיטגעטיילט נאר צו גוטשטעהענדע מעמבערס פון דער סאציאליסטישער פארטיי, און דאס הפנים בתנאי, אז פאר קיין זייטיקען מענטשען טארען

# III.

זיי עם ניט אויסזאגען. און די דיסציפלין ווערט אזוי גוט אופגעהאלטען, אז קיין מענטש וואס צאלט ניט קיין דיום האט נאך ביז היינט ניט געקענט דערגעהן וואס איז סאציאליזם. איר מיינט, איר קענט קויפען א סאציאליסטישען בוך און אליין אויסגעפינען וואס איז סאציאליזם? דארפט איר וויסען, אז אלע סאציאליסטישע ביכער זיינען געשריבען בלשון קבלה, און אז איר קענט ניט די סאציאליסטישע גמטריא, מעגט איר זיך לייענען די ווערטער, איר זייט אבער בשום אופן ניט מסוגל צו וויסען, וואס זיי באדייטען. די איינציקע זאך וואס בלייבט, איז צו פארלאזען זיך אף די סאציאליסטישע כלי קודש: ווען זיי זאגען אף א געוויסע זאך אז דאס איז סאציאליזם, איז דאס סאציאליזם, און דער היפוך דערפון איז ניט סאציאליזם.

דער סאציאליזם האט היינט־צו־טאג אפיציעלע דאגמאטען, וועלכע ווערען אנגענומען אף די פארטיי קאנגרעסען, פונקט ווי די קריסטליכע רעליגיאן האט אירע דאגמאטען, וועלכע זיינען אנגענומען געווארען אף קאנגרעסען פון קריסטליכע גלחים. ווער עם קריטיקירען די דאגמאטען פון דער קריסטליכער רעליגיאן, קען ניט זיין קיין מיטגליד פון דער קריסטליכער קירכע. ווער עם קריטיקירט די דאגמאטען פון דעם אפיציעלען סאציאליזם, קען ניט זיין קיין מיטגליד פון דער סאציאליסטישער פארטיי. דער גייסט פון דעם אפיציעלען סאציאליזם איז דער גייסט פון א רעליגיעזער סעקטע. שלום צווישען קירכע און וויסענשאפט איז אונמעגלאך. מ׳ מוז באקעמפפען דעם קירכליכען גייסט אין דעם סאציאליזם, ווען מ׳ וויל, דער וויסענשאפטליכער סאציאליזם זאל געהען פארווערטס.

פרעגט אן אמעריקאנער ארטאדאקסיש־מארקסיסטישער אוטאריטעט א קשיא: ווען איר קריטיקירט דעם מארקסיזם און באווייזט רק אז דאס איז פאלש און יענץ טויג ניט, טו למאי רופט איר זיך נאך סאציאליסטען? זייט זיך מודה אפען, אז איר האט זיך אפגעזאגט פון דעם סאציאליזם, אז איר זייט געגנער פון דעם סאציאליזם. איז דער תירוץ, אז דער ווארט „סאציאליזם“ האט א באשטימטע באדייטונג אין דער סאציאל־וויסענשאפט, און ווער עם האלט פון יענע זאכען וואס מ׳ רופט סאציאליזם, איז ווילענדיק, ניט ווילענדיק, א סאציאליסט. איך מיין ניט יענעם סארט „וויסענשאפטליכען“ סאציאליזם, וואס ווערט באשלאסען מיט א מאיארי־

## IV.

טעט אף א קאנגרעס אדער אף א קאנוועגשאן, נאך ספיטשעס פון פינף מינוטען מיט „שלום דער דעבאטע“. איך מיין טאקע די אמת׳ע וויסענשאפט, פאר וועלכע די דעבאטע קען קיינמאל ניט געשלאסען ווערען, ביז וואנען עס איז פאראן נאך א מיינונג, וועלכע איז נאך ניט אויסגעשפראכען געווארען.

דעם אנהויב פון „רעוויזיאניזם“, ד. ה. פון דער באוועגונג, וואס האט זיך געשטעלט צום צוועק איבערצוקוקען (רעווידירען) דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם, האט געמאכט עדוארד בערנשטיין. עס איז אבער א פראסטע זאך, אז די ארטהאדאקסען זיינען אלע מאל אייניק — פארקערט ווען מ׳ נעמט קריטיקירען די תורה. טו האט יעדער פראטעסטאנט א באזונדערע טענה און איינער איז ניט ערב פאר דעם אנדערען.

איך קען ריידען נאר פאר זיך אליין. איך באטראכט די סאציאלע פראגע אין גאנצען פון מיין אייגענעם שטאנדפונקט, און איך וויל דא געבען צו פארשטעהן, ווי אזוי איך שטעל זיך פאר דעם פארטשריט פון דער געזעלשאפט, און וואס איז די פראקטישע ארבייט פאר א פרייגעזאנענעם סאציאליסט.

איך פרעטענדיר דערמיט ניט, אז איך האב אויסגעקלערט עפעס גאנץ נייעס: „נאר דער ערסטער שניידער האט זיך ביי קיינעם ניט געלערנט, און דערפאר איז ער טאקע געווען א פארטאטש“, ווי פראשקא דער שניידער זאגט אין פאן־וויזין׳ס בארימטער קאמעדיע.

דעם מאטעריאל פאר דיזע ארבייט האבען געליפערט א רייהע ארטיקלען, וואס האבען זיך געדרוקט, אנהויבענדיק מיט דעם יאר 1902, אין דעם „פארווערטס“, דער „ווארהייט“, דעם „טאג“, דער „פרייער ארבייטער שטימע“, דעם „ציוטגייסט“, דער „צוקונפט“, דער „פרייער געזעלשאפט“, א. אז. וו. די אלע ארטיקלען זיינען אבער איבערגעארבייט געווארען פון דאס ניי און זיי בילדען איין גאנצעס.

מ׳האט אף מיר שטענדיק פאריבעל געהאט, וואס איך קום ארויס פאר׳ן פובליקום מיט מיין סקעפטיציזם. מען האט זיך באקלאגט, אז מיט מיינע ארטיקלען הרג׳ע איך אוועק אלעס, מיט וואס

# V.

אן ארבייטער קען זיך היינט טרויסטען אין זיין אונגליקלאכער לאגע. מ׳ הארעוועט זיך אנעט דעם גאנצען טאג, מ׳ ליידט זיך אנעט פון דעם באס און פון דעם פארמאן, מ׳ קומט אהיים אין דעם עלענדען טאפ פלאר, און די אויסגעמאטערטע נשמה רוט אפ אין דעם געדאנק, אז עס וועט אמאל קומען א גליקלאכע צייט פאר די ליידענדע מענטשהייט. אין מיטען פאל איך אריין און פארשטער דעם זיסען חלום.

אן אלטע מעשה! דיזעלבע טענות האבען אונדזערע זיידעס געהאט צו די אפיקורסים, וואס האבען אפגעלאכט פון דער אידישער אמונה.

אין דער אמת׳ן, איז דען די רעליגיאן ניט דער איינציקער טרויסט פאר מיליאנען פון מענטשען אין זייער אונגליקלאכער לאגע? די צוויי טויזענט יאר, וואס דער איד איז אין גלות, מיט וואס האט ער זיך געהאלטען, ווען ניט מיט זיין רעליגיאן? זיין גלויבען, אז די אידען זיינען דער געליבטער פאלק פון גאט, האט דעם ארעמען און צוגעשלאגענעם אידען געגעבען כח צו טראגען זיינע קיימען. און ווען נאך א גאנצער וואך פון מאטערינס פלעגט קומען דער הייליקער שבת, האט די שכינה גערוט אין דער עלענדער כאלופקע, און די זאמד מיט וואס די פאדלאגע איז געוועזען באשאטען, האט געלויכטען שבת׳דיק.

היינט קומט דער אפיקורוס און נעמט דערצעהלען פאר דער וועלט, אז עס איז ניטא קיין רבונו של עולם, אז די מעשה וועגען משיח׳ן איז א בילד פון דער פאנטאזיע, — וואס פאר א טרויסט בלייבט פאר דעם ארעמאן אין זיין אייביקען עלענד?

די אפיקורסים פון פאר פופציק יאר האבען גארנישט ניט געהאט וואס צו געבען דעם אידען אנשטאט דעם רבונו של עולם, אבער שוין מיט דעם וואס זיי האבען צוריסען די קייטען פון אבערגלויבען, האבען זיי געגעבען דעם פריי־געזאנענעם אידען די מעגלאכקייט ארויסצוקריכען פון דער געטא אין די ברייטע וועלט. און ווען דער אידישער ארבייטער האט געעפענט די אויגען, איז ער מיד געווארען צו ליידען און האפען אף דעם אויבערסטען.

די פאנאטיקער פון פאר פופציק יארען האבען געציטערט אז

## VI.

ווען מ׳ וועט אופהערען צו גלויבען אין די הייליקע תורה, וועט די וועלט אונטערגעהען. דער אויסזעהען פון דעם פאנאטיקער האט זיך געביטען: ער גאלט די באָרד און עסט אום יום כפור, אבער דער פאנאטיזם איז געבליבען. היינט ציטערט ער, אז ווען מ׳וועט אופהערען צו גלויבען אין זיין וואולגארען סאציאליזם, וועט דאס „שא־דען דער ארבייטער באוועגונג".

איך האלט מיט דעם רוסישען פובליציסט פיסאריעוו, וועלכער האט געזאגט, אז זיין ארבייט איז אראבצורייסען די פארפוילטע פאסטראַיקע, כדי צו מאכען פלאץ פאר אנדערע, וואס וועלען נאך עם קומען און בויען אפ׳ן ריינעם גרונט. דיזעלביקע ארבייט מוז איצט פארגענומען ווערען מיט דעם סאציאליזם. מען מוז זיך באַ־פרייען פון דער פראזע, ווי דער אלטער ליעבקנעכט האט זיך אויס־געדריקט: די פראזע פארצאמט אונדז די ליכט ווי א פארקאן.

האט גאר קיין מורא ניט: ווען דער ארבייטער וועט פארלירען דעם גלויבען אין א סאציאליסטישען גן עדן אף יענער וועלט, וועט ער זיך נעמען טראכטען, ווי אזוי אביסעל ערטרעגליכער צו מאכען דעם גהינום, אין וועלכען דער מענטש, וואס ארבייט, מאטערט זיך אף ד ע ר וועלט.

**יצחק אייזיק הורוויטש.**

ניו־יארק, 14טען אוגוסט 1916.

# אינהאלט:
## ערסטע אפטיילונג.

## צווייטע אַפּטיילונג:

### עקאָנאָמישע ענטוויקלונג:

---

קאפיטעל: זייטע:

ערסטער קאַפּיטעל:

# וואָס איז דער טייטש פון „סאָציאַליזם“?

דער וואָרט „סאָציאַליזם“ קומט פאָר צום ערסטען מאָל אין 1834 אין א ווערק פון פּיער־לערו, א שילער פון סען־סימאָן. אין יענעם ווערק ווערט דער וואָרט „סאָציאַליזם“ געברויכט צו באצייכענען דעם הפך פון „אינדיווידואַליזם“. דער קאַפּיטאַ־ליסטישער סיסטעם ווערט אויסגעלייגט פון זיינע ערסטע טעאָרעטי־קער אלס געגרינדעט אױף'ן פּרינציפּ: „יעדער פאַר זיך און גאָט פאַר אַלעמען“. אױף דעם זאָגען די ערסטע קריטיקער פון קאַפּיטאַליזם אז פערלאָזען זיך אױף גאָט טויג ניט; אנשטאָט גאָט, פאַרלאַנגען זיי די געזעלשאַפט זאָל זאָרגען פאַר אַלעמען. דער וואָרט „סאָ־ציאַליזם“ ווערט אלזאָ געברויכט, אום צו באצייכענען א פּרינציפּ, א ריכטונג אין דעם געזעלשאַפט־לעבען, — ניט אלס סיסטעם. די פאַרשידענע פּלענער, ווי אזוי צו פאַרווירקליכען דעם סאָציאַ־ליסטישען פּרינציפּ, זיינען ביז יענער צייט באַקאַנט געווען אונטער דעם נאָמען „קאָמוניזם“. דער וואָרט „סאָציאַליזם“ איז באַלד פּאָפּולער געוואָרען און איז אָנגענומען געוואָרען פון פאַרשידענע „רעפאָרמאַטאָרס“, וועלכע זיינען ניט איינפאַרשטאַנען געווען מיט די יעמאָלדיקע קאָמוניסטישע פּראָיעקטען. קאַרל מארקס און פרידריך ענגעלס באקענען זיך צום „קאָמוניזם“ און שרייבען דעם „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי“, אין וועלכען זיי קריטיקירען זעהר שאַרף די „סאָציאַליסטען“. דער נאָמען „סאָציאַ־ליזם“ ווערט אָנגענומען אלס אַלגעמיינע באצייכענונג פאַר אַלע סאָציאַליסטישע סיסטעמען נאָר נאָך דער רעוואָלוציע פון 1848.

היינט צו טאָג ווערט נאָך די באצייכנונג „קאָמוניסט“ גע־ברויכט פון איין פליגעל פון די אנארכיסטען, וועלכע אונטערשיי־דען זיך דאדורך פון די אנדערע, די „אינדיווידואַליסטישע אנאר־כיסטען“.

אין דער היינטיקער ליטעראַטור ווערען „סאָציאַליזם“ און „קאָמוניזם“ אָפט געברויכט אלס גלייכבאַדייטענדע באגריפע. דאָך אָבער איז פאַראַן צווישען זיי א דאָפּעלטער אונטערשיד. ערס־טענס, א היסטאָרישער: אונטער קאָמוניזם זיינען באַקאַנט אַלע

אוטאפיסטישע סיסטעמען ביז אן ערך דעם מיטען פון נייןצענטען יאָרהונדערט. צווייטענס באשטעהט נאָך א פּרינציפּיעלער אונטער־שיד, אף וועלכען קאוטסקי מאכט אופמערקזאם אין דעם ערסטען באנד פון דער „געשיכטע דעם סאָציאַליזמוס“, נעמליך: דער היינטיקער סאָציאַליזם באשעפטיקט זיך מיט פּראָדוקציאָן, ער וויל איבערבייטען די פּראָדוקציאָנס־פאַרהעלטניסען; דער קאָמו־ניזם באשיפטיקט זיך הויפּטזעכלאך מיט דעם פארברויך. דער קאָמוניזם וויל אַלזאָ איבערבייטען די גאנצע היינטיקע פירונג אין פריוואט־לעבען.

ווי זשע ווערט פארשטאַנען דער וואָרט „סאָציאַליזם“ אין אונדזער צייט?

מען זאָגט אז קארל מארקס האָט מחבר געווען דעם „חומש“ פון „סאָציאַליזם“. אז מען איז פארזאָרגט מיט א „חומש“, איז דאכט זיך שוין גוט? אויב עס איז ניט קלאָר אין חומש, אף דערוף איז פאראן די גמרא, און ווי עס איז דערגעהט מען שוין דעם דין.

מיט מארקסיזם איז אָבער א מאָדנע צרה: אַלע גמרות זיינען פּסול׳ע. דער בארימטער רוסישער שרייבער מיכאַילאָווסקי באַמערקט גאנץ ריכטיק, אז איר קענט אפילו צוויי מארקסיסטען ניט צונויפּברענגען, וואָס איינער זאָל צוגעבען אז דער אנדערער האָט פארשטאַנען מארקס׳ן. דער מארקסיזם ס׳ווייזט אויס, איז אַזאָ מין סאָרט קבלה, וואָס א פּראָסטער בשר ודם קען עס גאָר ניט פארשטעהן. ס׳ווערט אזש ביטער אופ׳ן הארצען, ווען מ׳ פאר־טראכט זיך אַמאָל, ווי אזוי דער סאָציאַליזם קען מקוים ווערען: אז גרויסע געלערנטע קענען דעם מאקסיזם ניט פארנעמען מיט זייער שכל, טו ווי אזוי קען מען עס דעם פּראָסטען ארבייטער אריינלעגען אין קאָפּ?

אויף דעם האָב איך אַמאָל געהערט א תירוץ, אז דער ארבייטער פארשטעהט דעם סאָציאַליזם אינסטינקטיוו, ווייל ער ארבייט אין א פאבריק — עס איז א סאָרט אינסטינקטיווער קלאסען־באַ־וואוסטזיין. וואָס איז אָבער דער מער מיט די ארביימער, וואָס שטימען פאר טאַמאַני האָל? פארשטעהען זיי דען דעם סאָציאַ־ליזם בעסער איידער די „אידעאָלאָגען“, דאָס הייסט, די אינטעלי־גענציע?

זיין, דער תירוץ איז קיין תירוץ ניט. לאָמיר אלזא לאָזען דעם חומש אַן א זייט, און נעמען זיך צו דעם, וואָס איז געשריבען פאַר פּראָסטע מענטשען. ערסטענס, וועלען מיר נעמען די פּלאַט־פאָרמע פון די היגע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

איך האָב אויסגעקליבען די פּאַרטיי־פּלאַטפאָרמעס דערפאַר, וואָס זיי זיינען „ס' פּרילאָזשעניעם קאָזיאָנאַי פּעטשאַטי", און מען קען צו מיר קיין טענת ניט האָבען.

די פּלאַטפאָרמע פון דער ס. ל. פּ.*) פון 1904 און 1908 זאָגט אז „די אמת'ע עקאָנאָמישע לערע איז אז די מיטלען פון פּראָדוקציאָן מוזען באַלאַנגען צום פאָלק און ווערען באַטריבען און באַלעבאַ־טעוועט פון פאָלק בשותפות". זי פערלאַנגט, אז די לאַנד און אַלע מיטלען פון פּראָדוקציאָן, טראַנספּאָרט און דיסטריבוציאָן זאָלען איבערגעגעבען ווערען צום פאָלק אַלס א קאָללעקטיווע קערפּער־שאַפט" און „יעדער ארבייטער זאָל קענען פריי אויסאיבען זיינע פעהיקייטען און זאָל קענען געניסען די גאַנצע הכנסה פון זיי", ווי אזוי דער ארבייטער וועט באַקומען די געלעגענהייט פריי אויסצו־איבען זיינע פעהיקייטען, שטעט ניט אין דער פּלאַטפאָרמע; פּראָסט די סאָציאַליסטען ווילט זיך עס זאָל זיין אזוי, און מען גלויבט, אז עס מוז אזוי ארויסקומען, אויב די מאַשינערי פון פּראָדוקציאָן וועט באַלאַנגען דעם גאַנצען פאָלק. דער עיקר פון סאָציאַליזם איז אלזאָ אין דערין אז „די מיטלען פון פּראָדוקציאָן מוזען באַלאַנגען צום פאָלק אַלס א קערפּערשאַפט".

וואָס הייסט פּראָדוקציאָנס און דיסטריבוציאָנס מיטלען? פּראָ־דוקציאָנס מיטלען איז לאַנד, קוילען־גרובען, פאַבריקען, מאַשינערי א. ז. וו.. דיסטריבוציאָנס מיטלען איז זעהר אַן אונבאַשטימטער באַגריף. ביי קאַרל מאַרקס'ן וועט איר דאָס ניט געפינען. אין דער בורזשואַזנער פּאָליטישער עקאָנאָמיע ווערט דער אויסדרוק אויך קאָם געברויכט. אונטער דיסטריבוציאָנס מיטלען קען מען ארייננרעכענען אייזענבאַנען, שיפען, טעלעגראַפען און טעלעפאָנען. הגם על פי מאַרקס ווערען זיי גערעכענט אין פּראָדוקציאָנס מיט־לען. ווייטער מוז מען אהער מסתמא ארייננרעכענען באַנקען, קראָ־

*) ס. ל. פּ. מיינט „סאָשאַליסט לעיבאָר פּאַרטי", די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי.

מען, בירזשעס א. ז. וו. אלזא דאס אלעס מוז באלאנגען צום פאלק. מיט דערמיט איז נאך אלץ ניט געזאגט, די קשיא איז: ווער און ווי אזוי וועט דאס אלעס פארוואלטען?

די פלאטפארמע פון דער ס. ל. פ. זאגט, אז אן דער שטעלע פון דעם איצטיקען צושטאנד פון פלאנלאזער פראדוקציאן. אינדוס־טריעלען קריג און סאציאלע אונארדנונג", וועט איינגעפירט ווערען די קאאפעראטיוו קאמאנוועלט" (קאאפעראטיווע רעפובליק). און וואס איז די „קאאפעראטיוו קאמענוועלט"?

דער אויסדרוק שטאמט פון לארענס גראנלאנד, וועלכער האט אונטער דעם טיטעל פארעפענטליכט א בוך אין 1884, דער אויס־דרוק איז אלגעמיין אנגענומען אין אמעריקע, צו יענער צייט, אז מען האט נאך מורא געהאט אויסצורייהדען דעם ווארט „סאציא־ליזם". אף'ן אמעריקאנער סאציאליסטישען לשון איז „קאאפעראטיוו קאמאנוועלט" אן אנדער ווארט פאר סאציאליזם.

וואס־זשע איז „דאס פאלק אלס קערפערשאפט"? דאס הייסט דער שטאט, אף ענגליש בעדייט דער ווארט „פיפל" איינפאך „דער שטאט".

אין דער פלאטפארמע פון 1912 געפינט איר די זעלבע אויס־דריקע, נאר עס ווערט געמאכט אן אונטערשיד צווישען דעם „פא־ליטישען שטאט" און דעם „אינדוסטריעלען שטאט". דער אינדוסט־ריעלער" שטאט איז דאס זעלבע וואס דער „סאציאליסטישער שטאט", אדער די „סאציאליסטישע רעפובליק". דער אינדוסטריע־לער שטאט וועט געבויט ווערען אף „דער פארטרעטונג פון אינ־דוסטריען", דאס הייסט פון „ניצליכע באשעפטיקונגען". דאס איז אבער ניט מער ווי אנאנדער פארמע פון שטאט. וואס איז א „ניצליכע" באשעפטיקונג, ווענגען דעם האט יעדע צייט איר איי־גענע מיינונג. עס איז געווען א צייט ווען סאלדאטשינע איז געווען פאררעכענט פאר זעהר א ניצליכע באשעפטיגונג. פאר א פרומען איד איז די באשעפטיגונג פון א רב זעהר ניצלאך. ווען מיר וועלען ניט מעסטען די ניצליכקייט פון א באשעפטיקונג מיט אונ־דזער היינטיקער מאס, נאר מיר וועלען באטראכטען די פארשידענע באשעפטיקונגען מיט א געשיכטליכען בליק, טו וועלען מיר געפינען אין דער וועלט געשיכטעביישפילען פון א שטאט, וואס איז געבויט אף דער איינטיילונג פון דער געזעלשאפט נאך אינדוסטריען. דער

סיסטעם פון „קאסטעז“ אין מצרים אדער אינדיע, די פארטרעטער־שאפט פון די פיר „שטענדע“ אין דעם אלטען פינישען סעים (פריצים, גלחים, שטאטישע לייט און פויערים) — דאס זיינען אלץ פארמען פון אן אינדוסטריעלער ארגאניזאציע פון דעם שטאט. אבער א „שטאט“ איז עס דאך, פונקט אזוי ווי דער „פאליטישער“ שטאט, וואס איז כלומר׳שט געבויט, „נאר אף טעריטאריאלער פאר־טרעטערשאפט“.

גערענקט־זשע, די גמרא פון דער ס. ל. פ. זאגט, אז סאציאליזם באשטעהט דארין, דאס די מאשינערי פון פראדוקציאן זאל באלאנ־גען צום שטאט און דער שטאט זאל איר אליין באטרייבען.

די ערסטע פלאטפארמע פון דער סאציאליסטישער פארטיי, וואס איז אנגענומען געווארען אין 1901, ענטהאלט א בליק אף די געגענווארט, א פרינציפען ערקלערונג, און די „אימידיעיט דע־מאנדז“, א „פראגראם מינימום“—דאס הייסט וואס מען פארלאנגט דערווייל, ביז וואנען משיח וועט קומען. די „אימידיעיט דעמאנדז“ האט אן אינטערעסאנטע געשיכטע. זיי זיינען אנגענומען געווארען אין דער נאציאנאלער פלאטפארמע פון דער ס. ל. פ. צום ערסטען מאל אין 1892, ווען מען האט ארויסגעשטעלט דעם ערסטען קאנ־דידאט פאר פרעזידענט פון די פאראייניקטע שטאטען. דא איז געווען איבערגערעכענט „פאבליק אונערשיפ“ (קהל׳שער אייגענ־טום) אף אייזענבאנען, מיוניסיפאל אונערשיפ“ (שטאטישער איי־גענטום) פון גאזווערק און דערגלייכען. צו יענער צייט איז דאס געווען כמעט אזא סטראשנע זאך דא הי, ווי היינט דער אנארכיזם.

אבער זינט יענער צייט, האט זיך די עפענטליכע מיינונג איבערגע־ביטען, און די אידעע פון „פאבליק אונערשיפ“ און „מיוניסיפאל אונערשיפ“ איז געווארען אזוי פאפולער, אז ניט נאר פארשידענע רעפארם פארטייען, אפילע די פאליטישענס פון די אלטע פארטייען שטעלען זיך איין פאר דיזע רעפארמעם. דורך דעם זיינען די סא־ציאליסטען געשטעלט געווארען אין א שלעכטע פאלאזשעניע : ווען זיי זאלען ווייטער אגיטירען פאר דעם, וואס זיי האבען פריהער אליין פארלאנגט, וועלען זיי מיט דערמיט העלפען די „רעפארמערס“ אדער די אלטע פארטייען. די פאליטישענס וועלען „גנב׳ענען זייער דונער“, דער וואוטער וועט ביי זיך טראכטען : אויב „מיו־ניסיפאל אונערשיפ“ פון גאז־ווערק איז גוט און די דעמאקראטען אדער די רעפאבליקאנער זאגען עס צו אונז סענען עס אויספירען, בעת

די סאָציאַליסטען ווילען עס, אָבער קענען ניט געוועהלט ווערען, טו איז דאָך גלייכער צו וואוטען פאַר קאַנדידאַטען פון די אַלטע פּאַר־טייען. צוליב דעם האָט איין פליגעל פון דער ס. ל. פּ. וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאַלטען פון דער פּאַרטיי, אויסגעמעקט אויף זייער קאָנ־ווענשאָן — אין ראָטשעסטער אין יאַנואר 1900, אַלע „אימידיעט דעמאַנדז,, די ס. ל. פּ. האָט דאָס זעלבע געטאָן שפּעטער אויף איר קאָנווענשאָן אין זומער 1900.

אַז עס איז געקומען צו דער ערסטער פאַראייניקונג פון דעם אָפּגעשפּאַלטענעם טייל פון דער ס. ל. פּ. מיט דער דעבסיסטישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט די פאַראייניגונגס קאָמיטע אָנגענומען די פּלאַטפאָרמע פון ראָטשעסטער און צוגעשטוקעוועט דערצו די „אימידיעט דעמאַנדז“ פון די „דעבסיסטען“. דאָס איז געבליבען אַזוי ביז דער 2טער פאַראייניקונגס קאָנווענשאָן אין אינ־דיאַנאַפּאָליס אין 1901. דאָרטען האָבען די „רעוואָלוציאָנערען“ גע־מאַכט אַ שטאַרקען קאַמפּף געגען די „אימידיעט דעמאַנדז“, אָבער זיי זיינען מיט דערמיט דורכגעפאַלען.

אַז מען לעגט אוועק די פאָדערונגען אַז אַ זייט, טו בלייבט נאָר די ערקלערונג אַז דער ציל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז „צו טראַנספאָרמירען (איבערצומאַכען) דעם היינטיקען סיסטעם פון פּריוואַט אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס און דיסטריבוציאָנס מיטלען אין קאָלעקטיווען אייגענטום פון דעם גאַנצען פאָלק“.

דער אויסדרוק „קאָלעקטיווער“ אייגענטום האָט אַ גאַנצע גע־שיכטע אַמאָל האָט ער געקלונגען אַביסעל אַנאַרכיסטיש. צו דער צייט פון דעם ערסטען אינטערנאַציאָנאַל, אַז עס האָט זיך געפירט דער קאַמפּף צווישען מאַרקס'ן און באַקונין'ען האָט מען די מאַרק־סיסטען באַצייכענט אַלס קאָמוניסטען, ווייל זיי האָבען פאַרלאַנגט אַז די פּראָדוקציאָנס מיטלען זאָלען באַלאַנגען צום „גאַנצען פאָלק“. די אַנאַרכיסטען פון דער אַנדער זייט האָבען זיך גערופען „קאָלעק־טיוויסטען“, ווייל זיי זיינען באַשטאַנען אויף דעם, אַז די פּראָדוק־ציאָנס מיטעל זאָלען זיין דער „קאָלעקטיווער אייגענטום“ פון פרייע אַססאָציאַציעס, ניט פון שטאַט. שפּעטער האָבען אין פראַנקרייך די געדיסטען אָנגענומען דעם נאָמען „קאָלעקטיוויסטען“ אַלס אַ בריי־טערע באַצייכנונג, וועלכע לאָזט אָפען די פראַגע איבער די איינ־צעלהייטען פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט, און באַנוגענט זיך

מיט אן אלגעמיינער ערקלערונג פאר דעם פרינציפ פון קהל׳שען אייגענטום. אין דערין מוז מען איינזעהען דעם איינפלוס פון דער פרודאהנישער ריכטונג, וועלכע איז נאך צו יענער צייט געווען היבש שטארק אונטער די פראנצויזישע ארבייטער.

אין דער לעצטער צייט איז דערווארט „קאלעקטיוויזם“ אנגענומען געווארען אין דער ענגלישער עקאנאמישער ליטעראטור, און דא אין אמעריקע האט ראזוועלט איהם געמאכט פאפולער אין דער אלגעמיינער פרעסע.

דער טייטש פון „קאללעקטיווער אייגענטום“ איז אלזא „קהל׳־שער אייגענטום“. קהל׳שער אייגענטום „פון דעם גאנצען פאלק“ הייסט אבער ניט אייגענטום פון פרייע אססאציאציעס, ווי די אנארכיסטען פערשטעהען עס, נאר אייגענטום פון דער ארגאניזירטער געזעלשפאט.

אין דער פלאטפארמע פון דעם יאר 1904 שטעהט אז „סאציאליזם מיינט, אז אלצדינג פון וואס דאס פאלק הענגט אפ צוזאמען זאל באלאנגען צו דעם פאלק צוזאמען און זאל באלעבאטעוועט ווערען פון דעם פאלק צוזאמען“. דער עיקר איז דערזעלביקער, ווי אין דער ערסטער פלאטפארמע, אבער עס איז אויסגעדריקט אין דער פאלקס־שפראך : אין דער אמת׳ן, וואס הייסט אז אלצדינג, אין וואס דאס פאלק אלס גאנצעס נויטיקט זיך, זאל באלאנגען צו דעם „פאלק“ צוזאמען און זאל באלעבאטעוועט ווערען פון דעם „פאלק“ צוזאמען ? ווי איך האב שוין געזאגט, איז דאס ניט מער ווי אנאנדערווארט פאר דעם באגריף פון „שטאט“.

לאמיר פארגלייכען די אמעריקאנער פלאטפארמע מיט דעם ערפורטער פראגראם פון דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי. לויט דעם פראגראם, באשטעהט דער סאציאליזם אין דעם „געזעלשאפטליכען אייגענטום“ אף די „פראדוקציאנס־מיטלען“ און אין א „פראדוקציאן וואס ווערט באטריבען דורך די געזעלשאפט און פאר די געזעלשאפט“.

ווען דער פראגראם איז פארגעלעגט געווארען פאר׳ן ערפורטער פארטיי־טאג, האט דער אלטער ליבקנעכט געזאגט, אז נאך זיין מיינונג איז דער אונטערשיד צווישען „געזעלשאפט“ און „שטאט“ — „איין ריינער ווארט שטרייט“.

די פלאַטפאָרמע, וואָס די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי האָט אָנגענומען אין 1912 ענטהאַלט אַ נייעם געדאַנק, — אַז „אַלע מיטלען פאַר די פּראָדוקציאָן און דיסטריבוציאָן פון קהל'שע נויטווענדיקייטען" זאָלען ניט נאָר „געהערען צו דער געזעלשאַפט", אָבער זיי זאָלען אויך „דעמאָקראַטיש באַלעבאָטעוועט ווערען".

אַז די פּאַרטיי פּאָדערט, איז דאָך ניט שייך. ווען מען באַ־טראַכט אָבער די זאַך אין אַ וויסענשאַפטליכען זין, שטעלט זיך די פראַגע: איז דער סאָציאַליזם דוקא דעמאָקראַטיש? איבער דעם האָט דער גרינדער פון דער ענגלישער אָרטאָדאָקסיש־מאַרקסיס־טישער סאָשאַל־דעמאָקראַטיק פעדערעישאָן הייגדמאַן געשריבען אַ זעהר בעמערקונגסווערטען אַרטיקעל: „דעמאָקראַטיע אָהן ער־ציהונג איז אַ רעאַקציאָנערע קראַפט"*. הייגדמאַן ערקלערט, אַז ער איז גאָר ניט נתפעל פון דעם פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע. אַ דעמאָקראַטיע וועלכע איז מעגלאָך היינט צו טאָג גיט דעם באַלאָט אין די הענט פון אַן אונוויסענדע מאַסע; אַזאַ מאַסע פאַרשטעהט ניט די פּרינציפּען פון אַן אמת'ער דעמאָקראַטיע און ס'איז איר גאָר אַ קנאַפּע דאגה, צי די רעגירונג איז ערלאָך, צי ניט. אונווי־סענדע וואוטערס זיינען ניט מער ווי אַ קאָרופּטער מאָב. פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר, זינט זיין באַקאַנט־שאַפט מיט די פאַראייניקטע שטאַטען, איז ער אי־מערצו געוואָרען גלייכגילטיק צו דעמאָקראַטישע פאָרמען.

דאָס איז אין קורצען דער עיקר. איצט וועל איך ציטירען איי־ניקע כאַראַקטעריסטישע פּסוקים.

„בלויזע דעמאָקראַטישע פאָרמען, אַלגעמיינעס שטימרעכט, איין מאַן, איין וואוט, די אָפּשאַפונג פון די הויס און לאָרדס, די שטיב־וואַלען, געהאַלט פאַר פּאַרלאַמענטס מיטגלידער, און דאָס איבעריקע וואָס מע מיינט אַלגעמיין אַז מע רעדט פון אַ פאָלקאָמענער דע־מאָקראַטיע, קען זעהר מעגלאָך פאַרהינדערן גיכער איידער העלפען דעם סאָציאַלען און זאָגאַר אין אַ געוויסען זין דעם פּאָליטישען פּראָג־רעס, אונטער די עקזיסטירענדע אומשטענדע".

ער דערציילט ווייטער, אַז ווען ער האָט עס אַמאָל אויס־

---

*) איבערגעדרוקט אין וויקטאָר בערגער'ס „סאָשיאַל דעמאָקראַ־קראַטיק העראַלד" פון דעם 30־טען מאַרט 1901.

געדריקט אין א רעדע, האט עם געענטפערט א „ראדיקאל“, אז דאס איז פונקט דאס זעלבע מיט וואס די קאנסערוואטארס פערענט־פערען די באשריינקונג פון שטימרעכט, (אדער למשל ביי אונדז אין אמעריקע די באשריינקונג פון די רעכטע פון די ניגערס). זיין געגנער האט עס נאך ווייטער אויפמערקזאם געמאכט אז די אלע פאדערונגען שטעהען אין דער פלאטפארמע פון דער סאשיאל דע־מאקראטיק פעדעריישען. אף דעם מאכט הייגדמאן אזוי:

איך האב ניט מער אכטונג פאר דעמאקראטי נאר אלס דעמאקראטיע, איידער פאר זעלבסטפארוואלטונג נאר אלס זעלבסט־פארוואלטונג, אדער פאר פרויען שטימרעכט נאר אלס פרויען שטימ־רעכט. דאס אלעס איז נאר א מיטעל צום צוועק; דער צוועק איז דער קערפערלאכער, גייסטיקער און מאראלישער וואלשטאנד פון דעם גאנצען פאלק. ווי באקונין זאגט אלצדינג, וואס פירט צו יענעם צושטאנד וואס רופט זיך סאציאליזם איז אסור אלצדינג יואס האלט אפ זיין קומען איז מותר“.

אויב, זאגט ער, מיט א פאר שורות ווייטער, דורך דעם וואס א מאסע אפגעלאזענע, אונגעבילדעטע וואוטערס וועלען קריגען דאס שטים־רעכט וועט זיך פארציהען די אויסבילדונג פון דעם גאנצען פאלק צו א פארשטענדיגים פון סאציאליזם, דאן זאגט ער, איז ער געגען אזא דעמאקראטיע.

„אויב אימיצער וואלט מיר געקענט אוספירליך באווייזען אז מיר קענען מאכען מער פארשריט אין דער ערציהונג פון פאלק צום סאציאליזם אונטער א פעהיקען צעזאר (קיסר) איידער אונטער א פאלקאמענער דעמאקראטיע, — דאן בין איך פארלויפיק א צעזאריסט, אונטער דער פארבעדינגונג אז עס זאל זיך געפינען א פעהיקער צעזאר“.

איך וואלט זיך ניט אפגעשטעלט אף א צייטונגס ארטיקעל, אז ער וואלט נאר אויסגעדריקט די פערזענליכע מיינונג פון הייגד־מאנען. אין דער אמת'ען אבער ווידערהאלט ער נאר דעם גרונד געדאנק פון דעם גאנצען אוטאפיסטישען סאציאליזם פון דער ערס־טער דריטעל פון דעם 19טען יארהונדערט. דער אוטאפיסטישער סאציאליזם איז געווען א רעאקציע געגען דעם פאליטישען ראדיקא־ליזם פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע. דער הויפט געדאנק

פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציע איז געווען, אז אין א דעמאָקראַטישער רעפּובליק, וואו עס הערשט פרייהייט און גלייכהייט, מוז אלעמען גערן גוט. געגען דעם האָבען ערקלערט די ערסטע סאָציאליסטישע אוטאָפּיסטען, אז פּאָליטישע רעאָרגאניזאציע אליין איז ניט מער ווי „א העכסט פערעכענטליכע שאַרלאַטאַנסטווע" (איך נעם דעם אויסדרוק פון דעם זעלביקען ארטיקעל) ; ערסט ווען דער פּאָלק וועט זיין עקאָנאָמיש פארזאָרגט וועט אן אמת'ע פרייהייט זיין מעגלאָך. כל זמן דער פּאָלק איז עקאָנאָמיש אונטערדיאָכט, קען ער ניט זיין פּאָליטיש פריי. אגיטירען פאר פּאָליטישע רעפאָרמען איז דעסהאלב פשוט נאריש.

דאָס האָט באהויפּטעט ראבערט אווען אין ענגלאנד און דערפאר האָט ער ניט סימפּאַטיזירט מיט דער טשאַרטיסטישער באוועגונג. ער האָט אפילע ערקלערט, אז נאָך זיין מיינונג נאָך איז א דעספּאָטישע רעגירונג גיכער אים שטאנד איינצופירען דעם סאָציאַליזם, איידער א דעמאָקראטישע. ער האָט זיך אימער געווענדעט צו דער אריסטאָקראטיע און דער קעניגליכער פאמיליע, זיי זאָלען עם העלפען איינפירען זיין אידעאלע געזעלשפאטס-אָרדנונג. דיזעלבע מעשה איז געווען מיט די אַנדערע אוטאָפּיסטען ווי צ. ב. סען-סימאָן און פוריע. איר זעט אלזאָ אַז וואָס הײנדמאן זאָגט מיט אַן אפשר, דאָס האָבען די ערסטע אוטאָפּיסטען אויסגעשפּראָכען ערנסט און פּאָזיטיוו.

פון דער אנדערער זייט איז די גלייכגילטיקייט צו פּאָליטישע איינריכטונגען פּאָרמולירט געוואָרען אין א סיסטעם פון פּרודאָנען, דעם פאָטער פון אַנאַרכיזם. באקונין האָט די אידעען פון פּרודאָן געמאכט פּאָפּולער ביי די ברייטע מאסען. „די עקסטרעמען קומען צוזאמען", ווי דער פראנצויז זאָגט : הײנדמאן און באקונין.

די פּאָליטישע אידעען פון די אוטאָפּיסטען און פון פּרודאָק'ען האָבען געהאַט אן איינפלוס אף קארל מארקס'עם אנשויאונגען אויך.

אין 1891 איז ערשינען אין דער „נייער צייט" (דעם דייטשען אָפיציעלען פּארטיי אָרגאן) א בריף וואָס קארל מארקס האָט געשריבען אין 1874 איבער, דעם פּראָיעקט פון דער פּלאטפּאָרמע, אף וועלכער די צוויי דייטשע סאָציאליסטישע פּארטייען האָבען זיך

באלד נאכדעם פאראייניקט ביי דעם צוזאמען פאר אין נאטא. ער לאכט אפ פון די דעמאקראטישע פאדערונגען פון דעם פראיעקט און ערקלערט זיך פאר „די רעוואלוציאנערער דיקטאטור פון פראלעטאריאט". וואס איז אבער „די דיקטאטור פון פראלעטאריאט" ? קע ןדער גאנצער פראלעטאריאט, מיליאנען מענטשען, זיין דיקטאטור, אן אונבאשרענקטער הערשער ? אין א מנין אפילו קען נאר איינער זיין א חזן, דער עולם קען נאר זאגען „אמן". אלזא די רעוואלוציאנערע דיקטאטור "פון פראלעטאריאט" קען אין ווירקליכען לעבען באדייטען נאר איין זאך : די דיקטאטור פון א נאציאנאל עקזעקוטיווע מיט א באס, אדער אהן א באס, — און וואס זיי וועלען טאן, אף דעם זאל „דער רעוואלוציאנערער פראלעטאריאט" — מסתמא ארגאניזירט אלס „פארטיי" — דורך א רעפערענדום זאגען : „באס". מיר האבען דעם פלאן געזעהען דא הי אין אמעריקע אין זיין פראקטישער ווירקונג, עס איז גאר ניט קיין חלום.

אף דעם איז דער תירוץ, אז דאס איז נאר „דערוויילע", א שטייגער ווי משה רבינו האט געהאלטען די אידען במדבר פערציק יאר, איידער זיי זיינען אריינגעלאזען געווארען לארץ כנען.

אין דער אמת'ען, ווי לאנג זאל די דיקטאטור דויערען ? פארשטעהט זיך, ביסקעל וואנען דער „רעוואלוציאנערער פראלעטאריאט" וועט איבערסטראיענען די גאנצע סאציאלע ארדענונג אף א סאציאליסטישען פלאן. נשקשה פון א פאדריאד.

מיר זעהען אלזא אז סאציאליזם און דעמאקראטיע זיינען צוויי פארשידענע זאכען. און אפילו ווען זיי זיינען ביידע פארמאלנע פאראייניקט אונטער דעם נאמען „סאציאל־דעמאקראטיע", ווי ס' איז געוועזען איזדער פלאטפארמע פון דער ענגלישער סאשאל־דעמאקראטיק פעדערעישאן, האט איר רבי די באטרעפענדע פונקטען געהאלטען פאר „אן אלטע נארישקייט", („אלד נאנסענס").

היינדמאן'ס ארגומענט וועגען די געפאר פון אונוויסענהייט און דעמאראליזאציע פאר א דעמאקראטיע איז זעהר אלט. דאס האט נאך געזאגט מאנטעסקיע אין זיין „גייסט פון געזעץ" כמעט צוויי הונדערט יאר צוריק. א רעפובליק, מיינט ער, איז מעגלאך נאר דאן ווען דער פאלק איז מאראליש ; פאר געוועגלאכע מענטשען איז מער פאסענד א קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע. מאנטעסקיע'ס געדאנק האט פאר א גאנצען יאר־הונדערט צייט געפונען א פראקטי־

שען אויסדרוק אין דער פּאָליטיק פון דער גרויס־בורזשואזיע. זינט דעם שטורץ פון נאַפּאָלעאָן דעם 3טען און זינט עס איז איינגעפירט געוואָרען דאָס אלגעמיינע שטים־רעכט אין דייטשלאַנד, הערט מען שוין די פילאָסאָפיע זעהר וועניג. די אמאָליקע אָפּנייגונג פון די סאָציאַליסטען געגען די פּאָליטיק, געגען פּאָליטישע רעפאָרמען איז אויך שוין לאַנג פארגעסען.

דער היינטיקער לעזער אין אונזערע דעמאָקראַטישע צייטען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, אַז עס איז אַמאָל מעגלאַך געווען צו פארבינדען דעם סאָציאַליזם מיט דעם „אופגעקלערטען אבסאָ־לוטיזם“.

מיר נעפעלט היינדמאַן פאר דעם וואָס ער זאָגט אָפען וואָס ער מיינט. אנדערע האָבען מורא פאר זיך אליין זיך מודה צו זיין, אז זיי זיינען געגען דעמאָקראַטיע און געגען פרייהייט.

ווען די היגע סאָציאַליסטישע פּלאַטפאָרמע פאָדערט, אז דער שטאַט, וואָס ווערט באַלעבאַטעווען איבער די פּראָדוק־ציאָנסמיטלען, זאָל זיך פירען „דעמאָקראַטיש“, איז דאָס גאָר ניט אזוי קלאָר, ווי עס ווייזט זיך אויס, ווייל דער באַגריף פון „דעמאָקראַטיע“ איז זעהר אונבעשטימט. ענגלאַנד ווערט באַטראַכט פאר א „דעמאָקראַטיע“, הגם זי האָט אפילו א געזעצלאַך פּריווילעגירטע אריסטראָקראַטיע, וואָס האָט נאָך זעהר א שטאַרקע דעה אין דעם פּארלאַמענט. די סטעיטס אין די סויט באַטראַכטען זיך אויך פאר „דעמאָקראַטיעס“, הגם די שווארצע־ראַסע האָט דאָר־טען קיין רעכט ניט.

דעריבער ווען די פּלאַטפאָרמע רעדט, צום ביישפּיל, וועגען „קאָ־לעקטיווען אייגענטום און דעמאָקראַטישע פארוואַלטונג פון אייז־ענבאַנען“ א. אַז. וו., בלייבט נאָך א פראַגע: וואָס הייסט א „דע־מאָקראַטישע“ פערוואַלטונג? ווען דער פּרעזידענט פון די פאר־אייניקטע שטאַטען שטעלען אָן עטלאַכע קאָמיסאַרען און זיי ארגאַ־ניזירען א גאַנצע מחנה פון בעאַמטע, איז עס א „דעמאָקראַטישע“ פערוואַלטונג. ווען אָבער דער רוסישער מיניסטער פון אייזענבאַנען שאַפט פּונקט אזא אָרגאַניזאַציע פון בעאַמטע, איז דאָס ניט דע־מאָקראַטיש? וואו איז אָבער דער אונטערשיד? איז דען פאָ־ראַן ערגעץ אַן אונטערשיד צווישען דער פערוואַלטונג פון דער רו־סישער פּאָטשט און פון דער אמעריקאַנישער? די זעלבע ביו־

ראַקראַטיע דאַ, ווי דאָרטען. דער אונטערשיד איז דאָ ניט קיין אינדוסטריעלער, נאָר א פּאָליטישער. עס האַנדעלט זיך נאָר אום דער פאָרמע פון דעם שטאַט.

וואו דער שטאַט איז א ביוראָקראַטישער, הייסט דאָס וועלען די אייזענבאַנען ווערען פערוואַלטעט „ביוראָקראַטיש", וואו דער שטאַט איז א דעמאָקראַטישער, וועט פונקט דער זעלבער סיסטעם זיין „דעמאָקראַטיש" ? עס איז גאַנץ קלאָר, אז מיר האָבען דאָ צו טאָן מיט צוויי גאַנץ באַזונדערע זאַכען : דער אינדוסטרי און דעם שטאַט. די באַוועגונג פאַר די דעמאָקראַטיזירונג פון דעם שטאַט האָט זיך אָנגעהויבען לאַנג פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און האָט זיך נאָך אפילע היינט ניט צוזאַמענגעגאָסען מיט איר.

דאָס נייע וואָס דער סאָציאַליזם האָט אריינגעבראַכט איז נאָר די פאָדערונג אז „די מיטלען פון פּראָדוקציאָן און דיסטריביוציאָן זאָלען באַלאַנגען צום כלל", דאָס הייסט צו דעם שטאַט.

די ערסטע פּלאַטפאָרמע פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי פּרובירט צו מאַכען אנאַנדער אונטערשיד צווישען קהל'שען איי־גענטום אף די מיטלען פון פּראָדוקציאָן און סאָציאַליזם, נעמליך, אין דעם פערטען פונקט וועלכער פערלאַנגט אַלס אן איבערגאַנגס־פאָדערונג „די איינפירונג פון א סיסטעם פון עפענטליכע אונטער־נעמונגען (פּאַבליק אינדוסטרי), כדי צו פאַרזיכערען פאַר די אר־בייטער דעם פולען פּראָדוקט פון זייער ארבייט".

לאָמיר די זאַך באַטראַכטען פון צוויי זייטען : וואָס דיינקט פון דעם קאַרל מאַרקס און וואָס דיינקט די קאַפּיטאַליסטישע פּאָ־ליטישע עקאָנאָמיע.

אין דעם בריף, וועלכען איך האָב פריהער דערמאָנט, קרי־טיקירט קאַרל מאַרקס זעהר שאַרף דעם זאַץ איבער „דאָס רעכט פון דער ארבייט אף דעם פולען ארבייטס־ערטראַג", און באַווייזט אז אונטער א סאָציאַליסטישער פערוואַלטונג קען דער ארבייטער בשום אופן דאָס ניט קריגען.

פון דעם גאַנצען פּראָדוקט פון דער ארבייט געהט אראָב ערס־טענס, איין חלק, וואָס ווערט ניט צוטיילט צווישען די ארבייטער : דאָס זיינען די מאַטעריאַלען פאַר די פּראָדוקציאָן פון נעקסטען יאָר.

נייע מאשינען, נייע אייזענבאנען, שיפען א. אז. וו. היינט צו טאג באלאנגט דאס אלעס צו די קאפיטאליסטען. אונטער א סאציאליס־טישער פארוואלטונג מוז דאס אלעס בלייבען אין קהל'שע הענט. ווייטער, א חלק מוז אריינגענומען ווערען פאר אזעלכע זאכען, וועל־כע ווערען שוין היינט באטראכט אלס קהל'שע : פארקס, בית עולם'ס, הקדשים, ביבליאטעקען, מוזעאומס א. אז. וו., וואס ווערען באנוצט פון דעם גאנצען עולם, און מען פרעגט ביי קיינעם קיין קשיות ניט, צי ער האט פארדינט זיין חלק דורך זיין אייגענע אר־בייט צי ניט. נאר דאס וואס בלייבט איבער, קען צוטיילט ווערען צווישען די ארבייטער. אלזא קען דער ארבייטער ניט באקומען דעם פולען פראדוקט פון זיין ארבייט. אזוי זאגט קארל מארקס.

א קאפיטאליסטישער געלערטער, פראפעסאר קלארק פון קאָ־לומביא יוניווערסיטי, באהויפטעט דאגעגען, אז היינט גופא, אונ־טער דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם, קריגט דער ארבייטער אקו־ראט דעם גאנצען פראדוקט פון זיין ארבייט — וואס עס בלייבט איבער פאר דעם קאפיטאליסט, אז דער פראדוקט פון קאפיטאל, און די רענט, וואס דער לענדלארד באקומט, איז דער פראדוקט פון זיין לאנד.

אלזא ווען די סאציאליסטישע פלאטפארמע מיינט „דעם אר־בייטער געבען דעם פולען פראדוקט פון זיין ארבייט", איז דאס פון דעם מארקסיסטישען שטאנדפונקט אן אונזין, פון דעם שטאנד־פונקט פון דער קאפיטאליסטישער פאליטישער עקאנאמיע באדיי־טעט עס נאר, אז מען זאגט צו דעם ארבייטער ארענטלאכע שכירות (פעיר וועידזשעס). וועך און ווי אזוי אבער וועט באלעבאטעווען איבער דעם קהל'שען געשעפט ? בלייבט פארט א קשיא.

די מעשה איז, אז וועגען דעם איז מען גאר ניט אייניק אונטער די סאציאליסטען. איינע מיינען אז אין א סאציאליסטישער געזעלשאפט וועלען אלע געשעפטען געפירט ווערען דירעקט דורך דעם שטאט, ווי היינט צו טאג די פאטשט. אנדערע מיינען, אז עס וועט איבערגעלאזען ווערען צו פרייוויליקע קאאפעראטיווע אסא־ציאציעס, אנדערע ווייטער זאגען, אז די פירונג פון יעדען געשעפט וועט איבערגעגעבען ווערען אין די הענט פון ארבייטער יוניאנס. דער רעוויזיאניזם מיינט, אז עס וועט ווארשיינליך אויסוואקסען א קאמ־בינאציע פון אלע דריי סיסטעמען.

מען וועט מיר אפשר זאָגען, אז דאָס איז היינט אין גאַנצען אַ פּוסטע פראַגע, אַ שטיקעל „צוקונפטס־מוזיק“, ווי דער דייטש זאָגט: נאָר אוטאָפּיסטען באַשעפטיקען זיך היינט־צו־טאָג מיט חלומות איבער די איינצעלהייטען פון דעם צוקונפטסשטאַט.

איר האָט אַ טעות. וואָס וועט זיין, אז משיח וועט קומען אינטערסירט מיך גראָדע ניט. עס האנדעלט זיך אבער דאָ וועגען דעם, וואָס מיר האָבען צו טאָן היינט־צו־טאָג. ווען מען גלויבט אז בשעת דער סאָציאַלער רעוואָלוציע וועט די זיגרייכע סאָציאַ־ליסטישע פּארטיי נאָר אַ געשריי טאָן: „שטאַטס־גראַם, מאַך מיר אַ לעטניק!“ און די סאָציאַליסטישע אָרדנונג וועט ארויסשפּרינ־גען בכישוף פיקס און פאַרטיק, — האָט מען איצטער ניט וואָס צו ברעכען זיך די קאָפּ וועגען אזעלכע פראַגען. די הויפּט זאַך איז אויפצובויען אַ מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וואָס זאָל אים שטאַנד זיין „איינצונעמען די ציטאַדעלען“ די רעוויזיאָניסטען אבער האָבען אָפּגעשפּאָט די „סאָציאַלע רעוואָלוציע“ אלס מיטעל אי־בערצומאַכען די וועלט איבער נאַכט. זיי גלויבען, אז די געזעלשאַפט וואַקסט און דער סאָציאַליזם מוז אויך אויסוואַקסען.

אויב סאָציאַליסטישע פאַרוואַלטונג מיינט פאַרוואַלטונג דורך קאָאָפּעראַטיווע אַסאָציאַציעס, טו מוז מען די אַסאָציאַציעס אויפ־בויען, דאָס מוז נעמען אַ געראַמע צייט. צו וואָס זאָל מען די ארבייט אָפּלייגען ביז משיח'ס צייטען?

אויב סאָציאַליסטישע פאַרוואַלטונג הייסט פאַרוואַלטונג דורך ארבייטער יוניאָנס, איז אפשר כדאי שוין היינט זיך נעמען צו אָר־גאַניזירען די יוניאָנס? דער אויפבויען פון יוניאָנס ווייזט אויס פון דיזען שטאַנדפּונקט אלס דירעקטע סאָציאַליסטישע אָרגאַני־זאַציאָנס־ארבייט.

אויב מען דיינקט אבער, אז דער אלמעכטיקער שטאַט וועט אלץ באַזאָרגען איז נאַטירליך די אָרגאַניזאַציע פון יוניאָנס און איבעריקע טרחה. אבער אפילו דאָן איז שוין היינט גופא פאַראַן וואָס צו טאָן.

וואָס פאַר אַ שטאַט? אַ שטאַט וועלכער ווערט רעגירט פון אַ פּאָליטישער מאַשין מיט פענראָוז אָדער מוירפי אָדער וויקטאָר בערגער אלס באָס? מיינט איר אז אפילו דאָ אין אמעריקע האָט

מען שוין הוירקליך אן אמת'ע דעמאקראטיע? און מיינט איר, אז מען מוז ווארטען ביז דער „סאציאלער רעוואלוציאן" מיט אזעלכע רעפארמעס ווי צום ביישפיל, די איניציאטיווע און רעפערענדום, פראפארציאנאל וואלען, „סיוויל סערוויס רעפארם", האם רול, א. אז וו.? איר זעט אלזא, אז עס האנדעלט זיך דא ניט פון דעם גע־פילמען לויתן מיט ראזינקעס.

ווייטער שטעלט זיך אנאנדער קשיא : וואו איז דער גרעניץ צווישען קאפיטאליזם און סאציאליזם ? ווען איר לעזט, וואס מען שרייבט אין דער סאציאליסטישער פרעסע בנוגע צו שטאטס־איי־זענבאנען, שטאטישע טעלעפאנען און דערגלייכען, טו קומט אויס ניט אנדערש, אז ביז די סאציאליסטישע פארטיי וועט ערגבערען די פאליטישע מאכט, וועט אלץ זיין קאפיטאליזם, און וויבאלד דער סאציאליסטישער פרעזידענט וועט אינסטאלירט ווערען אין דער ווייסער הויז, וועט זיך אנהויבען סאציאליזם. די נייע פלאט־פארמע פון דער סאציאליסטישער פארטיי וואס דארף נאך היינ־טיקען זומער (1916) אפגעשטימט ווערען דורך א רעפערענדום, מאכט גאנץ קלאר אז דער סאציאליזם מיינט גאר ניט מאכען אן ענד מיט א מאל מיט דער גאנצער פריוואט־אינדוסטרי.

„דער סאציאליזם פארלאנגט דעם פריוואט־אייגענטום און די אינדיווידועלע פערוואלטונג פון אלצדינג, געצייג, עקאנאמישע פראָ־צעסען און פונקציעס, וואס זייער כאראקטער איז אן אינדיווי־דואליסטישער, צו גלייך מיט דעם קאלעקטיווען אייגענטום און דעמאקראטישע פירונג און פערוואלטונג פון יענע וואס זייער כאראקטער איז א געזעלשאפטליכער אדער קאלעקטיוויסטישער".

לאמיר דאס אויסלענען פאר אייך אף פראסט מאמע־לשון. דער סאציאליזם פערלאנגט, אז אזעלכע ארבייטען און געשעפטען וואס דער יחיד איז בכח צו פירען אליין, זאלען בלייבען אין די הענט פון דעם יחיד, און אזעלכע אונטערנעמונגען וואס נויטיגען זיך אין דער ארבייט פון א סך מענשען צוזאמען זאלען זיך געפינען ברשות הרבים. דאס ווערט קלאר געמאכט מיט א משל :

„פריוואט־אייגענטום און פערוואלטונג פון הוילבאראום (מאטשקעס) שטעלט קיינעמ'ס פרייהייט אדער וואוילטאג ניט אין סכנה ; פריוואט־אייגענטום און פערוואלטונג פון איי־

זענבאנען, מיינס און פאבריקעם מאכט זייערע אייגענטימער פאר בעלי־בתים איבער די לעבענס פון זייערע מיטמענטשען".

בקצור, דער עצם פון סאציאליזם איז די פאדערונג מיט די אנגעוויזענע באגרענצונגען, אז די מאשינערי פון פראדוקציאן זאל געהערען צום „כלל" און אז דער באטריב פון דער אינדוסטרי זאל אויך ליגען אין דער רשות פון כלל". דאס איבריקע בלייבט אן אפענע פראגע.

אויב אזוי, טו איז קענטיק דער סאציאליזם שוין באשטאנען אף דער וועלט, איידער די היינטיקע סאציאליסטישע פארטייען זיינען געגרינדעט געווארען. ניט זיי האבען דעם סאציאליזם אויסגעטראכט. אפילו קארל מארקס האט שוין דעם סאציאליזם געפונען פארטיקערהייט. ער האט איהם נאר אנדערש פילאזאפיש בעגרינדעט. די פארצייטיקע „קאמוניסטען" און די אוטאפיסטישע סאציאליסטען פון דער ערסטער העלפט פון דעם נייענצעטען יאר הונדערט האבען אויסגעשפראכען א סך געדאנקען וואס מען זעט ערסט איצטער זייער ריכטיקע באדייטונג.

מיר מוזען זיך נעמען באקענען מיט זייערע אידעען, אויב מיר ווילען האבען א קלארען בעגריף, וואס עס טוט זיך היינט צו טאג אין דער וועלט בכלל און טאקע דא גופא אין אמעריקע.

## צווייטער קאפיטעל

# קאמוניזם אין דער פאר־קאפיטאליסטישער צייט.

### 1.

### פלאטאן.

פרודאן באמערקט אין איינעם פון זיינע ווערק, אז די קאמוניסטישע אידעע ציט זיך ווי א שנירעל דורך די גאנצע געשיכטע. די באמערקונג טרעפט צו ניט נאר אויף די קאמוניסטישע אידעע אליין, אבער אויך אופ'ן ווירקליכען לעבען : דער קאמוניזם איז ניט קיין חלום, דער קאמוניזם איז אזוי אלט ווי די וועלט. איך גלויב קאם אויב מען קען אנווייזען אזא צייט ווען דער קאמוניזם זאל געווען זיין אין גאנצען אויסגעגאנגען : א ברעקעל מער, אדער א ברעקעלע וויניקער, יעדענפאלס, עפעס א שטיקעל קאמוניזם האט מען אלע מאל געקענט ערגעץ אויסגראבען.

דער ערסטער ספר איבער קאמוניזם, וואס איז צו אונדז דערגאנגען, איז געשריבען געווארען פאר מער ווי צוויי טויזענט יאר צוריק פון דעם גריכישען פילאסאף פלאטאן.

פלאטאן איז געווען אן אריסטאקראט פון געבורט און איז אויפגעוואקסען אין אזא צייט, ווען די גאנצע געזעלשאפט איז געבויט געווען אויף שקלאפעריי. ארבייט איז אין די אויגען פון א פארצייטיקען גריך געווען דאס זעלבע וואס שקלאפעריי. אז מען דארף געהן צו דער ארבייט איז מען ניט פריי. דערפאר איז נאר יענער א פרייער מאן, וואס איז פריי פון ארבייט. שקלאפעריי ערנידעריקט א מענטשען, דעריבער איז ארבייטען א שאנדע.

זייענדיק א מענטש פון זיין צייט, האט פלאטאן גאנץ נאטירליך געקוקט אף דעם בעל מלאכה, ווי אף א נידעריקע באשעפענעס, אפילע אין זיין קאמוניסטישען שטאט.

איר וועט פרעגען : וואס זשע, פאר א מחותן איז ער מיט'ן סאציאליזם? פארשטעהט איר, אמר רב קאוטסקי אין דער „געשיכטע דעם סאציאליזמוס“, אז פלאטאן איז א „פארלויפער דעם נייערן סאציאליזמוס“. א „פארלויפער“ — דאס הייסט אן ערך ווי אברהם אבינו איז געווען א פארלויפער פון משה רבינו.

נאך פלאטאנס אנשויאונג נאך, איז דער כלל געגליכען צו א גוף: א גוף האט א קאפ צו דיינקען, הענט צו פארטיידיקען זיך און א מאגען צו פיטערען דעם גאנצען קערפער, אזוי מוז אויך זיין אין א געזעלשאפט, וועלכע איז גוט איינגעריכטעט: דער שכל רעגירט, — דער שכל זיינען די פילאסאפען (היינט זאגט מען די פירער, די לידערס); דער שטארקער ארעם, וואס פערטיידיקט דעם גוף זיינען די יונים; דער מאגען וואס האלט אויף דעם גאנצען גוף זיינען די בעלי מלאכות און די פויערים.

די צוויי הערשענדע קלאסען, די פילאסאפען און די קריגער לעבען אין קאמוניזם: זיי האבען קיין פריוואט אייגענטום ניט, אלעם באלאנגט צום שטאט. זיי האבען קיין אייגענע הייזער ניט, זיי לעבען צוזאמען אין א קאזארמע און עסען צוזאמען פון קעסעל. קיינער האט פאר זיך קיין ווייב ניט, די ווייבער זיינען קהל'שע, און די קינדער זיינען אויך קהל'שע. זיי ווערען אויפגעהאדעוועט אין א סארט בית יתומים. די פילאסאפען בריינגען צונויף אלע שידוכים אף דעם זעהבען אופן ווי אף א קאנסקי זאוואד: מען זארגט צו פארבעסערען דעם מין. נאר געזונטע קינדער ווערען אויפ־געהאדעוועט, קריינקלאכע און ממזרים ווערען דערשטיקט, כדי עס זאל נאר אויפוואקסען א געזונטער און שטארקער דור. וואס הייסט א ממזר אין אזא משפחה? פארשטעהט איר, מקוים זיין פרו ורבו איז א סארט סלוזשבע. פון 30 ביז 50 יאר מוז יעדער מאנצביל געהן „דינען". מיידלאך שטעלען זיך צום פריזיוו צו 20 יאר און „דינען" דעם שטאט ביז 40. פאר דער סלוזשבע טאר קיינער קיין קינדער ניט האבען. און אויב עס ווערט געבארען א קינד איז דאס א ממזר.

דער קאמוניזם אבער איז נאר פאר די הערשענדע צוויי קלאסען. די פויערים, די בעלי מלאכות, די סוחרים מעגען לעבען ווי זיי ווילען, מעגען האבען אייגענס און פאמיליע, זיי מוזען אויפ־האלטען די הערשער. פאר וואס איז דער אונטערשיד? ווייל דער קאמוניזם איז נויטווענדיק נאר אויפצוהאדעווען אן אידעאלען קלאס מענטשען, וואס האבען קיין פערזענלאכען אינטערעס ניט און קע־נען אוועקגעבען אלע זייערע געדאנקען, זייער גאנצען לעבען דעם שטאט.

פון וואנען זאלען זיך נעמען אבער פון אנהויב די הערשער? אף דעם איז פאראן אזא פלאן. דער פילאסאף מוז געווינען פאר'ן

קאָמוניזם אין אויפגעקלערטען דעספּאָט און זיי ביידע קליבען שוין אויס צוזאַמען די בעסטע בירגער און נאַזנאַטשען זיי פאַר פילאָסאָפען אָדער קריגער. ווייטער דאַרפען שוין די פילאָסאָפען אַכטונג געבען, אַז די הערשער זאָלען זיך מער־רען. אַז עס זאָל זיך טרעפען אַן עילוי אַ אינגעל אין אַ משפחה פון אַ פּויער אָדער אַ בעל מלאכה אָדער אַ סוחר, ווערט ער צוגענומען אין דעם הערשענדען קלאַס און אויפגעהאָדעוועט אויף קאַזיאָנע רעכענונג. איין זאַך איז קלאָר: קיין פרייהייט איז אין פּלאַטאָנס קאָמוניסטישען שטאַט ניטאָ, ניט אפילו פאַר די פילאָסאָפען, קיין גלייכהייט אויך ניט, קיין דעמאָקראַטיע אויך ניט.

עס פרעגט זיך ווי אַזוי איז ער געפאַלען אויף אַזאַ פּלאַן? די מעשה איז, אַז פּלאַטאָן האָט זיין שטאַט ניט אויסגעשפּונען פון קאָפּ: עס איז ניט מער ווי אַן אויסגעמאָלטער בילד פון דער שטאַט ספּאַר־טאַ. ווי אַ בילד זעט עס אויס שענער איידער ספּאַרטאַ האָט אויס־געזעהען אין דער אמת'ן. דער ספּאַרטאַנישער קאָמוניזם איז אויך געווען אַ קאָמוניזם נאָר פאַר די הערשער. עס האָט דאָרט עקזיס־טירט שקלאַפעריי. איבער דעם אורשפּרונג פון דעם ספּאַרטאַנישען שטאַט מיט זיינע איינריכטונגען איז ווייניק ריכטיקעס באַקאַנט. עס איז אָבער איצט אָנגענומען אין דער וויסענשאַפט, אַז די פאַר־צייטיקע האַלב־ווילדע מענטשען האָבען געלעבט אין שטעמער. אי־נערהאַלב יעדען שטאַם איז געווען אַ פּאַלשטענדיקער קאָמוניזם. עס איז געווען ווי איין פאַמיליע. עס איז אויך באַקאַנט, אַז די ספּאַרטאַנער זיינען געקומען קיין ספּאַרטאַ פון אַן אַנדער לאַנד און האָבען אונטעריאָכט דורך קריג די איינוואָהנער. דער קאָמוניזם האָט אַלזאָ איבערגעלעבט די צייטען, ווען די „קאָמוניסטען" האָבען נאָך געמוזט אַרבייטען, אום צו מאַכען אַ לעבען. אַז זיי האָבען גע־קראָגען פּאַדאַנעס און שקלאַפען, האָבען זיי אויפגעהערט צו אַר־בייטען און פון זייער קאָמוניזם איז געבליבען נאָר דער קאָמוניסטי־שער פאַרברויך פון דעם וואָס די אַרבייטענדע קלאַסען האָבען פאַר זיי באַשאַפען.

איך זעט אַלזאָ, אַז די קאָמוניסטישע אידעע איז געבאָרען גע־וואָרען איינגעוויקעלט אין אַ הייבעלע פון דעספּאָטיזם און קלאַ־סען־הערשאַפט. על כן, ווען איך זאָגט מיר צו אין אייערע פּלאַט־פאָרמעס, אַז דורך די אָפּשאַפונג פון פּריוואַט־איינענטום אויף פּראָ־

דוקציאָנס־מיטלען וועט אויפהערען די קלאַסען־הערשאַפט און עס וועט אויפגעבויט ווערען אַ פרייע געזעלשאַפט, טו מעגט איר זיך בייזערען וויפיל איר ווילט און איך בין אייך פאַרט ניט מחויב צו גלויבען אויף אייערע נאַמנות. איי וועט איר מיר זאָגען, מאַלע וואָס עס האָט זיך פּלאַטאָנען גע'חלום'ט! אפילו צוגעבענדיק שוין, אז מיר זיינען מיט איהם אַ שטיקעל פערד־פוס־פאַדקאָוועס־איינ־קעל, איז ער דאָך געווען אַן אוטאָפּיסט און מיר זיינען „וויסענ־שאַפטליכע". היילט זיך ניט: ביז וואַנען אייער משיח וועט אמאָל נאָך קומען, פּלאַטאָנ'ס קאָמוניסטישער אידעאַל איז שוין דער־ווייל'ע מקוים געוואָרען אין דער געשיכטע, דורך דאָס קריסטענ־טום.

2.

ד ע ר  ק ל ו י ס ט ע ר ־ ק אָ מ ו נ י ז ם.

איך וויל דאָ ניט אריינגעהן אין אַן אונטערזוכונג, אויב פּלאַ־טאָנס אידעען האָבען געהאַט אַ דירעקטען איינפלוס אויף די ערס־טע קריסטליכע קהילות. דער אָנפאַנג פון קריסטענטום איז אי־בערהויפט ניט גאַנץ קלאָר. מי וויס, אַז אַן ערך ארום יענע צייט זיי־נען באַשטאַנען אין ארץ ישראל קאָמוניסטישע סעקטען און האָבען מיטגעהאָלפען אויפצובויען דאָס קריסטענטום. שפּעטער זיינען צום קריסטענטום צוגעשטאַנען פילע געבילדעטע גריכען און רוי־מער. העכסט וואַרשיינליך זיינען צווישען זיי געווען אזעלכע, וואָס זיינען באַקאַנט געווען מיט פּלאַטאָנס פילאָסאָפיע. דאָס איז אָבער אַ נעבענזאַך. אונטער די ערסטע קריסטען זיינען געווען פילע פּרושים, וואָס זיינען מיט לייב און זעעל איבערגעגעבען געווען צו דער תורה. זיי האָבען געוואָהנט אין שול, און כדי זיי זאָלען זיך קענען אין גאַנצען אָפּגעבען מיט דער עבודה, האָבען זיי קיין אי־נענס ניט געהאַט און געלעבט אַלע צוזאַמען פון נדבות. אַזוי זיינען ענטשטאַנען די ערסטע מאָנאַסטירען.

ווען די קריסטליכע אמונה האָט זיך אַזוי פאַרברייטעט אין די מאַסען ביז זי איז אָנערקענט געוואָרען פאַר אַ שטאַאַטס־רעליגיע, איז די צאָל פון פּרושים געוואָרען פאַרהעלטניסמעסיק קלענער, און די נדבות האָבען אָנגעהויבען צו ווערען גרעסער. רייכע קריסטען האָבען געשיינקט אָדער פאַרשריבען אין זייערע צוואות גרויסע מאָ־יאָנטקעס אויף די קלויסטער. ביסלאַכווייז זיינען די מאָנאַסטירען

געוואָרען די גרעסטע לאַנד־אייגענטימער אין דער וועלט. אויף מאָנאַסטירסקע ערד זיינען אויפגעבויט געוואָרען גאַנצע דערפער און שטעט, וועלכע האָבען געצאָלט צינזען אָדער געאַרבייט פּאַנשטשינע אויפ'ן מאָנאַסטיר. צו יענע צייטען איז דער פּריץ אנערקענט געווען אויף זיין לאַנד אַזוי ווי אַ קיסר. ער האָט רעגירט. ער האָט אַרויסגעגעבען געזעצע, ער האָט גע'משפּט, קורץ געזאָגט, דער פּריץ איז געווען דער שטאַט. וואו די לאַנד האָט באַלאַנגט צום מאָנאַסטיר, איז דער מאָנאַסטיר געווען דער שטאַט.

די מאָנאַכען אַליין האָבען געלעבט אונטער זיך אין קאָמוניזם ווי פּאַרצייטען, אַזוי ווי דער קריסטלאַכער אידעאַל האָט זיי געהייסען. פאַר די פּויערים אָבער, די בעלי מלאכות און די סוחרים, וואָס האָבען געוואָהנט אויף מאָנאַסטירסקען גרונט, איז דער קריסטלאַך־קאָמוניסטישער אידעאַל באַטראַכט געווען צו הויך. די פּרושים האָבען געלערענט תורה, געדאַווענט און געקליבען מצוות פאַר'ן גאַנצען עולם, און דער עולם האָט געצאָלט פּדיון, אום אויפצוהאַלטען דעם בית המקדש. אויב די מאָנאַכען האָבען דערביי געלעבט אַ גוטען טאָג, איז דאָס געווען, ווי די חסידים זאָגען „צוליב דעם רבי'נס וועגען". טעאָרעטיש איז דאָס ניט באַטראַכט געווען אַלס אויסבייטונג לטובת פון די מאָנאַכען פּערזענליך, ווי ביי די איבעריקע פּריצים.

די פאַמיליען־פראַגע האָט דער קריסטלאַכער קאָמוניזם געלייזט כמעט אַזוי ווי פּלאַטאָן. די קאַטאָלישע קירכע האָט אויך באַטראַכט די פאַמיליע אַלס אַ מניעה צו אַן אידעאַלען לעבען. אַן אידעאַלער דינער פון דער קירכע, דאָס הייסט פון דעם גאָטעס־שטאַט, טאָר ניט האָבען קיין ווייב און קינדער, ווייל אַ פאַמיליע צווינגט דעם מאַן צו זאָרגען מער פאַר זיין אייגענעם געשעפט איידער פאַר זיין אידעאַל. די קאַטאָלישע קירכע האָט אין גאַנצען פאַרבאָטען אירע גלחים חתונה צו האָבען. דאָס איז געווען אין טעאָריע. אין דער פּראַקטיקע אָבער האָבען זיי געהאַט אומגאַנג מיט קהל'שע ווייבער און האָבען געהאַט קהל'שע קינדער.

אין דעם אינערען לעבען פון יעדען מאָנאַסטיר האָט עקזיסטירט נאָך אַ שטאַרקערע דיסציפּלין איידער אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָדער, דאָ אַמאָל, אין דער ס. ל. פּ. פונקט אַזוי ווי די גענאָסען באַטראַכטען די דיסציפּלין אַלס אַ הייליקע פּאַרטיי פליכט האָבען די „ברידער" אין קלויסטער אויך גע־

האַלטען די דיסציפּלין פאַר די גרעסטע מצוה.

די געשיכטע פון דעם קלויסטער־קאָמוניזם איז אינטערע־סאַנט דערפאַר, ווייל מיר האָבען דאָ צו טאָן ניט מיט דעם אינס־טינקטיווען קאָמוניזם פון אַ פאַרצייטיקען רויבער־שטאַם, ווי אין ספּאַרטאַ, נאָר מיט דער ענטוויקלונג פון קאָמוניסטישע קהילות, וואָס זיינען ביי זיך באַוואוסט געווען פאַר זייער קאָמוניסטישען אידעאַל, אויף וועלכען זיי זיינען אויפגעבויט געוואָרען. אין די ערסטע צייטען פון קריסטענטום זיינען די „ברידער" אין די מאָ־נאַסטירען געווען אַזוי טריי צוגעטאָן צו זייער אידעאַל, ווי די גע־נאָסען אין דער ס. ל. פּ. אין אירע יונגע יאָרען. די צרה, פאַר־שטעהט איר מיך, איז די, אַז די וועלט געשיכטע ענטוויקעלט זיך ניט אַקוראַט ווי מיר מאָלען אויס די צוקונפט אין אונדזער אי־דעאַל. אונדז שטעלט זיך פאָר, אַז משיח וועט אריינפאָרען רייטענ־דיק אויף אַ ווייסען פערד, מיט וואָיענע מוזיקע, און צום סוף קען זיך גאָר אויסלאָזען, ער זאָל קומען צופוס, אָן פאַראַדע, אַנגעטאָן פאַר אַ פּאָליסמאַן מיט אַ קלאָב*) אין האַנט.

## 3.

## מאַר׳ס, „אוטאָפּיא" און קאַמפּאַנעלאַ׳ס „שטאַט פון דער זון".

דער קלויסטער־קאָמוניזם האָט באַקומען אַ קרעפטיקען קלאַפּ אין דעם 16טען יאָרהונדערט, צו דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע. די פּראָטעסטאַנטען, לוטעראַנער, קאַלוואַניסטען און א. ז. וו. האָ־בען זיך איינשטימיק ערקלערט געגען מאָנאַסטירען און זיי אין גאַנצען אָפּגעשאַפט אין זייער רעפאָרמירטער אמונה. צו יענער צייט איז דייטשלאַנד געווען צוברעקעלט אין אַ סך פּיטשינקע מלוכות, און די פּיטשינקע קעניגלאַך זיינען געווען אויף גרויסע צרות: יעדען איינעם האָט זיך געוואָלט פירען זיך אויף אַ גרויסען אופן און עס האָט ניט געסטאַיעט. פון דער אנדער זייט, אַ חוץ רוס־לאַנד, וואָס איז דאַמאָלס נאָך געווען אַ קליינע מדינה, איז גאַנץ איירָאָפּאַ געווען קאַטאָליש. די עטלאַכע אָרדענס פון מאָנאַכען זיי־נען פאַרשפּרייט געווען איבער גאַנץ איירָאָפּאַ. זייערע לענדער זיינען

---

*) אַ דובינקע.

געווען פיעל גרעסער איידער א געוועהנלאכע מלוכה און זיי זיינען אלע געווען פאראייניקט אונטער דעם שוץ פון דעם פאפסט, וועלכער איז געווען א קיסר איבער אלע קעניגע. נאטירליך זיינען די קלויסטער געווען אן אונגעהייערע מאכט, און די ארעמע קעניגלאך האבען זיי גריילאך מקנא געווען. די נייע אמונה איז געווען פאר די קעניגלאך ווי צוגעשיקט פון גאט: זי האט זיי געגעבען א געלעגענהייט צו פארכאפען די מאנאסטירסקע לענדער פאר'ן שטאט.

מיט דער אפשוואכונג פון דער מאכט פון דער קאטאלישער קירכע האט דער קאמוניזם פארלארען זיין עקאנאמישע בעדייטונג. אין נייינצענטען יארהונדערט ווערט דער קאמוניזם א געזעלשאפטליכע בעוועגונג און געווינט א נייעם עקאנאמישען פונדאמענט. פון דעם וועלען מיר רעדען אין די וייטערע קאפיטלען.

אין דער צוואווישענצייט האבען זיך געגריינדעט א צאל פראטעסטאנטישע קאמוניסטישע סעקטען, און א קאטאלישער קאמוניסטישער שטאט אין פאראגואיי, דיזע עקספערימענטען האבען אויך געפונען אן אפקלאנג אין דער ליטעראטור.

אין 1516, איין יאר איידער לוטער איז ארויסגעטראטען געגען דעם קאטאליציזם, איז ערשינען טהאמאס מאר'ס בוך: „אוטאפיא“. דער נאמען איז צונויפגעשטעלט פון צוויי גריכישע ווערטער און באדייט: „ערגעץ ניט“. עס איז א טאלאנטפאלע שילדערונג פון אן אידעאלען קאמוניסטישען שטאט.

זינט טהאמאס מאר'ס „אוטאפיע“ זיינען ערשינען פילע אנדערע שילדערונגען פון קאמוניסטישע שטאטען, וועלכע ווערען אלע באצייכענט אין דער געשיכטע מיט דעם נאמען „אוטאפיע“. איך וועל נאר דערמאנען קאמפאנעלא'ס „שטאט פון דער זון“, וועלכער איז ערשינען מיט הונדערט יאר שפעטער.

וועהרענד די „אוטאפיא“ איז א דעמאקראטישער שטאט מיט א קעניג וואס ווערט אויסגעקליבען אויפ'ן גאנצען לעבען, איז דער „שטאט פון דער זון“ רעגירט אן ערך אופ'ן שטייגער ווי די אידען אונטער די שופטים (מע רופט עס „טעאקראטיע“). עס איז פאראן אין דעם זאנענשטאט א כהן גדול, וועלכער האט אונטער זיך דריי מיניסטארען: א קריגס-מיניסטער, אן ערציהונגס-מיניסטער און אן ארט גענעראל-שדכן. דער שדכן פארט צונויף אלע שדוכים אויף

דעם זעלביקען פלאן ווי א בעל־הבית פון א שטאל פון פערד: חתן־כלה האבען דא גאר נישט צו זאגען. אויב עס טרעפט זיך אבער א פאר זיינען שטארק פארליבט אין אן אנדער און נאכ'ן ראספיסא־ניע קומט ניט אוים זיי זאלען חתונה האבען, מחמת זיי קענען ניט ברייגנען אין דער וועלט אזעלכע קינדער ווי עס פאלאגאיעט זיך, דאמאלס פאזוואליאיעט מען זיי זיך צו שפילען מיט איין אנדער, אבער קיין קינדער טארען זיי ניט האבען.

אז אוטאפיע באדייטעט היינט־צו־טאג עפעס וואס איז ניט גע־שטויגען און ניט געפלויגען. אין דעם זינן אבער איז ניט טהאמאס מאר'ס „אוטאפיע", און ניט קאמפענעללא'ס „שטאט פון דער זון", גאר קיין אוטאפיע ניט. טהאמאס מאר, וועלכער איז אמאל געוועזען אן ענגלישער מיניסטער, איז געשטארבען אויפ'ן עשאפאט אלס קא־טאלישער מארטירער, ווען דער קעניג האט ערקלערט די ענגלישע קירכע אונאפהענגיק פון פאפסט. קאמפאנעללא איז געוועזען א קאטא־לישער מאנאך.ביידע זיינען הויך געשעצט געוועזען פון דער קאטא־לישער קירכע. טהאמאס מאר'ס בוך האט געהאט א גרויסען ער־פאלג פאר זיין צייט און נאך זיין טויט. אין 1537 האט לאיאלא געגרינדעט דעם יעזואיטען־ארדען צו באקעמפפען דעם פראטעס־טאנטיזם. דער ארדען איז באלד געווארען א מאכט אין דער קא־טאלישער וועלט. אין 1608 האבען די יעזואיטען געגרינדעט א קא־מוניסטישען שטאט אין פאראגוואיי אויף די זעלבע פרינציפען, וואס קאמפאנעללא האט מיט א יאר צען שפעטער פאפוליאריזירט אין זיין „שטאט פון דער זון". איר זעט אלזא, אז די קאמוניסטישע אידעען זיינען געווען אין דער לופט.

## 4.

## דער יעזואיטישער שטאט אין פאראנ־וואיי.

אין דעם יעזואיטישען שטאט פון פאראגוואיי האט איר א ביישפיל פון א קאמוניסטישער „טעריטאריע" מיט 200,000 איינ־וואהנער, וואס איז קינסטליך אויפגעבויט געווארען אין א צייט, ווען עס איז נאך קיין קאפיטאליזם ניט געווען, און האט עקזיסטירט 150 יאר נאכאנאנד; און צום ענד איז זי ניט צופאלען געווארען פון זיך

אליין, ווי עס האט פאסירט געוועהנטלאך מיט אנדערע קאמוניס־טישע קאלאניעס, נאר זי איז צושטערט געווארען פון א פיינדלי־כער ארמעע.

די געשיכטע פון פאראגוואיי איז העכסט אינטערעסאנט. די יעזואיטען זיינען געגאנגען אין אמעריקע אלס מיסיאנערען צו פאר־ברייטען די קריסטלאכע רעליגיע אונטער די ווילדע אינדיאנער. אין פאראגוואיי האבען זיי אריינגעקראגען אין זייערע הענט א גאנצע לאנד, גרעסער פאר ענגלאנד. זיי האבען אפגע'שמד'ט א האלב־ווילדען פאלק, די גואראנים, און האבען אף יענער לאנד געגרינדעט זייערע קאמונעס. ווי אלע ווילדע, האבען די גואראנים קיין גרויסען חשק ניט געהאט צו ארבייטען. דורך מאראלישען דרוק האבען די יעזואיטען זיי געצוואונגען צו נעמען זיך צו דער ארבייט. די יעזו־איטען האבען זיי אויסגעלערנט אקערבוי און פארשידענע האנט־ווערק. אלץ וואס די גואראנים האבען געמאכט, איז געליפערט גע־ווארען אין קהל'שע ווארען־הייזער. אלע האבען געוואהנט צוזאמען אין גרויסע הייזער, און יעדער האט באקומען אלץ וואס ער האט באַ־דארפט צום לעבען. אלץ איז פארגעגאנגען אונטער דער אויפזיכט פון די יעזואיטען, זיי זיינען געווען די רעגירונג. אין יעדען דארף איז געזעסען א יעזואיט, וואס האט זיך מיט אלעם ראספאראזשא־יעט. ער האט געהאט אונטער זיך א קאציק, וועלכער איז אויסגע־קליבען געווארען פון די איינוואהנער פון דארף. די וואהל איז אבער געווען אזוי פריי, ווי די וואהל פון בעאמטע אין דער וועסטערן פע־דערעישאן און מיינערס אונטער דער הערשאפט פון דעם סאציאליס־טישען פרעזידענט מאיער, אדער אין דער ס. ל. פ. אין די גוטע אל־טע צייטען. יעדער יעזואיט איז געווען א שטאט־שדכן, ווי אין קאמפאנעללא'ס „שטאט פון דער זון“: צו זעכצען יאר האט יעדער בחור געמוזט חתונה האבען, יעדע מיידעל צו 15 יאר. צי חתן־כלה זיינען איינער דעם אנדערען געפעלען געווען, האט מען ניט געפרעגט. די יעזואיטען האבען די גואראנים געלערנט לעזען, שריי־בען און רעכענען. שפאניש לערנען האט מען ניט געטארט, כדי די גואראנים זאלען ניט באקאנט ווערען מיט דעם איבעריקען טייל פון דער וועלט. די קאלאניעס זיינען בכיון געגרינדעט געווארען טיף אין דעם אינערען טייל פון לאנד, ווייל ביים ים וואלט מען דעם פאלק ניט געקענט איינהאלטען פון אומגאנג מיט אנדערע מענ־שען. קיין אויסלענדער האט מען ניט אריינגעלאזען. די גואראנים

האבען מורא געהאט פאר די יעזואיטען און האבען זיי געפאלגט. ווייטער, פארשטעהט א ווילדער פאלק ווייניק פון אבסטראקטע פרייהייט, ווי געדאנקען־פרייהייט, רעדע־פרייהייט א. ז. וו. אפילו מער ציוויליזירטע מענטשען, ווי מיר ווייסען, זיינען אין דערין ניט גאנץ קלאר! די פרייהייט וואס א ווילדער פארשטעהט איז פרייהייט ניט צו ארבייטען און פרייע ליבע. דיעזע פרייהייטען האבען די יעזואיטען ביי זיי אוועקגענומען. וואס אנבאטרעפט ליבע, האבען די גואראנים בשתיקה די יעזואיטען גענארט. זיי פלעגען אפט אנט־לויפען מיט פרעמדע ווייבער, אדער מיט פרעמדע מענער און פלעגען זיך יאוועט אין אן אנדער קאמונע, וואו מען פלעגט זיי מוזען צונע־מען. פון ארבייט האבען זיי נאטירליך ניט געקענט אנטלויפען, ווען זיי האבען געוואלט עסען זאט. און זאט זיינען זיי געווען. אזוי איז דער יעזואיטישער שטאט באשטאנען ביז 1752, ווען נאך א קריג צווישען שפאניען און פארטוגאל, איז פאראגוואיי אפגעטראטען גע־ווארען צו פארטוגאל. די יעזואיטען האבען געוואלט בלייבען אונ־אפהענגיק און האבען ארגאניזירט אן אויפשטאנד. זיי זיינען אבער אונטערדריקט געווארען. מען האט זיי פארטריבען פון פאראגוואיי. אן זיי זיינען זייערע קאמונעס באלד צופאלען, אלעם איז געגאנ־גען קאפויר און די גואראנים זיינען ווייטער האלב־ווילדע געווארען.

דער שטורץ פון דעם יעזואיטישען שטאט איז געווען ניט מער ווי א צופאל, אזוי ווי זיין גרינדונג איז געווען דער רעזולטאט פון צופעליקע אומשטענדע*). דאך אבער קען מען פון עם פיל לערנען. ערסטענס באווייזט ער, אז דער קאמוניזם איז גאנץ גוט פאראייג־באר מיט דעם קריסטענטום, אפילו מיט דעם קאטאליציזם: ביז וואנען מיר וועלען נאך האבען א פריינעזאנענע סאציאליסטישע „גע־זעלשאפט" (שטאט טאר מען דאך ניט זאגען), האבען שוין די יע־זואיטען געהאט א סאציאליסטישע „געזעלשאפט". ווייטער באווייזט דער יעזואיטישער שטאט, אז דער קאמוניזם קען גאנץ גוט אויס־קומען אן פרייהייט, מיט א רעגירונג פון גלחים, ווי רוים בעפאר 1870.

---

*) אין דער געשיכטע, מיינע העררן, טרעפען זיך פילע זאכען, וואס זיינען ניט מער ווי א צופאל.

מיר הערען אויף יעדען שריט און טריט, אז די אורזאכע פון דער קלאסען־הערשאפט איז דער פריוואט־אייגענטום אויף די פראָדוקציאָנס־מיטלען, די אויסבייטונג און די לוין־שקלאפעריי. אז עס וועט אפגעשאפט ווערען דער פריוואט־אייגענטום אויף פראָדוקציאָנס מיטלען און די לוין־שקלאפעריי, מוז פארשווינדען פון זיך אליין יעדע קלאסען־הערשאפט און יעדע אונטערדריקונג און עס מוז קומען א צייט פון פרייהייט און גלייכהייט.

אין פאראגוואיי איז דער פריוואט־אייגענטום אפגעשאפט געווען. די יעזואיטען האבען ניט אויסגעבייטעט די גואראנים. קיינער באשולדיקט זיי אין דאריין ניט. זיי האבען טאקע ערנסט געזארגט פאר דעם וואוילטאָק פון די גואראנים. קיין לוין־שקלאפעריי איז דאָרטען ניט געווען, און פאָרט איז דאָרט באשטאנען א הערשענדער קלאס — די יעזואיטען גופא, עס איז זעהר ווערט דאס צו באטראכטען.

### דריטער קאפיטעל:

# די פראנצויזישע רעוואלוציע.

אום קלאר צו פארשטעהן די ענטוויקעלונג פון דער סאציאליסטישער אידעע אין דעם 19טען יארהונדערט, מוזען מיר זיך אפשטעלען אויף דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע.

איינע פון די ריכטונגען אין דעם היינטיקען סאציאליזם איז די סאציאל־דעמאקראטיע, וועלכע איז ענטשטאנען ארום דער צייט פאר דעם וואוילטאק פון די גוארצנים. קיין לוין־שקלאפעריי איז פון דער רעוואלוציע פון 1848 דורך א פארשמעלצונג פון דער פאליטישער דעמאקראטיע מיט דעם סאציאליזם, און די ענטוויקעלונג פון דער פאליטישער דעמאקראטיע איז ענג פארבונדען מיט דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע.

אונטער די דיינקענדע מענטשען פון דעם אכצענטען יארהונדערט קען מען אונטערשיידען צוויי הויפט ריכטונגען: די ליבעראלע און די דעמאקראטישע. שפעטער איז צווישען די צוויי ריכטונגען געמאכט געווארען א קאמפראמיס, — די ליבעראלע־דעמאקראטיע. זיי זיינען אבער פארט גרונד פארשידען. היינט צו טאג האט זיך דער ליבעראליזם ענטוויקעלט צום אינדיווידואליסטישען אנארכיזם און פון דער דעמאקראטיע איז אויסגעוואקסען די סאציאל־דעמאקראטיע. דער קאמוניסטישער אנארכיזם פרובירט היינט צו מאכען א קאמפראמיס צווישען דעם סאציאליזם פון דער סאציאל־דעמאקראטיע און דעם זאגענאנטען „פילאסאפישען אנארכיזם“. פונקט אזוי ווי מיט א הונדערט יאר צוריק האבען זיינע פארגענגער פרובירט צו מאכען א קאמפראמיס צווישען דעמאקראטיע און ליבעראליזם.

יעדער חדר־אינגעל פון סאציאליזם וועט אייך גאנץ קלאר דערצעהלען, אז דער סאציאליזם איז מיט'ן אנארכיזם ווי פייער מיט וואסער. דאס איז אפשר ריכטיק און אפשר ניט, אבער ווען יע, טו באוויזט דאס ג ט ־ער, אז די דעמאקראטיע ליינט זיך ניט צוזאמען מיט'ן ליבעראליזם. פון די אלע ארגומענטען, וועלכע מען ברייננט היינט צו טאג צו באווייזען, אז צווישען דעם סאציאליזם און דעם אנארכיזם איז קיין קאמפראמיס ניט מעגלאך. — פון די

אלע ארגומענטען איז קיין איינציקער ניט ניי: מען חזר'ט נאָר איבער די אַלטע טענות פון דעם גענגנזאַץ צוואווישען ליבעראַליזם און פאָליטישע דעמאָקראַטיע.

דער ליבעראַליזם פארלאנגט אונבאשרענקטע פרייהייט פאר'ן יחיד — „ווי ווייט מעגלאך“. ער רעכענט זיך מיט'ן פאקט, אז איין מענטש וואָלט דעם אנדערען אין א לעפעל וואסער דערטרונקען, און דערפאר איז די געזעלשאפט געצוואונגען צו באשרייינקען די פרייהייט פון דעם יחיד. דאָס איז אבער פון דעם ליבעראַלען שטאַנדפונקט אַ צרה, פון וועלכער מען קען דערווייַלע נאָך ניט פּטור ווערען. דאָך מוז מען פּרובירען די צרה צו פארמינדערן ווי ווייט עס לאָזט זיך. די בעסטע רעגיערונג, זאָגט דזשעפערסאָן, איז די וועלכע רעגירט וואָס ווייניקער. דער אידעאַל איז אין גאַנצען אויסצוקומען אָן אַ רעגירונג: „אַן נאַטשאַלסטווע איז דאָך פאַרט בעסער“, ווי דער רוסישער סאַטיריקער סאַלטיקאָוו זאָגט.

דער ליבעראַליזם איז געווען אַ פּראָטעסט געגען די אונבאַשריינקטע מאָנאַרכישע רעגירונג. די דעמאָקראַטיע אים געגענטייל, האָט גאָרנישט ניט אויסצוזעצען געגען דעם פּרינציפּ פון אַ שטאַרקע רעגירונג. זי פארלאנגט נאָר עס זאָל זיין אַ פאָלקס־רעגירונג. דער נביא פון דעמאָקראַטיע אין אכצענטען יאָרהונדערט איז געווען רוסאָ, אין זיין ביכעל, „דער געזעלשאפטליכער קאָנטראַקט“, בויט ער די געזעלשאַפטס־אָרדנונג אַף דער אונבאַשרענקטער מאַכט פון שטאַט, נאָר אַפ'ן פּלאַץ פון דעם קיסר שטעלט ער „דאָס פאָלק“. די תורה פון דער אונבאַשרענקטער מאָנארכיע איז, אז דער קיסר קען ניט טאָן קיין רעה. ביי רוסאָ קען „דאָס פאָלק“ ניט טאָן קיין רעה. וואָס הייסט אייגענטליך, אַז „דער קיסר קען ניט טאָן קיין רעה?“ דאָס איז ניט קיין פּראָסטע חניפה: יעדער איינער פארשטעהט. אַז דער קיסר איז ניט מער ווי אַ מענטש און קען אַ מאָל אויך טאָן אַן עולה. אָבער דאָ רעט מען ניט וועגען פּערזענליכע האנדלונגען: דער קיסר אַ ל ס קיסר קען ניט טאָן קיין רעה. אין דער אמת'ן, וואָס הייסט אַ רעה אין דעם געזעצלאכען זין? דאָס וואָס איז געגען דעם געזעץ. היינט ווער מאכט דעם געזעץ? דער קיסר. דער געזעץ איז דעם קיסר'ס ווילען. דאָס הייסט, אַז אַלץ וואָס ער טוט איז געזעצלאך. און עס איז עם פּשוט אונמעגלאך צו באַגעהן אַן אונגעזעצלאכע האנדלונג. אַלזאָ אין דעם געזעצלאכען זינן קען ער ניט טאָן קיין רעה.

היינט שטעלט אריין אומעטום דעם וואָרט „פאָלק“ אנשטאט קיסר. וואָס וועט ארויסקומען? דער ווילען פון פאָלק איז געזעץ, דער פאָלק אלזאָ קען ניט טאָן קיין רעה. ווי די מאכט פון קיסר איז אונבאשריינקט, אזוי איז די מאכט פון פאָלק אונבאשריינקט. דער קיסר האָט דאָס רעכט איבער דעם לעבען און טויט פון זיינע אונ־טערטאַנען — אזוי האָט אויך דער „סואווערענער פאָלק“ דאָס רעכט איבער'ן לעבען און טויט פון יעדען איינציקען. „סואווערען“ הייסט קיינעם ניט אונטערטעניק, דער קיסר איז „סואווערען“ אזוי אויך דער פאָלק. דער סואווערעניטעט פון קיסר איז אונטיילבאר: דער קיסר קען ניט אפטרעטען אימעצען א ברעקעל פון זיין מאַכט, ווייל ווען ער טרעט יע אָפּ, איז ער דאָך שוין ניט קיין פאָלנער קיסר, איז ער שוין אין געוויסע זאכען אונטערטעניק צו אן אנדערענס ווילען. דאָס הייסט דער באגריף פון אן „אונבאשריינקטען קיסר“ ערלויבט ניט ער זאָל זיך מיט אימיצען צוטיילען מיט זיין מאכט. אזוי איז אויך ביי רוסא דער „פאָלקס־סואווערעניטעט“ אונטיילבאר. דאָס הייסט עס איז ניטאָ קיין איינציקע זאך אין וועלכער עס זאָל ניט הערשען דער ווילען פון פאָלק.

איז פרייהייט מעגלאך אונטער דער אונבאשריינקטער הער־שאפט פון „פאָלק?“ רוסאָ ענטפערט אויף דעם: יע. ער באווייזט עס אָף א זעהר נאאיווען ארט. דער פאָלק, מאכט ער, איז די רע־גירונג, אלזאָ, דער פאָלק רעגירט זיך אליין. על־כן וואלט דער פאָלק געדארפט זיך אליין אונטערדריקען. נו, קען אימיצער זיך אליין אונטערדריקען? הייסט דאָס, אז א פאָלקס־שטאָט איז נויטיקער־הייט א פרייער שטאט.

עס איז שוין א לאַנגע צייט אוועק זינט די פאָליטישע וויסענ־שאפט האָט איינגעזעהען די פאלשקייט פון דעם ארגומענט, עס האָט אָבער באדארפט טייכען בלוט צו באווייזען, אז דעמאָקראַטיע און פרייהייט זיינען צוויי זעהר פארשידענע זאכען.

דער „פאָלק“ קען זיך אליין ניט אונטערדריקען. דאָס איז אמת, אָבער ער קען אונטערדריקען דעם איינצעלנעם בירגער, אָדער די מינאָריטעט. און ביז אהער איז דער גאנצער פראָגרעס שטענדיק געווען די ארבייט פון דער מינאָריטעט. יעדע פראָגרעסיווע אידעע וויל עפּעס איבערבייטען, איינפירען עפּעס נייעס אנשטאט פון דעם אלטען. פון אָנהויב געפינט זיך נאָר א קליין הייפעלע מענטשען וואָס פארשפרייטען די נייע אידעע. די מאַיאָריטעט פון דער מענטשהייט

זיינען ענטוועדער צו פויל צו דיינקען, אָדער זיי זיינען פּשוט תמ׳עוואטע. פון דער אנדער זייט זיינען אָבער פאַראן אזעלכע וואָס ווילען קיין נייסען ניט, ווייל עס לוינט זיי ניט. די פוילען זיך ניט צו דיינקען, און הגם זיי זיינען אויך גרעסטענטיילס תמ׳עוואטע, האָבען זיי אָבער גענוג שכל צו שרייען „קאַראול!“ אין אַ דעמאָקראַטיע האָט „דער פאָלק“, דאָס הייסט די תמ׳עוואטע מאַיאָריטעט, דאָס רעכט צו אונטערדריקען די פאַרטשריטלאַכע מינאָריטעט. דעסהאלב קען אַ דעמאָקראַטיע זיין ניט נאָר דעספּאָטיש, אָבער אויך רעאַקציאָנער.

די ביסעל פרייהייט וואָס די מענטשהייט האָט ביז אהער ערוואָרבען באַשטעהט אין דעריז, וואָס דער שטאַט טאָר זיך אין געוויסע זאכען ניט מישען.

רעליגיעזע פרייהייט הייסט אז דער שטאַט נעמט זיך ניט אָן פאַר גאָט׳ס קריוודע : איר מעגט דאווגען אָדער ניט, עסען פליישיקס מיט מילכיקס, דער שטאַט מישט זיך אין דעריז ניט.

פרעס־פרייהייט הייסט, אז דער שטאַט מישט זיך ניט אריין אין רעדאַקציאָנעלע זאכען : איר מעגט זיין געגען די פּלאַטפּאַרמע פון דער רעפּובליקאנישער פּאַרטיי, אָדער געגען די טאַקטיק פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איר מעגט ניט נאָר קריטיקירען מיט דרך ארץ דעם פּרעזידענט, אבער אפילו מאכען פון עם אש און בלאָטע, דער שטאַט שווייגט, עס איז ניט זיין דאגה.

רעדע־פרייהייט באַשטעהט אין דעריז, אז איר מעגט אנריידען אויף דער רעגירונג כל דבר אסור, — דער שטאַט האָט קיין רעכט ניט איבערצוגעבען אף אַ רעפערענדום וואוט די פראגע, צי איר מעגט זאָגען אזעלכע זאכען און בלייבען אַ בירגער, אָדער ניט.

צי דער שטאַט איז אַ מאָנארכיע אָדער אַ רעפּובליק מיט יחיד מעג טאָן ווי עס געפעלט און די נאַטשאַלסטווע טאָר זיך ניט מישען. צי דער שטאַט איז אַ מאָנארכיע אָדער אַ רעפּובליק מיט אַ פּאַרלאמענט אָדער מיט אַ רעפערענדום וואוט, איז אלץ איינס : די פראגע איז ניט ווער וועט אייך נעמען פאַר׳ן קארק, אַ סישטשיק פון דער אכראנקע, אָדער אַ סיסטשיק פון דעם רעוואָלוציאָנערען „קאָמיטעט פון עפענטליכע זיכערקייט“, — פרייהייט באַשטעהט

אין דערין איר זאָלט מעגען ריידען און שרייבען און לאכען און דער שטאָט זאָל אייך אין גאנצען ניט טשעפּען.

דער געגענזאַץ צווישען פאָלקס־הערשאפט און פרייהייט האָט זיך בולט ארויסגעוויזען. ווען די רעוואָלוציע האָט איבערגעגעבען די רעגירונגס־מאכט אין די הענט פון די תּלמידים פון רוסאָ, און זיי האָבען זיך גענומען אָנצואווענדען זיין טעאָריע אין דער פּראַקטיקע.

די גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציע איז א זעהר קאָמפּליצירטע ערשיינונג. עס האָבען אין איר אנטייל גענומען פארשידענע קלאסען פון דעם פראנצויזישען פאָלק, פארשידענע מענטשען מיט פארשידענע אינטערעסען און געדאנקען. אין אַ קורצער צייט פון עטלאכע יאר האָט מען איבערגעקערט קאפּויר די גאנצע אלטע וועלט: רעליגיע, טראָן, יחוס, אייגענטום, געזעץ, פּאָליטיק — אלץ. דריי הונדערט יאָר האָט מען זיך געקליבען, אז מען האָט זיך שוין אָבער צוגעקליבען, האָט מען אויסגעשאיערט דעם גאנצען ברוד מיט אַ מאָל, אין געוועהנלאכע צייטען אין יעדער פארטאָן אין זיינע אייגענע געשעפטען און וויינִיק ווער דאגה'ט איבער קהל'שע עסקים. פּאמעלינקע שלעפּט זיך דער מענטש ווי אן אקס אין יאָך זיין גאנצען לעבען און פארזאָגט זיינע קינדער און קינדס־קינדער זיי זאָלען ווייטער שלעפּען דעם יאָך ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבען געשלעפּט. און אַזוי ציט זיך דאָס פון טאָג צו טאָג, מדור לדור. די „געשיכטע“ ווערט געמאכט פון אויבען, אין די הויכע פענצטער. אין דער פראנצויזישער רעוואָלוציע אבער האָט זיך אויף אַ גאנץ קורצע צייט אויפגערודערט דער גאנצער עולם. אויף אַ ווײלע האָט יעדערער גענומען א דעה אין קהלשע זאכען. און דערפאר האָט זיך פונד ער רעוואָלוציע געמוזט אויסלאָזען דאָס וואָס האָט ענטשפּראָכען דעם שכל פון דעם גאנצען פּאָלק.

דער פּאָלק איז דאמאָלס געוועזן „דער דריטער שטאַנד“ (סאָסלאָוויע, אַף רוסיש) — די ערסטע צוויי שטענדע זיינען געוועזן די פּריצים און די גלחים. דער דריטער שטאַנד איז באשטאנען פון סוחרים און בעלי מלאכות און א קליין ביסעל קאפּיטאליסטען. די פּויערים האָט מען ניט גערעכענט, ווייל זיי זיינען ניט געוועזן פריי, קיין פּראָליטאריאט אין היינטיקען זין, דאָס הייסט קיין ארבייטער־פּראָלעטאריאט אלס א באזונדערער קלאס, האָט זיך נאָך ניט געהאט ענטוויקעלט. ס'איז געוועזן א „לומפּען־פּראָלעטאריאט“, די

„סאנקולאטען“, (די טרעמפס אף ענגליש, די באסע קאמאנדע, אף רוסיש). דאס זיינען געווען מענטשען, וואס האבען זיך אפגעשלאגען פון די פויערים און פון די מיעשטשאנעס „בורזשוא“, און האבען זיך ערגעץ ניט צוגעשלאגען. זיי זיינען געווען צונויפגעקליבען אין די גרויסע שטעט, זיי האבען גענומען אן אקטיווען אנטייל אין אלע רעוואלוציאנערע קעמפפע, זיי האבען אויך געפאדערט און אונטערשטיצט די ווילדעסטע אכזריות פון דער רעוואלוציע. אבער דער פראלעטאריאט איז געווען סך הכל א קליינער הויפען. די פראלעטאריער האבען איינגענומען די פראנצויזישע פעטראפאוולאווסקי קרעפאסט, די באסטיליע, אבער דער פראלעטאריאט אלס קלאס איז נאך געווען צו קליין און אונבאדייטענד אום צו פראפיטירען פון דער רעוואלוציע. זי איז צוניץ געקומען דעם „מיטעלקלאס“, דאס הייסט, ריכטיק געזאגט, די פויערים, די סוחרים און די קליין ביסעל קאפיטאליסטען וואס האבען דאמאלס עקזיסטירט. אז זיי זיינען באפרייט געווארען, זיינען זיי ווייטער שטיל געווארען, פון דעם קעניגליכען און פעאדאלען (פריצישען) דרוק, און די רעוואלוציע איז געקומען צו אן ענד. די פויערים האבען אויסגעפירט, אז די לאנד פון זייערע פריהערע פריצים איז געבליבען ביי זיי און אין די שטעט האבען די קאפיטאליסטען באקומען א פרייע האנט. די נייע ארדענונג פון געשעפט און אייגענטום איז געזעצלאך פעסט-געשטעלט געווארען דורך נאפאלעאנ׳ס געזעצבוך, דאס איז דער באלאנס, וואס בלייבט, אז מען באדעכענט די הכנסות און די הוצאות פון דער רעוואלוציע.

די פויערים אז וועלכע עס וואלט קיין מאל ניט געלונגען צו שטירצען די מאנארכיע זיינען געווען ניעגראמאטנע און האבען פון די אידעען פון רוסא גארנישט ניט געהערט, די קאפיטאליסטען האבען פון דיזע אידעען קיין מאל ניט געהאלטען, דער פאריזער פעבעל איז אזוי לייכט איבערגעגאנגען פאר הונדערט יאר צוריק פון „עס לעבע די רעוואלוציאן“ צו „עס לעבע נאפאליעאן“, ווי היינט פאר אונדזערע אויגען, פון „עס לעבע די רעפובליק“ צו „עס לעבע דער צאר“.

פון די יעניקע וועלכע זיינען פון אנפאנג רעוואלוציע באגייסטערט געווען פאר „פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלאכקייט“, זיינען מערערע געווארען סקעפטיש און פעסעמיסטיש. פאר וואס? קוקט זיך ארום אונטער די עלטערע אידישע סאציאליסטען אין אמעבי־

קע, וואס האבען איבערגעלעבט די פארטיי, מחלוקות פון די לעצטע צוואנציק יאר, דעם געגנזייטיקען האס די געגענזייטיקע פעראכ־טונג און רכילות — וויפיל פון אייערע בעקאנטע זיינען ביז צו אזא גראד איינגעקעלט געווארען פון דעם שמוץ, אז זיי האבען זיך צוריקגעצויגען פון דער באוועגונג אין גאנצען? און סך הכל האט זיך דער גאנצער שטרייט געפירט מיט'ן מויל. היינט שטעלט זיך פאר, וואס פאר אן עקעל עס האט נעדארפט נעמען די מענטשען וואס האבען בייגעוואהנט די פראנצויזישע רעוואלוציע ווען אנשטאט דער פאפירענער „זעג" (באזז'סא) פון דעליאן'ס פארטיי האט גע־ארבייט די גיליאטינע? די טאקטיק איז געווען פונקט די זעלבע. אין נאמען פון פאלק, דעמאקראטיע, האט מען געשניטען קעפ פון „פארעטער". צווישען די „פארעטער" זיינען געפאלען אונטער דער גיליאטינע די טרייסטע אנהייגער פון דער רעוואלוציע, ווי קא־מיל דעמולען וועלכער איז געווען דער פירער פון דעם פאריזער פאלק אין דעם אויפשטאנד געגען די מאנארכיע, אנארס'ס קלאץ, א דייטשער ענטוזיאסט, וועלכען דער קאנווענט האט געמאכט פאר אן ערען־בירגער פון דער פראנצויזישער רעפובליק, עבער, איינער פון די ערסטע אנארכיסטען א. אז. וו.

פריהער האט מען נעקוילעט די נעמעסיקטע רעפובליקאנער, (די זשיראנדיסטען). דערנאך האט מען זיך גענומען איינער דעם אנדערען קוילענען, פונקט אזוי ווי אין דער ס. ל. פ. אימער האט אזא מערדער־פאליטיק ניט געקענט דויערען. מארא, איינער פון די בלוטדורסטיקסטע ווילדע חיות פון יענער בלוטיקער צייט, איז גע־פאלען דער ערסטער, דערשטאכען פון א נאבעלער מיידעל, שארלאט קארדעי, אן ענטוזיאסטישע רעפובליקאנערין, וועלכע האט אויפגע־אפפערט איר יונגען לעבען צו באפרייען דעם פאלק פון א טיראן. ראבעספיער, וועלכער האט אויסגעקוילעט אלע זיינע מיטהעלפער אין דעם קאפ־שניידער האנט־ווערק איז ענדלאך געקוילעט געווארען פון זיינע געוועזענע אנהייגנער. דער פאלק וואס האט געמאכט א רעוואלוציע געגען א דעספאטישע מאנארכיע, האט געקראגען א דעספאטישע דעמאקראטיע מיט א רעוואלוציאנערען „רינג" און א רעוואלוציאנערען „באס" בראש. איין באס איז געפאלען, אויף זיין שטעל איז אין קורצען געקומען אנאנדערער — נאפאלעאן.

בעת איך בין נאך געווען א חדר איננגעל און האב אנגענומען די אלע רעוואלוציאנערע פראזען פאר אן אמת'ע מטבעה, האט זיך

ביי מיר ניט געלעגט אין קאפ, ווי אזוי איז דאס געקומען, אז דער זעלבער פאלק, וואס איז אזוי באגייסטערט געווארען פאר פריי־הייט, איז מיט דער זעלביקער באגייסטערונג געפאלען כורעים פאר נאפאלעאנ׳ען. אבער, אז איך זעה ווי מער אדער וויניקער אינ־טעליגענטע מענטשען, וואס האלטען זיך פאר די גרעסטע דעמאקרא־טען, בוקען זיך פאר א דעליאן, אדער א בראנדייס, וועלכער איז דאך ניט מער ווי א קארליק אין פארגלייך צו נאפאלעאנען, טו ווערט מיר די מעשה קלאר די פראנצויזען האבען אמת אנען, טו ווערט מיר די מעשה קלאר. די פראנצויזען האבען אמת געליבט נאפאלעאנען, ווי די דעליאניסטען האבען געליבט און גע־אכטעט דעליאנען. אמת, נאפאליעאן האט געטראטען מיט די פיס דעם פרינציפ פון דעמאקראטיע, אבער דאס זעלבע האט געטאן דע־ליאן, און די ס. ל. פ. האט פאר עם אלע מאל געפונען א תירוץ. דער אמת איז, אז דער מענשהייט געפעלט נאך עד היום א מאנארכי. דער שטורץ פון איין מאנארכישער רעגירונג ברייננט אן אנדערע, אז דער שטעלע פון לודוויג דעם זעכצענטען קומט אן ראבעספיער אדער נאפאליאן, אז דער שטעלע פון דעם ענגלישען קעניג ווערט קעניג מוירפי פון טעמעני־האל. אז דער שטעלע פון קייזער וויל־העלם אדער דעם ליבאוועצער רבי׳ן, קומט דניאל דעליאן, אדער לואי ד. בראנדייס.

עס איז נאך א גרויסע פראגע, אויב זינט נאפאלעאן איז גע־ווארען אימפעראטאר איז אין פראנקרייך געווארען וויניגער פריי־הייט איידער אונטער ראבעספיערען.

דער אונטערשיד איז באשטאנען נאר אין דעריז, וואס אונטער נאפאליאנען האט דער דעספאטיזם ארא פגעווארפען די מאסקע פון רעפובליקאנער „אידעאלאגיע“ דער ווארט אידעאלאגיע שטאמט טאקי פון נאפאלעאנען גופא. ער האט דעם ווארט אויסגעטראכט צו באצייכענען יעדע פאליטישע טעאריע, וועלכע האט פאראורטיילט זיין רעגיערונגס־סיסטעם אים נאמען פון דעמאקראטישע פרינציפען. די „אידעאלאגיע“ האט ער טיף פאראכטעט און אים גרונד גענומען איז ער געווען גערעכט. וואס האבען די פארטיידיקער פון די „פרינ־ציפען פון 1793“ געקענט געגען עם אויסזעצען? אין 1793 האט מען רק געהאט אין מויל „פרייהייט, גלייכהייט, און ברידערלאכקייט“, מען האט פארשפארט אין טורמע אים נאמען פון „פרייהייט“, מען האט שפיאנירט און גע׳מסר׳ט אים נאמען פון ברידערלאכקייט, די גלייכהייט איז געווען גלייכהייט פאר דער גיליאטינע. דער גרעסטער

אומגליק איז באַשטאַנען אין דעריין, וואָס דאָס זיינען אַלע געוועזן אין פּריוואַט־לעבען ערלאַכע לייט און האָבען טאַקע געמיינט די טובה פון פאָלק. די ערגסטע טיראַנען זיינען אימער די איבערצייגטע פאַ־נאַטיקער, ווייל זיי שרעקען זיך ניט אָפּ פאַר קיין נידערטרעכטיקייט צוליעב זייער „אידעאַל“.

א באַרעכטיקונג פאַר זייער טאַקטיק פון אונטערדריקונג האָ־בען די רעוואָלוציאָנערען פון 1793 געפונען אין דעריין, וואָס „די פּאַרטיי פון דער רעוואָלוציע איז א קעמפּפענדע פּאַרטיי“. אַנט־קעגען איר שטעהען פערבונדענע אַלע שונאים פון פאָלק. אין א קריג באַדאַרף מען אייניקייט. אין דער צייט פון קריגס־צושטאַנד קריטי־קירען די פירער אָדער די פירונג פון קריג, הייסט אָפּשוואַכען די אַרמעע און העלפען דעם שונא. און דאָס הייסט פעראַט. נאָך דעם קריגס־רעכט ווערט א פעררעטער באַשטראָפט מיט'ן טויט.

משפּט'ן היינט די רעוואָלוציאָנערען פון 1793 איז איבעריק. זיי זיינען שוין אַלע לאַנג טויט. אָבער זייער טאַקטיק און איר באַ־גרינדונג לעבען נאָך. דעם דעספּאָטיזם אין דער ס. ל. פּ. האָט מען פּאַרענטפערט פּונקט מיט די זעלבע תירוצים. די דיסציפּלין אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווערט אויך ערקלערט דורך די זעלבע גרינדע: „די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז א קעמפּפענדע פּאַרטיי א. ז. וו.“ מען האָט געהערט די רייד אין 1891 אין דער אָפּאָזיציע פון די „יונגע“ אין דייטשלאַנד און זינט דעם אַלע מאָל, ווען עס האָט זיך אויפגעהייבען ערגעץ אַן אָפּאָזיציע אין דער פּאַרטיי*). די צילען האָבען זיך געביטען. די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע פּאַרפאָלגט היינט צו טאָג אַנדערע צילען, ווי די רעוואָלו־ציאָנערען פון 1793. די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך געשטעלט אַנאַנדער אויפגאַבע איידער די פראַנצויזישע מאָ־נאַרכיע, אָבער אין איין פּונקט זיינען זיי אַלע איינשטימיק, נעמליך, אַז אונטער געוויסע אומשטענדען איז אונבאַשרענקטע פרייהייט שעדלאָך פאַר די אינטערעסען פון פאָלק, און מוז דעריבער באַ־שרענקט ווערען. פון דעם שטאַנדפּונקט פון א בורזשואַ אָדער א כיס־

*) דאָס איז געשריבען געוואָרען אין 1902, די לעצטע פאַ־סירונג אין דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער רייכסטאַגספראַקציאָן זיינען גאָר קיין נייעס ניט.

מארק איז א שטאַרקע רעגירונג אונמעגלאַך, ווען יעדער מעג איר פריי בעאורטיילען. א יאקאבינער אָהער א דייטשער סאָציאל־דעמאָקראט דיינקט אויף פונקט אזוי : א שטאַרקע ארגאניזאציע הייסט נאָך זיין מיינונג נאָך, אן אָרגאניזאציע מיט א סאָלדאטסקע דיסציפּלין, וואו יעדער אויספּאלניאיעט דעם פּריקאז : „מאל־טשאט אי ניע ראסוזשדאט !“.

צו דער זעלבער צייט שטעהט דער גלויבען אין קיין שום ווי־דערשפּרוך ניט מיט דער דעמאָקראטי פון רוסאָ : די מאכט פון „פאָלק“ איז אונבאשרענקט, ווען דער „פאָלק“ געפינט פאר נייטיק איינצושריינקען די פרייהייט פון איינצעלנע פּערזאָנען, האָט ער פאָלקאָם רעכט דאָס צו טאָן.

וואָס עס איז ערלויבט א „קאָמיטע פון עפענטליכער זיכער־הייט“, וועלכע איז ערוועהלט פון א פאַרלאמענט, איז נאטירליך ערליובט א צעזאר, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען דורך דעם וואוט פון פאָלק. די יאקאָבינער האָבען אלזא, צוגעגרייט דעם גרונד פאר דעם באָנאָפּארטיזם.

נאָך דעם שטורץ פון די יאקאָבינער האָט מען אויפגעאָטעמט אביסעל פרייער אין פראַנקרייך : מען האָט אויפגעהערט צו ציטע־רען פאר'ן לעבען, פאר רעוואָלוציאָנערע פּיסקאָלען, רעוואָלוציאָ־נערע זשאַנדארען, רעוואָלוציאָנערע תליונים, און די בעגייסטערונג פאר דעמאָקראטיע האָט גענומען נעמען א סוף. מען איז געוואָרען גלייכגילטיק צו אלע פאָרמען פון פּאָליטישע איינריכטונגען. צו דיזער צייט געהערט דער אָנהויב פון דער סאָציאָליסטישער באווע־גונג פון דעם 19־טען יאָרהונדערט. פארשטעהט זיך, האָט זיך אין די סאָציאָליסטישע טעאָריעס אפּגעשפּיגעלט די פּאָליטישע גלייכגילטיקייט פון יענער צייט.

## פערטער קאפיטעל:
# די אוטאָפּיסטען.

### סען־סימאָן און די סען־סימאָניסטען.

צווישען די „פּערעטער“, וועלכע זיינען פארשפּארט געוואָרען אין טורמע אין פּאַריז אונטער דעם טעראָר פון 1793 האָט זיך גע־פונען דער צוקונפטיקער גרינדער פון דעם פראנצויזישען סאָציאַ־ליזם, סען־סימאָן. אין וואָס איז בעשטאַנען זיין פארברעכען קען מען ניט דערגעהן פון דער געשיכטע. צו יענע צייטען ווי אין רוס־לאַנד אונטער די גענעראַל־גובערנאַטארס אין די צייטען פון דער רעוואָלוציע האָט מען געכאַפּט מענטשען רעכטס און לינקס, און עס איז נאָר קיין צייט ניט געווען צו פירען וועגען יעדען איינעם א סליעדסטווע.

סען־סימאָן איז געווען א גראַף, און האָט געשטאַמט פון דער קעניגליכער פאַמיליע. ער האָט אָבער געהאַט פאַר לערער די פראנצויזישע אויפקלערונגס־פּילאָסאָפען פון דעם אכצעטען יאָר הונדערט און איז שוין פון קינדהייט אָן געווען אָפּאָזיציאָנעל גע־שטימט. אז ער איז געוואָרען דרייצען יאָר, האָט ער געזאָגט זיין פאָטער, אז ער גלויבט ניט אין דער קאטאָלישער אמונה. זיין פאָ־טער האָט עם ארייגעזעצט אין טורמע, אָבער ער איז פון דאַנען אנטלאָפען. אז ער איז געוואָרען 16 יאָר האָט אמעריקע זיך ער־קלערט אומאָפּהענגיג (1776). אין 1778, אז עם איז געגאַנגען דער ניינצעטער יאָר, איז ער אוועק מיט לאפאיעטען קיין אמעריקע און האָט פינף יאָר געקעמפּפט אלס וואָלאָנטיר פאַר אמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט. ווען עס האָט אויסגעבראָכען די רעוואָלוציע אין פראנקרייך איז ער אַלט געווען 29 יאָר. נאַטירליך איז ער געווען באַגייסטערט פאַר דער רעוואָלוציע. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין גראַפסקען טיטול. דורך די רעוואָלוציע איז ער געוואָרען אַן אָרע־מאַן, אָבער ער איז געבליבען איבערגעגעבען צו די דעמאָקראַטישע פּרינציפּען, און ווען זיינע געוועזענע פּויערים, האָבען עם געוואָלט ערוועהלען פאַר מעיאָר, האָט ער זיך ענטזאָגט מיט דער ערקלערונג, אז נאָך זיין מיינונג נאָך דארפען די פּויערים קיין אריסטאָקראַט ניט וועהלען פאַר קיין אַמט. דאָס אַלעס אָבער האָט ניט געשטערט דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג עם צו אַריסטירען אלס א שונא פון פאָלק. וואָס פאַר אַן איינפלוס דאָס האָט אויף עם געמאַכט

בשעת־מעשה, וועגען דעם שווייגען זיינע ביאגראפיעס. איין זאך ווייסען מיר אבער, אז אין זיין סאציאליסטישען סיסטעם ערשיינט ער אלס געגנער פון דעמאקראטיע און רעוואלוציאן.

סען־סימאן איז איינער פון די גרעסטע דיינקער פון דעם 19־טען יארהונדערט. נאך היינט צו־טאג, דא אין אמעריקע, קען מען זעהן ווי שארפזיניק איז געוועז זיין בליק אין די צוקונפט. דעם געגענשטאנד וועל איך נאך באהאנדלען אין א ווייטערען קאפיטעל.

דער איינפלוס פון סען־סימאן־ אף דעם גייסטיקען לעבען פון פראנקרייך אין דער ערסטער העלפט פון דעם ניינצענטען יארהונדערט איז געוועז ניט קלענער איידער דער איינפלוס פון קארל מארקס וועהרענד די לעצטע פופציק יאר. די אידעע אויסצוגראבען די קאנאלען פון סועץ און פאנאמא שטאמט פון עם, און דער בארימטער פראנצויזישער אינזשיניער לעסעפס וועלכער האט געפלאנט און אויסגעפירט די ארבייט ביי דעם ערסטען און אויך געמאכט די פלענער אנצוהויבען די ארבייט ביי דעם צווייטען איז געוועזן א סען־סימאניסט. דער קערען פון דער בארימטער „פאזיטיווער פילאסאפיע" געפינט זיך אין די ווערק פון סען־סימאן, און דער גרינדער פון פאזיטיוויזם אגיוסט קאנט, איז געוועזן א סענסימאניסט. דער קערענדעל פון דער טעאריע פון קלאסען־קאמפף געפינט זיך אויך אין די ווערק פון סען־סימאן, און דער ערסטער היסטאריקער, וועלכער האט באטראכט די געשיכטע פון פראנקרייך אלס די געשיכטע פון קלאסען־קאמפף, — אגיוסטען טיעררי — איז אויך געוועזן א סען־סימאניסט. סען־סימאן האט פארשטאנען די היסטארישע ראליע פון דעם קאפיטאליזם אלס א נויטווענדיקע פארבארייטונגס־שטופע צום סאציאליזם. די אידעע האט שפעטער קארל מארקס געמאכט צום גרונד־שטיין פון דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם.

סען־סימאן איז אויך געוועזן דער ערסטער, וועלכער האט ערקלערט, אז די טרייבענדע קראפט פון דער געשיכטע איז די עקאנאמישע ענטוויקלונג. אין דעם איז ער א פארגענגער פון מארקסיזם. ער אנערקענט אבער די אידעאלע באשטרעבונגען, — דאס וואס ער רופט „רעליגיע", אויך פאר א זעלבסשטענדיקע קראפט אין דעם מענשליכען פראגרעס. אייניקע מינוטען פאר זיין

טוים האָט ער געזאָגט צו זיין תלמיד ראַדריגעז: „מען האָט געדאכט אז רעליגיע מוז פארשווינדען, מחמת דער קאטאָליציזם איז אַלט געוואָרען. דאָס איז א טעות: רעליגיע קען ניט פארשווינדען פון דער וועלט, זי בייט נאָר איבער איר געשטאַלט. געדיינקט: אום אויפצוטאָן גרויסע טאטען מוז מען זיין בעגייסטערט". זיין לעצטע ווערק הייסט „דאָס קריסטענטום". דאָרטען געפינען זיך די גרונדלאגען פון דעם יעניקען סאָציאליזם, וועלכער שטיצט זיך אויף דער אידעע פון יושר. דאָס איז דער סאָציאליזם פון די רוסישע עס־ער־ען*), פון די אמעריקאנער קריסטליכע סאָציאליסטען, און פון די סאָציאליסטישע ארבייטער־מאסען אין דער גאַנצער וועלט, ביי וועלכע דער סאָציאליזם איז א רעליגיע אין דעם גוטען און אין דעם שלעכטען זין פון דעם וואָרט. זיי מעגען זיך אפילו רופען „מארקסיסטען" אָדער „וויסענשאפטליכע סאָציאליסטען". אָבער ביי זיי איז די וויסענשאפט אויך אַן אמונה: זיי גלויבען אין די וויסענשאפט ווי מען גלויבט אין גאָט, כאָטש מען האָט עס קיין מאָל ניט געזעהן און מען באגרייפט עס ניט. און ווען מען גלויבט אין עפעס, וואָס מען קען אליין ניט און פארשטעהט אליין ניט, מוז מען זיך נאַטירליך פארלאָזען אויף די תנאים, וואָס קענען און פארשטעהן. וואָס ווייניקער מען פערשטעהט אליין אלץ פיינדליכער איז מען נעגען יענעם וואָס קומט און וויל פארטייטשען די תורה אויף א נייעם אופן: אפשטרייטען זיינע ווערטער איז מען אליין ניט אים שטאנד, מען ווייס נאָר, אז ווען מען זאָל צוגעבען, אז ער איז גערעכט, פאלט איין די גאַנצע אמונה. דערפאר מוז א פרומער מענטש האסען א קריטיקער. דערפאר פארזאָגט דער אידישער פאַנאטיקער דעם עולם אין גאַנצען צו פילאָסאָפירען וועגען רעליגיע. מען מוז גלויבען, און דאָס איז גענוג. דערפאר האָט די קאטאָלישע רעליגיע פארבאָטען דעם עולם אפילו צו לייענען די תורה: אז מען לייענט ווערען געבאָרען געדאַנקען אין קאָפּ, און די געדאַנקען קענען ניט זיין אויך איין פאסאָן אין אלע קעפּ. ווען עס איז אָבער פאראַן איין אמת אין דער וועלט, טו מוז דאָך דער וואָס באשטרייט עס זיין אַן אפיקורס.

דאָס איז דער גייסט פון רעליגיע און דאָס איז דער גייסט פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג. סען־סימאָן איז געוועזן גערעכט:

---

*) סאָציאליסטען רעוואָלוציאָנערען.

די רעליגיע איז ניט פארשוואונדען פון דער וועלט, זי האט נאר איבערגעביטען איר געשטאלט. בעת אבער די היינטיקע „וויסענ־שאפטליכע" ארטאדאקסען ווילט זיך דורכאויס אויסווייזען זיך פאר פרייגעזאנענע מענטשען, ערקלערט זיך דער סען־סימאניזם אפען פאר א טהעאקראטיע (אזא רעגירונג ווי ביי אידען אונטער די שופטים).

נאך סען־סימאן ווערט די רעגירונג צוטיילט אין צוויי מעכטע: די וועלטליכע און די גייסטליכע, פונקט ווי אין אייראפא איז מי־טעל־אלטער. אבער אנשטאט דער אריסטאקראטיע דארף די וועלט־ליכע מאכט באלאנגט צו די געשעפטס־לייט און די גייסטליכע מאכט — צו די כהנים אדער גלחים. ווי אין די צייטען פון קא־טאליציזם, שטעהט אין זיין אידעאלער געזעלשאפט די מאכט פון די גלחים איבער דער וועלטליכער מאכט. דער נאמען „גלחים" געברויכט סען־סימאן אליין. אונטער דעם נאמען באצייכענט ער דעם געלערענטען קלאס. עס זיינען אלזא „וויסענשאפטליכע" גלחים, וועלכע רעגירען אויפ'ן גרונד פון „וויסענשאפט". די „גע־שעפטס־לייט" אדער דער „אינדוסטריעלער קלאס", באשטעהט ביי סען־סימאנען אליין פון די אונטערנעמער און די ארבייטער צוזאמען. די אינטערעסען פון די אונטערנעמער און פון די ארבייטער זיינען דיזעלבע, מיינט ער. די מיינונג ערקלערט זיך דורך דעם, זאגט דער רוסישער פראפעסאר טוגאן־באראנאווסקי, וואס צו יענער צייט זיי־נען נאך ווייט פארברייט געווען אין פראנקרייך קליינע אונטער־נעמונגען, אין וועלכע די בעלי־בתים זיינען אליין געווען בעלי מלאכות און ווייטער דורך דעם, וואס צו יענער צייט איז נאך שטארק געווען די פעאדאלע אריסטאקראטיע און עס איז נאך אנגעגאנגען א קאמפף צווישען איר און דעם אונטערנעמער־קלאס, אין וועלכען די ארביי־טער זיינען געווען פאראינטערעסירט, אז די אונטערנעמער זאלען אויספירען.

„איך גלויב", זאגט סען־סימאן „אז רייכע אונטערנעמער, וועל־כע זיינען די בעלי־בתים איבער די ארבייטער און זייער טעגלאכער ארבייט, זיינען דורך דעם די ראשי־הקהל פון וועלכען זיי זיינען אויך א טייל. עס פאלגט דערפון אז זיי זיינען די נאטירליכע נאטשאל־ניקעס פון דעם ארבייטענדען פאלק. איך גלויב, אז ווען מען זאל נעבען די אונטערנעמער א גרעסערען וואוט פאר אלעמען איבער די שטייערען (פאדאטקעס), וועט דורך דעם באשאפען ווערען די גרעס־

טע גלייכהייט, צו וועלכער די געזעלשאפט איז נאָר פעהיק".

די אנזיכטען פון סען־סימאָן איבער הארמאָניע צווישען קאַפּיטאל און ארבייט דארף מען ניט פארשטעהן אזוי ווי ביי עם וואָלט אויסגעקומען, אז יעדער קאפּיטאליסט איז היינט צו טאָג א בעל צדקה פון זיינע ארבייטער. ער האָט גאָר געמיינט, אז אונטער א ריכטיקער געזעלשאפטס־אָרדנונג קענען זיי זיין סאָלידאריש. די אנזיכט איז נאָך היינט פארשפרייט צווישען פילע ארבייטער־פירערס אין אמעריקע.

אין דער שפּעטערער ענטוויקלונג פון סען־סימאָניזם פאלט אוועק די ראָלע פון דעם פּריוואט־אונטערנעמער, ווייל דער סען־סימאָניזם פאָדערט די אפּשאפונג פון ירושה. דער גאנצער אייגענטום מוז אלזאָ אין איין דור איבערגעהן צום שטאָאט. דער שטאָאט בלייבט דער איינציקער אונטערנעמער. בראָש פון דער געזעלשאפט בלייבען אלזאָ די כהנים פון דער וויסענשאפט. די וויסענשאפט ווערט די רעליגיע פון דער מענטשהייט. אזוי ווי עס קען זיין נאָר איין אמת'ע וויסענשאפט, דארף אין דעם צוקונפט־שטאָאט נאָר זיין איין אמונה. פאר פרייהייט פון גלויבען איז אין סען־סימאָן'ס אידעאל ניטאָ קיין פּלאַץ, — דאָס זאָגט ער בפירוש.

די גאנצע געשיכטע צוטיילט ער אויף „אָרגאַנישע" עפּאָכעס און „קריטישע". די קריטישע עפּאָכעס קריטיזירען, צושטערען וואָס איז אלט געוואָרען אין דער געזעלשאפט, אָבער זיי זיינען גארנישט ניט אימשטאנד אופצובויען. נאָך יעדער קריטישער עפּאָכע קומט אן אָרגאַנישע, וועלכע בויט אויף א נייע געזעלשאפטס־אָרדנונג. אין קריטישע עפּאָכעס הערשט עגאָאיזם, מלחמה, אנארכיע. אָרגאַנישע עפּאָכעס פארקערט צייכענען זיך אויס דורך דעם גייסט פון חברותא, סאָלידאריטעט און דיסציפּלין. דער אכצעטער יארהונדערט און די רעוואָלוציע זיינען געווען א קריטישע עפּאָכע. איצט איז גע־קומען אן ארגאַנישע עפּאָכע. אין דער צוקונפט וועט דער גייסט פון חברותא וואקסען שטארקער פון דעם עגאָאיזם. סען־סימאָן אליין האָט ניט ליב די קריטישע עפּאָכעס, זיינען סימפּאטיעס געהערען צו די „אָרגאַנישע".

סען־סימאָן פּראָטענדירט אלזאָ ניט, אז זיין סיסטעם איז נינס־טיק פאר פערזענליכע פרייהייט, און אין דערין באווייזט ער מער דענקונגס־קראפט פאר די היינטיקע ארטאדאָקסען, וואָס האָבען ניט

דעם מוט פאר זיך אליין מודה צו זיין, אז זיי זיינען געגען פרייע קריטיק, אז זיי פארלאנגען העכסטענס פרייהייט פאר זייער אייגענע אמונה, דאס הייסט, נאטירליך, פאר די „אמת'ע ווירענשאפט". מיט דעם בליק פון א נביא האט סען־סימאן ריכטיק דערקענט דעם גייסט פון דער באוועגונג, וואס האט געזאלט קומען נאך זיין צייט.

די סען־סימאניסטישע באוועגונג האט אויף א קורצער צייט צונעצויגען צו זיך טויזענטער פון די געבילדעטע קלאסען אין פראנקרייך. זיי האבען געגרינדעט סען־סימאניסטישע קירכען אין פילע גרויסע שטעט, מיט א הויפט־קירכע אין פאריז. די קירכע האט געהאט צוויי כהנים־גדולים, באזאר און אפאנטען. שפעטער איז אין דער קירכע געווארען א שפאלטונג און עס איז געבליבען נאר איין כהן גדול, אנפאנטען. זיין אפיציעלער טיטול איז געווען „פאטער פון דער מענטשהייט". ביי די סען־סימאניסטען איז די פירונג ניט געשטאנען אין קיין ווידערשפרוך מיט דער טעאריע: זיי האבען גע־האט א כהן גדול, ווייל זיי האבען אנערקענט די קירכליכע ארגאני־זאציע אין פרינציפ. זיי האבען ניט געדארפט אפנארען זיך אליין און די וועלט, אום אפצולייקענען, אז זיי האבען א „באס": דער באס איז געווען א טייל פון זייער סיסטעם.

דאס „נייע קריסטענטום" האט געהאפט צו באזיגען די וועלט מיט דער זעלבער מעטאדע ווי דאס אלטע, — דורך פראפאגאנדא. די קראפט פון'ם אמת איז גענוג מיט דער צייט צו איבערצייגען. אפילו די רייכע, אז אונטער דער נייער ארדנונג וועט דער רייכטום פון דער געזעלשאפט אזוי אויסגעוואקסען, אז אלעמען וועט זיין בע־סער, ווי היינט. דער סען־סימאניזם איז אלזא ניט געווען רעוואלו־ציאנער. ער איז ערשינען אלס א געגענזאץ צו דעם פאליטישען ראדיקאליזם און ליבעראליזם פון זיין צייט, און האט זיך איבער־הויפט געהאלטען גלייכגילטיק צו יעדער פאליטיק. די פאליטישע ריכטונגען זיינען נאר אן אויבערפלעכליכע פארמע. דער עיקר איז די סאציאלע ארגאניזאציע, דאס איז נאך א צייט לאנג געבליבען דער גרונד־געדאנק פון דער סאציאליסטישער באוועגונג. דא אין אמעריקע האט זיך די סאציאליסטישע באוועגונג נאך עד היום פון עם ניט באפרייט. ווען די ניו־יארקער סאציאליסטען ערקלערען, אז די אויסרייניגונג פון דעם טאמאני־שמוץ איז א זאך, וואס נעהט גאר די ארבייטער ניט אן, — איז דאס נאך אן אפקלאנג פון דעם

אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם. אין אייראָפּא הערט מען דאָס היינט נאָר ביי די אַנאַרכיסטען.

## 2

## פ ו ר י ע.

פוריע האָט אָנגעהייבען צו שרייבען איבער סאָציאַליזם נאָך פריהער פאר סען־סימאָנין, אָבער זיינע אידעען האָבען געפונען צו־הערער נאָר נאָך דער אויפלויזונג פון די סען־סימאָניסטישע קירכען. מיט א יאָר צען שפּעטער איז שוין פון דעם פוריעריזם אויסגעוואַק־סען א גאַנצע באַוועגונג. אָט אין דער צייט (1843) איז מארקס אַוועק קיין פּאַריז. ער איז דאַמאָלט געווען א יונגער מאַן פון 25 יאָהר און איז געקומען פון דייטשלאַנד מיט ראַדיקאַלע דעמאָקראַ־טישע אידעען. מיט'ן סאָציאַליזם איז ער באַקאַנט געוואָרען אין פראַנקרייך. די אידעען פון פוריע האָבען אויף עם געהאַט א גרויסען איינפלוס. איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלען נאָר אויף איין וויכטיקען פּונקט, פון וועלכען מען קען דאָס זעהען באַשיינפערלאָך.

זינט דעם ענגלישען עקאָנאָמיסט אַדאַם סמיט איז די גאַנצע פּאָליטישע עקאָנאָמיע אויפגעבויט געווען אויף דעם פּרינציפּ פון ארבייטס־טיילונג. די ארבייט, וועלכע מען באַדאַרף אויף אויפ־צוהאַלטען די געזעלשאַפט, ווערט צוטיילט אין פארשידענע פאַכען, אין יעדען פאַך ווערט זי ווייטער איינגעטיילט אין פארשידענע ספּעציאַליטעטען: צו ם ביישפּיל, פרויען־שניידער ווערען צו־טיילט אויף קלאוק־מאַכערס, סקווירטס־מייקערס, ווייסט־מייקערס און אזוי ווייטער. אבער דאָס איז נאָך אַלץ ניט דער סוף: די קלאוק־מאַכערס ווערען צוטיילט אין שניידער, אָפּערייטאָרס, פּרעסערס, א חוץ דעם זיינען נאָך פאַראַן דעזיינערס און קאַטערס און באַטאָנ־האָל־מייקערס א. אז. וו. אין אַנדערע פאַכען ווערט די ארבייט צו־טיילט נאָך ווייטער, אין פּיצינקע ברעקעלאָך*). די פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע באַטראַכט דאָס פאַר א גרויסען פּאָרטשריט: די ארבייט ווערט ניכער געמאַכט, מען קען פארקויפען די סחורה וועלוועלער און דאָך בלייבט פאַר'ן פאַבריקאַנט א גרעסערער פּראָפיט. א חוץ

---

*) אין דער אמעריקאַנער שניידעריי איז דער סיסטעם באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „סעקשאָן־ארבייט".

דעם, וואס פראסטער די ארבייט איז, אלץ שנעלער קען מען זי אויס־לערנען. אויסצולערנען זיך פאר א שניידער נעמט עטלאכע יאר און אויסצולערנען זיך צוזאמענצושטעפען אן ארבעל נעמט א פאר וואכען. נאטירליך באצאלט מען דעם ארבייטער דערפאר ווייניקער און דאס איז ווייטער א געווינס פאר'ן קאפיטאל.

אז מען נעמט אבער באטראכטען די זאך פון דעם שטאנדפונקט פון דעם בעל מלאכה, זעט דאס אויס גאר אנדערס. וואס מער די ארבייט ווערט צוטיילט ווערט דער ארבייטער רק מער ווי א מאשין. ארבייטען צען שעה א טאג איז שווער, אבער ווען מען מאכט א גאנ־צען בגד, האט כאטש הנאה ווי א קינצלער. עס מאכט ניט אויס וואס פאר אן ארבייט, יעדער מענטש פילט זיך שטאלץ, אז ער ברייגנט ארויס א פיינע שטיקעל מלאכה. ווען אבער א מיידעל זיצט א גאנצען טאג און נייט איין קנעפלאך, וואס פאר א פארגעניגען קען זי האבען פון איר ארבייט? אז זי וועט אריינייען דעם קנעפעל קרום וועט מען איר הייסען איבערנייען, אז זי וועט עס אבער אריינייען אקוראט ווי מען באדארף, וועט זי אליין פון דעם האבען א קנאפען נחת און קיין אנדערער וועט פון דערפון אויך נתפעל ניט ווערען.

אלזא, וואס ווייטער אלץ אונאנגענעמער ווערט די ארבייט, פון בעלי מלאכות ווערען ארבייטס־פיה. ווען דאס איז נייטיק פאר'ן פארטשריט פון דער געזעלשאפט, טו ווערט דער פארטשריט גע־קויפט דורך די פארקריפלונג פון דער גרעסערער העלפט פון דער געזעלשאפט.

נעגען אזא איינטיילונג פון ארבייט ווענדעט זיך פוריע. א מענטש האט הנאה פון ארבייט, זאגט ער. יעדע ארבייט איז אינטע־רעסאנט ביז וואנען זי ווערט ניט דערעסען. דער ציל פון א ריכטיקער געזעלשאפטס־ארדענונג איז אויסצובילדען אלע פייהיקייטען פון יעדען מענטשען, און דערצו דארף מען יעדען איינעם געבען א גע־לעגענהייט אפט איבערצובייטען די ארבייט. דאס איז דער גרונד־שטיין פון פוריעריזם און דעם געדאנק געפינען מיר אויסגעארבייט אף אן אנדער אופן אין דער לערע פון קארל מארקס.

3

## ראבערט אוען.

ראבערט אוען האט אויך אנגעהויבען זיין טעטיקייט אלס סא־ציאליסט פריהער פאר סען־סימאנען. פון עם שטאמט די אידעע צו

גרינדרען סאָציאַליסטישע קאָלאָניעס, כדי צו ווייזען דער וועלט א ביישפיל. אונדז ווייזט דאָס איצט אויס קינדיש, אבער פאר אוטאָפּיסטישע סאָציאַליסטען האָט די אידעע אויסגעזעהען זעהר פּראַקטיש. דאָס ערקלערט זיך דורך דעם וואָס ניט אָזען און ניט פוריע האָבען ניט באַגרינדעט זייערע פּלענער אויף קיין רעוואָלוציע. זיי האָבען געהאָפט אז דער סאָציאַליזם מוז זיגען, ווייל דער עולם וועט מוזען איינזעהן, אז ער לוינט זיך פאר דער גאנצער געזעלשאַפט. און דערפאר האָבען זיי אלע רק געזוכט מיטלען אויפצובויען א קליינעם מאָדעל פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, פּונקט ווי אנדערע ערפינדער: אז מען וועט א קוק טאָן אופ'ן מאָדעל און מען וועט זיך איבערצייגען אז עס געהט גוט, וועט די וועלט נעמען פאַבריצירען סאָציאַליסטישע קאָמונעס מאַסענווייז.

נאַטירליך זיינען די מאָדעלם ניט געראָטען געוואָרען. עס איז אָבער א טעות צו דיינקען, אז די גאנצע ארבייט איז אוועק אין ניוועץ. ראָבערט אָוען איז געווען דער גרינדער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג אין ענגלאנד, מען האָט אָנגעהייבען מיט גארנישט און היינט זיינען די קאָאָפּעראַטיווע קראמען א מיליאָנען געשעפט. נאָך וויכטיקער אָבער איז קאָאָפּעראַציע צווישען פארמערס. די באַוועגונג איז נאָך יונג, זי האָט זיך אָנגעהייבען ביי'ן ענד פון דעם ניינצענטען יארהונדערט, אָבער זי צעהלט שוין מיליאָנען טיילנעמער פון פארשידענע קאָאָפּעראַטיווע פאראיינען אין דענעמארק, שוועדען, פינלאנד, אירלאנד, דייטשלאנד, אין דער שווייץ און דאָ אין אמעריקע.

4

## דער איבערגאַנג צום רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם.

מיר ווייסען אַלזאָ, אַז דער סאָציאַליזם פון די ערסטע גרויסע אוטאָפּיסטען פון דעם 19טען יארהונדערט, איז ניט געווען רעוואָלוציאָנער און ניט דעמאָקראַטיש. אויב איר מיינט אָבער אז אין דערין איז די נפקא מונה צווישען דעם אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם און דעם וויסענשאפטליכען סאָציאַליזם, טו האָט איר א טעות. ווען מען רעט פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, האָט מען אין זינען פון איין זייט מאַרקס'עס לערע און פון דער אנדער די לערע פון ראָדבערטוס'ן. פון ראָדבערטוס'ן רעט מען געוועהנטלאך

נאַרניט אין דער פּאַרטיי ליטעראַטור — און איך בין זיכער אַז פֿון הונדערט סאָציאַליסטישע לעזער, האָט קאָם איינער געהערט דעם נאָמען. דאָס איז דערפֿאַר וואָס ער איז געווען אַ מאָנאַרכיסט. ראָדבערטוס האָט פֿאַרעפֿנטליכט זיין ערסטע בוך אין 1842, דאָס הייסט אַן ערך אַרום יענער צייט וועלכע מיר באַטראַכטען דאָ. ער האָט אָנגענומען דעם סאָציאַליזם, אַזוי ווי ער האָט עס געפֿונען ביי די אוטאָפּיסטישע סאָציאַליסטען פֿון יענער צייט. ער האָט עס וויסענשאַפֿטליך באַאַרבייט פֿון דעם עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט. פּאָליטיש אָבער איז ער געבליבען ביי די אידעען פֿון די אוטאָפּיסטען. זיין פּאָליטישע פּלאַטפֿאָרמע האָט ער אויסגעדריקט אין דעם שפּרוך: „קריסטליך, מאָנאַרכיש, סאָציאַל“.

די פֿאַרבינדונג פֿון סאָציאַליזם מיט רעוואָלוציע און דעמאָקראַטיע פֿון דער אַנדערער זייט, שטאַמט ניט ערסט פֿון דעם וויסענשאַפֿטליכען סאָציאַליזם: קאַרל מאַרקס האָט זי שוין געפֿונען פֿאַרטיקערהייט ביי די פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטען. די פֿאַראייניקונג פֿון סאָציאַליזם מיט רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע איז געקומען פּראָסט דורך דעם, וואָס די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטען זיינען פֿריהערן סאָציאַליסטען. עס האָט דערצו געמוזט קומען, ניט מחמת דער עיקר פֿון דעם וויסענשאַפֿטליכען סאָציאַליזם איז כלומר׳שט „די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן“, אָבער ווייל די פּאָליטישע אומשטענדען זיינען געווען אַזעלכע צו יענער צייט אין פֿראַנקרייך.

אין דער אמת׳ן ווער האָט זיך געקענט אינטערעסירען מיט׳ן סאָציאַליזם צו יענער צייט? נאַטירליך די אונצופֿרידענע, יענע אַלזאָ וואָס האָבען שטענדיק צוגעגרייט דעם שטורץ פֿון דער מאָנאַרכיע. פֿון זיי שטאַמט די „סאָציאַלע“ רעוואָלוציע אַלס צוזאַץ צו דער פּאָליטישער רעוואָלוציע, די „סאָציאַלע“ דעמאָקראַטיע אַלס צו־זאַץ צו דער פּאָליטישער דעמאָקראַטיע.

איך קען זיך לייכט פֿאָרשטעלען אַן אָרטאָ־דאָקסישע ערקלערונג פֿון דער ערשיינונג: וועהרענד די ערסטע אוטאָפּיסטישע סאָציאַליסטען האָבען באַלאַנגט צו דעם מיטעל־קלאַס און האָבען דערפֿאַר געהאַט „מיטעל־קלאַס אידעען“, איז די רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע ריכטונג אַרויס אויפ׳ן פֿאָרדער־גרונד דעמאָלט ווען עס האָט זיך גענומען צום סאָציאַליזם דער פּראָלעטאַריאַט. וועלכער עמפּפֿינדעט דעם סאָציאַליזם אַלס אויסדרוק פֿון זיינע קלאַסען־אינטערעסען. ביי עס איז אַלזאָ קאָמפּראָמיס אומגלאַך.

דאָס קלינגט אפילו גאנץ גוט „מאטעריאליסטיש“, דער חסרון איז נאָר וואָס עס איז ניט ריכטיק. דער ארבייטער קלאַס האָט מיט דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער ריכטונגען צו יענער צייט געהאט אזוי ווייניק צו טאָן, ווי פריהער מיט דער פרידלאך־סאָציאליסטישער פּראָפּאָגאנדע.

די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען האָבען אויך באלאנגט צו דעם מיטעל־קלאַס פּונקט אַזוי ווי די פרידלאכע אוטאָפּיסטען. די אַר־בייטער פון פּאריז, ליאָן און אנדערע גרויסע שטעט, זיינען געווען רעוואָלוציאָנער, זייערע פּאָדערונגען אבער האָבען זיך געריכטעט אף ריין פּאָליטישע פראַגען וועלכע זיינען געווען פארבונדען מיט זייערע טעגלאכע אינטערעסען: פּאראיינס־פּרייהייט, דאָס הייסט דאָס רעכט צו גרינדען יוניאָנס, דאָס רעכט אויף ארבייט, דאָס הייסט ארבייט פאַר יענע, וואָס געהען ארום ליידיק, ווייל עס איז שטיל אין זייער פאַך, דאָס אלגעמיינע שטים־רעכט, פּארזאמלונגס־פּרייהייט, רעדע־פּרייהייט א. אַז. וו. אין די אַלע פּאָדערונגען האָבען די אַרבייטער געהאט די אונטערשטיצונג פון דעם קליינעם מיטעל־קלאַס, און ביז א יאָר צען נאָך דער גרינדונג פון דער איצטיקער רע־פּובליק, האָבען נאָך די פראנצויזישע ארבייטער געהאלטען צוזאמען מיט דער ראדיקאַלער בורזשואַזיע. אפילו אין דער פּאריזער קאָמונע פון 1871 האָט נאָך דער סאָציאליזם געשפּילט א זעהר קליינע ראָ־ליע. די סאָציאַליסטישע באוועגונג איז געוואָרען אַן ארבייטער־באוועגונג אין פראנקרייך זינט אַן ערך 1881. אלזאָ קען דער רע־וואָלוציאָנערער כאראקטער פון סאָציאליזם פאַר דער רעוואָלוציע פון 1848 ניט שטאמען פון דעם ארבייטער־קלאַס.

מיר קענען איצט דעם פונדאַמענט אויף וועלכען עס איז אויפ־געבויט דער וויסענשאַפטליכער סאָציאליזם. איצט זיינען מיר פאַר־טיק צו באטראכטען וואָס איז וויסענשאַפטליכער סאָציאליזם.

פינפטער קאַפּיטעל:

# קאַרל מארקס.

## 1.

## די טעאָריע פון עקאָנאָמישער עוואָלוציאָן.

צו יעדער צייט זיינען פאראן אין דער וועלט א פולע עלויים און משכלים אין יעדען פאך: געלערטע, פּאָעטען, גלאט שרייבער, פּאָליטישענס, רעוואָלוציאָנערען, אינזשינערען, געשעפטס־לייט א. אז. וו. אָבער אמת'ע גאונים, וואָס דער גוי רופט א זשעני, ווערען געבאָרען ניט מער ווי עטלאכע אין א יאָרהונדערט. די צוויי גרעסטע מענטשען וואָס האָבען אויף דער וועלט געהאט דעם גרעסטען איינפלוס אין דער צווייטער העלפט פון דעם נייצענטען יאָרהונדערט זיינען געוועזן טשארלס דאַרווין און קאַרל מארקס.ביידע האָבען צו דער זעלבער צייט אריינגעבראכט אין דעם שכל פון דער וועלט דעם זעלביקען געדאנק: דאָס די וועלט אנטוויקעלט זיך. מען רופט דאָס די „עוואָלוציאָן“. יעדער האָט אויסגעארבייט זיין געדאנק, ניט ווייסענדיק פון דעם אנדערען. קאַרל מארקס'עס „מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי“*) איז ערשינען מער ווי צען יאָר פריהער פאר דאַרווין'ס ערסטען בוך, אָבער דאַרווין האָט נאַטירליך פון דעם מאניפעסט גארנישט געוואוסט.

אנדערע געדאנקען וואָס זיי האָבען אויסגעשפּראכען וועלען זיך

*) דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט איז גע'חת'מעט פון ענגעלס'ען אויך. איך ווייס אָבער אין דער אמת'ן ניט פאר וואָס מען רעט רק פון מארקס'ן און ענגעלס'ן, אַזוי ווי זיי וואָלטען געוועזן איינס און דאָס זעלבע. וואָס ענגעלס האָט בייגעטראגען און וואָס מארקס האָט בייגעטראגען צום „מאניפעסט“ קען מען נאַטירליך ניט זאָגען, אָבער אַ חוץ דעם האָבען אי מארקס אי ענגעלס געשריבען באזונדערע ווערק, פון וועלכע מען קען איינזעהן, איינערזייטס אז מארקס איז געוועזן אַ גע־ניאלער מענטש, און אנדערזייטס, אז ענגעלס איז געוועזן אַ גוטער שרייבער, ניט גרעסער אָבער פון אַנדערע בארימטע סאָציאַליסטישע שרייבער.

אפשר אויסווייזען פאר ניט ריכטיק, אנדערע וועלען שפּעטערע געלערטע אויסבעסערען, אבער דער געדאנק פון עוואָלוציע וועט בלייבען. דארווין האָט עס ארייגעבראכט אין די באטראכטונג פון דער נאָטור און קארל מארקס אין די באטראכטונג פון דער מענטשלאכער געזעלשאפט.

די וועלט שטעהט ניט אויף איין אָרט: די מינים פלאנצען, די מינים חיות וואָס איר זעט היינט זיינען ניט געווען פאר הונדערטער טויזענטער יאָרען צוריק, און זיי וועלען מסתמא ניט בלייבען אַזוי, ווי זיי זיינען היינט, אין הונדערטער טויזענטער יאָרען ארום. און אין דער מענטשלאכער געזעלשאפט איז אויך אַזוי. אזעלכע זאכען וואָס ווייזען זיך אונדז אוים אזוי נאָטירליך, אז דער שכל קען גאָר ניט פארשטעהן, ווי עס קען זיין אנדערש, זיינען אויך ניט אימער געווען אין דער וועלט און וועלען אויך ניט אייביק בלייבען ווי זיי זיינען. למשל „מיינע — דיינע"; אז מען וויל באווייזען מיט'ן „פּראָסטען שכל" דעם משוגעת פון סאָציאליזם, גיט מען דעם משל אַז אפילו א קליין קינד וואָס קען נאָך ניט ריידען, פארשטעהט שוין צו שרייען „מיינע", אז מען וויל ביי עם אָפּנעמען א צאַצקע. א פּראָפעסאר פון פּאָליטישע עקאָנאָמי נעמט אָן אז יעדער מענטש דאגה'ט נאָר פאר זיך אליין. אָן א פּערזענלאכען אינטערעס וואָלט די גאנצע וועלט געלעגען אופ'ן אויווען, ווי יענע צוויי פויליאקעס וואָס האָבען זיך געפוילט אויפצוהויבען א האנט, כדי צו דערלאנגען דעם בייגעל, וואָס איז געהאנגען איבער זייערע מיילער. און אזוי ווייטער. אז מען נעמט אָבער שטודירען די פארצייטיקע פירונג געפינט מען גאָר אז עס זיינען געווען טויזענטער יאָרען וואָס מען האָט פון „מיינע—דיינע" כמעט ניט געוואוסט, אז דער קרעמערשער גייסט אי זניט דער איינציקער טריב פון דער געזעלשאפט, — עס זיינען געווען צייטען ווען פּערזענלאכע אינטערעסען זיינען געווען אונטערגעאָרדענט צו די אינטערעסען פון דעם שבט, פון דער אמונה, פון דעם שטאָט.

די וועלט האָט זיך געביטען און אז מען קוקט זיך איין זעט מען ווי זי בייט זיך אימער. און ווייטער ווערט גאָרנישט ניט געמאכט מיט אמאָל: די וועלט וואקסט פּאמעלאך און דער מענטש קען זי ניט איבערמאכען אף גיך נאָך זיין איינענעם פאסאָן. עס רוכט זיך אונדז אז מיר זיינען געפאלען אויף א גלייכען פּלאן ווי איבערצוקערען די וועלט קאפּויר. אויב אָבער דער פּלאן איז טאקע

א גלייכער, דאָס הייסט, אויב ער געפעלט דעם עולם, לאָזט זיך גאָר אויס אז מיר זיינען געפאַלען אַף דעם פּלאַן נאָר דערפאַר, וואָס אַלץ אין אונדזער גאַנצער פירונג האָט אונדז געבראַכט אויף דעם גע־דאַנק. דאָס הייסט, מאַכט מאַרקס, אז די מענטשהייט שטעלט זיך אַלע מאָל אַזעלכע אויפגאַבען, וועלכע זי קען אויספירען, ווארים אַז מען זאָל נאָר באַטראַכטען, זעט מען, אז די זאַך קומט צום פאָרשלאַג נאָר דעמאָלט ווען אַלץ איז שוין אין פאַראיוס צוגעגרייט דערצו.

די וויכטיקייט פון דעם געדאַנק פאַר די געשיכטע פון סאָ־ציאַליזם קען מען נאָר דאַן פאַרשטעהן, אז מען דערמאָנט זיך אָן דעם צושטאַנד פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צו דער צייט ווען מאַרקס איז ארויסגעקומען מיט זיין תורה. אין פראַנקרייך זיינען באַשטאַנען פאַרשידענע קלייזלאַך פון סאָציאַליסטען. יעדער קלייזעל האָט געהאַט זיין אייגענע תורה און האָט באַטראַכט אַלע אַנדערע סאָרטען סאָציאַליזם פאַר ניט קיין עכטען סאָציאַליזם. יעדער קלייזעל איז ארויס פון די כלים צו באַ־ווייזען מיט ארגומענטען אז זייער פּלאַן איז דער בעסטער, אָבער אין די אַנדערע קלייזלאַך האָט מען געלאַכט פון יענע „אויך ־ מיר־ארגומענטען". נו, ווען די איינפירונג פון סאָציאַליזם וואָלט גע־דאַרפט אָפּהייננען אָן דעם, אז מען זאָל איינשמועסען דעם עולם אז דער סאָציאַליזם איז אַ גלייכע זאַך, וואָלט די מעשה אויסגעזעהען זעהר טרויעריק: אז איין קלייזעל האָט דעם אַנדערען קלייזעל ניט געקענט איבערצייגען, טו וואָס רעט מען שוין פון דער זייטיקער וועלט, וועלכע האָט זיך פּראָסט אויסגעלאַכט פון אַלע קלייזלאַך און זיי אַלעמען גערופען „אוטאָפּיסטען".

דאָ קומט מאַרקס און זאָגט, אז די איינפירונג פון סאָציאַליזם וועט ניט דורך דעם קומען וואָס די סאָציאַליסטען וועלען דרש'ענען סאָציאַליזם, פּונקט פאַרקערט: דאָס וואָס מען דרש'ענט פאַר סאָציאַליזם איז אַ סימן אז די ענטוויקעלונג פון דער וועלט האָט שוין געבראַכט צו אַזאַ פּונקט, אז דער סאָציאַליזם קומט באַלד. דער סאָציאַליזם איז אַלזאָ ניט קיין „אוטאָפּיע", ניט קיין חלום.

וואָס זשע הייסט „די ענטוויקעלונג" וואָס פירט צום סאָציאַ־ליזם? דער ענטפער אויף די קשיא, פאַרטייטש אין פּראָסט אידיש, לויטעט אַזוי:

אַ מענטש דאַרף עסען, טרינקען, קליידער, אַ דירה, אַ בית המדרש, אַ מחזור, אַ לולב א. אז. וו. דאָס דאַרף מען אַלץ מאַכען.

ניט ריידענדיק וועגן אזעלכע וואָכעדיקע זאכען ווי ברויט, א קאַפּאָטע, א כאַלופּע, — דעם בית המדרש דארף מען אויסבויען, דעם מחזור דארף מען דרוקען, אויף דערויף באַדאַרף מען א דרוקעריי, א פּאַפּיר פאַבריק, טינט, א. אז. וו. דעם לולב מוז מען פון ערגעץ ברייגנען צופירען. מען דארף עם איינפּלאַנצען, אויפהאָדעווען, אויף דערויף באַדאַרף מען א גערטנער און א בעל עגלה. אלזא אפילו אז מען וויל זיין א פּרוש און מען וויל גאר ניט וויסען פון קיין שום זאך ניט, א חוץ גאָטס־זאכען, מוז מען פאַרט האָבען אימיצען וואָס וועט טאָן די ארבייט, אָן וועלכער מען קען אפילו דעם אויבערשטען אויך ניט דינען ווי די הייליקע תורה הייסט. אָט די אלע מלאכות צוזאמען הייסען „פּראָדוקציאָן". יעדערער ווייס אז היינט צו טאָג ווערט די ארבייט אנדערש געמאכט ווי פאַרצייטען. די וועלט לערענט זיך מאכען די ארבייט רק בעסער. פאַרשידענע נייע סאָרטען ארבייט ווערען רק ארייינגעבראכט אין דעם מענטשלאכען לעבען. דורך דעם ווערט די גאנצע פירונג געביטען. לאָמיר נעמען נאָר איין משל.

ווען איך בין געווען א אינגעל איז ביי אונדז אין מינסק, אין ווילנע, און נאָך אין אנדערע שטעט, געוועהנטלאך א שניידער געווען ענטוועדער א מייסטער פאר זיך אליין, אדער ער האָט זיך נאָר געלערענט פאר א שניידער. ווען מען פלעגט אוועקגעבען א אינגעל צו א בעל מלאכה, איז ער ביי עם געווען אין שטוב און האָט געגעסען צוזאמען מיט'ן בעל הבית. דעם עסען דארף מען אבער אויסקאָכען, אין שטוב דארף מען ווען ניט איז אויפראַמען. — אויף דערויף דארף מען א ווייב. על כן האָט יעדער בעל מלאכה געמוזט חתונה האָבען. היינט טוט א קוק אָבער ווי עס פירט זיך די שניידעריי דאָ אין אמעריקע. דער באָס דינגט א שאָפּ און נעמט אָן ארבייטער. דער ארבייטער עסט אין א רעסטאָראַן, דעם שאָפּ ראמט מען געוועהנטלאך גאָר ניט אויף. דער ארבייטער, ווען ער ווערט ניט קיין קאפּיטאַליסט (און דאָס טרעפט ניט הויפיק), בלייבט ער זיין גאנצען לעבען אַן ארבייטער. נו, צו וואָס דארף דער באָס א ווייב? און דערפון קומט אז דער שניידער בלייבט א בחור ביז א יאָר 25—30, נאַטירליך עס ווערען געבאָרען כמעט אזוי פיל מיידלאך ווי אינגלאך, אלזא מוז פאר יעדען בחור א מיידעל בלייבען זיצען ביז א יאר 25-30. דערפון קומט אז פאַרצייטען האָבען די אידען געפירט א ריינעם פאמיליען־לעבען און היינט זיינען פאַראַן רויטע

לאנטערנעס און מוזיק־האלס. און אין דעריין קענען ניט העלפען די חטאים־זוכערס.

איך זעט אלזא ווי עס בייט זיך די מאראל, ווען עס בייט זיך די איינריכטונג פון מלאכה.

קארל מארקס שילדערט די געשיכטע פון די לעצטע עטלאכע הונדערט יאר און ווייזט, ווי עס האט זיך געביטען די גאנצע איינריכ־טונג פון פראדוקציאן און ווי אזוי די דאזיקע ענדערונג פירט צו סאציאליזם. ניט מחמת דער סאציאליזם איז אזא וויגאדנער אדער אזא פיינער, ארענטלאכער פלאן, אבער ווארים עס קומט אויס אזוי, מען קען כמעט זאגען: עס איז „באשערט“ אזוי.

.2

ד י  ו ו א ר ע ן ־ ו ו י ר ט ש א פ ט .

קארל מארקס הויבט אן פון יענער צייט ווען עס איז שוין בא־שטאנען א געזעלשאפט מיט פריוואט־איינענטום, מיט האנדעל מיט בעלי מלאכות און אזוי ווייטער. עס איז געווען אמאל א צייט ווען דאס אלץ איז נאך אויך ניט געווען, אבער וועגען יענער צייט דערמאנט מארקס נאר א פאר מאל פארבייגעהענדיק. ווי אזוי עס איז געקומען צו יענעם צושטאנד, מיט דעם האט ער זיך ניט באשעפטיקט. ער האט באשרענקט זיין אויפגאבע אויף דעם, ווי אזוי עס איז פון דער געזעלשאפט פון קליינע סוחרים געווארען א קאפיטאליסטישע געזעלשאפט, וואס איז איצטער מעוברת מיט דער סאציאליסטישער געזעלשאפט.

אז מען נעמט ענגלאנד אדער פראנקרייך אין דעם 17טען יאר־הונדערט, דייטשלאנד און אמעריקע אין דעם 18טען און רוסלאנד ביז דער באפרייאונג פון די פויערים אין 1861, איז נאך דארטען קיין קאפיטאליזם ניט באשטאנען. עס זיינען געווען רייכע קופצעס, עס זיינען אפילו געווען א פאר פאבריקעס, אבער אין גאנצען גענו־מען האט זיך ניט אויף זיי געהאלטען די געזעלשאפט. דער גרונט פון אלעמען איז געווען דער פויער. נאך מיט א הונדערט און פופ־ציק יאר צוריק איז אפילו אין ענגלאנד דער גרעסטער טייל פון פאלק באשטאנען פון פויערים. אין ענגלאנד, אין פראנקרייך, אין רוסלאנד, אומעטום וואו די ערד האט זיך אפילו גערעכענט אז זי באלאנגט צום פריץ, האט ער פאר זיך געהאלטען נאר א חלק, דאס איבעריקע

איז געווען צוטיילט צווישען די פויערים. יעדע פאמיליע האט געהאט איר אייגענעם שטיקעל פעלד, אירע אייגענע פערד און בהמות. איר אייגענע סאכעס, בארענעס, א. אז. וו. און יעדער האט פאר זיך באארבייט זיין שטיקעל ערד. דעם פריץ'ס ערד האבען געאקערט די זעלביקע פויערים מיט זייערע פערד, מיט זייערע סאכעס א. אז. וו. דער גאנצער אקערבוי האט זיך אלזא געפירט אף א קליינעם אופן. אין ווינטער אין פאראן ווייניק וואס צו טאן ארום דעם פעלד. די צייט פלעגט יעדער פויער באנוצען צו פאריכטען די סאכע, דעם וואגען, דעם פארקאן, מען האט געהאקט האלץ אין וואלד, וואו מען האט געמעגט איז מען געגאנגען אויף פאליעוואניע אויף ווילדע חיות און מען האט פארקויפט די פעלען. יעדערער האט געקענט זיך ארומגעהן מיט א האק. אז מען האט געדארפט עפעס א שטיקעל פאטשינקע אין הויז, האט דאס דער פויער אליין איספראוועט און אפילע אז מען האט געדארפט בויען א שטוב פון דאס ניי, האט מען דאס געוועהנטלאך געמאכט אליין. די ווייבער האבען אין ווינטער געשפונען פלאקס און וואלען, געוועבט לייוועגט און טוך, גענייט קליידער און גרעט פאר די גאנצע געזינד. די פויערים האבען געפלאכטען לאפציעס אליין. יעדער פויער האט געקענט א פולע פארשידענע מלאכות, וואס ווערען היינט צו טאג געמאכט פון האנט-ווערקער אדער פאבריק-ארבייטער. א חוץ דעם איז אין דארף געווען א מיהל א קוזניע און בכלל אזעלכע בעלי מלאכות, וואס דארפען או איינגעארדענטען פלאץ פאר ארבייט און פיל געצייג. יעדער פ[illegible]ן זיי איז אבער צו דער זעלבער צייט געווען א פויער, ער האט געהאט זיינע אייגענע ערד און האט זי באארבייט פאר זיין אייגענעם געברויך. זיין ווייב האט געבאקט ברויט, געשפונען, געוועבט, גענייט, ווי ביי אלעמען האט זיך געפירט. עס זיינען ווייטער געווען נאך אנדערע בעלי מלאכות, למשל ווי קירזשנער, וואס פלעגען ווינטער-צייט ארומגעהן פון הויף צו הויף און ארבייטען ביי דעם קונד אין הויז, אויף זיינע קעסט. זיי זיינען אבער גרעסטען טיילס אויך געווען פויערים, זיי האבען געהאט זייערע ערד און זי באארבייט זומער צייט. עס זיינען ווייטער געווען נאך אנדערע פויערים, וואס פלעגען מאכען זייער סחורה אין דארף, למשל, ציגעל, טעפ, הילצערנע שיסלען און לעפעל און נאך אנדערע זאכען, און פלעגען זיי דאס פירען אין מארק אדער אויפ'ן יריד פארקויפען.

דער מארק אדער דער יריד איז געווען גרעסטען-טיילס אין א

גרויסען דאָרף. די איינוואָהנער פון דאָרף זיינען געווען פּויערים. עס פלעגען זיך צונויף פאָרען פּויערים פון פאַרשידענע נעהענטערע גע־גענטען און מען פלעגט פאַרקויפען איינער דעם אנדערען. קיין גרוי־סע שטעט ווי היינט איז צו יענע צייטען ניט געווען. ניו־יאָרק איז בשעת דער רעוואָלוציע געווען א שטאָט פון אַן ערך 30.000 איינ־וואָהנער. אין די ווייניקע שטעט וואָס זיינען געווען האָבען געוואָהנט קרעמער, סוחרים, בעלי אכסניא׳ס, שיינקער און בעלי מלאכות וואָס האָבען געאַרבייט אויף שטאָטישע קונדען און אביסעל אויך אויף פּריצים, ווי זייגער־מאַכער, יואוועלירען און נאָך אזעלכע. אָבער אפילע די שטאָט האָט נאָך אויך אויסגעזעהען ענלאָך צו א דאָרף. פילע פון די בעלי הבתים האָבען געהאַט אייגענע בהמות, ציגען, אָדער חזירים, ווי נאָך דער אמונה נאָך. מען האָט געהאט אייגענע מילך און סמעטענע, און צוואַראָך און פּוטער, מען האָט געהאלטען אייגענע מילך, און סמעטענע, און צוואַראָך און פּוטער, מען האָט גע־האַלטען הינער, גענדז, קאַטשקעס, ענדיקעס, מען האָט געבאַקט ברויט אין דער היים. כמעט יעדערער האָט געהאט א גאָרטען. מען פלעגט פאַרזייען קרויט, באָב, רעטאָך, חריין, אוגערקעס, ברוצקע, אַלץ וואָס מען באַדאַרף אין הויז. כמעט יעדערער האָט געהאַט א פערד און פילע פלעגען קאַסיען גראָז פאַר׳ן פערד ערגעץ אונטער׳ן שטאָט. אנדערע האָבען אפילו געהאַט א שטיקעל ערד און פאַרזייעט תבואה.

היינט נעמט דעם פּריץ׳ס הויף. אין יעדען מאַיאָנטעק איז גע־זוען אָפּגעשטעלט א געוויסער חלק, אויף וועלכען די פּויערים האָבען געאַרבייט פאַנשטיזנע. מיט דערמיט איז דער פּריץ געווען פאַרזאָרגט מיט תבואה פאַר זיין אייגענעם הויף. צו דערצו האָט ער געהאַט זיי־נע בהמות, זיינע הינער און אז. וו. ווייטער־צו האָבען די פּויערטעס געמוזט ברייינגען אין הויף לייוועגט און נאָך פאַרשידענע אזעלכע זאַכען. א חוץ דעם האָט יעדער גרויסער פּריץ געהאַלטען ביי זיך אין הויף הונדערטער פּויערים און שיקסעס, וואָס זיינען געווען אויסגע־לערענט אלערליי מלאכות: שניידער, שוסטער, סטאָליארעס, מוליאַ־רעס, אפילו מוזיקאַנטען און אַקטיאָרען.

איר זעט פון דערפון, אז פילעס פון דעם וואָס מיר קויפען היינט אין מאַרק אָדער אין קראָם פלעגט מען אין יענע צייטען מאַכען אין דערהיים. די אַלע זאַכען זיינען ניט געווען קיין סחורה. די אַרבייט איז נאָך געווען זעהר ווייניק צוטיילט אין פאַרשידענע פאַכען און

אין יעדען פאך האט יעדער בעל מלאכה געארבייט פאר זיך, גע־וועהנטלאך מיט זיינע קינדער, אפט מיט איינעם אדער א פאר גע־זעלען. קיין גרויסע פאבריקעם ווי היינט איז ניט געווען.

פאר פילע ארבייטען פלעגט דער פויער באצאלען מיט תבואה, מיט אייער און דערגלייכען, למשל דעם שמיד פאר אונטערקאוועןדעם פערד, דעם קאנאוואל פאר היילען דעם פערד, דעם ציגיינער פאר פארריידען ציינער אדער בויך וועהטאק (קיין דאקטוירים, איז אין די מערסטע רוסישע דערפער נאך היינט אויך ניטא). אפילו דא אין אמעריקע מיט א יאר הונדערט צוריק פלעגט דער פארמער צא־לען די סאבסקריפשאן פאר די צייטונגען מיט תבואה, מיט טויר־קים און נאך אזעלכע זאכען.

אזא פירונג באצייכענט מען אין דער פאליטישער עקאנאמיע מיט דעם נאמען „נאטוראל־ווירטשאפט“. אבער אז איר ויעט גוט באטראכטען, וועט איר זעהען אז אין דער נאטוראל־ווירטשאפט בופא זיינען געווען אזעלכע ווארצלען פון וועלכע עס האט געזאלט אויפגעהען און אויסוואקסען „א געלט־ווירטשאפט“. וואס רופט מען א געלט־ווירטשאפט? עס איז אזא פירונג וואס אלץ ווערט געשאצט אף געלט. און ווען ווערט אלץ געשאצט אף געלט? ווען אלץ ווערט געקויפט און פארקויפט. דאס טרעפט איר נאר אין א הויך ענטווי־קעלטער, קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, אבער דעם אנפאנג פון דעם זעט איר שוין אין דער נאטוראל־ווירטשאפט. געוויסע זאכען, אמת ניט פיל, ווערען שוין פארקויפט און געקויפט, דאס הייסט זיי זיינען שוין געווארען א סחורה, אדער אויף טייטש „וואארע“. דערי־בער באצייכענט מארקס דעם צושטאנד מיט דעם נאמען „וואארען־ווירטשאפט“. נעמט די אלע סארטען סחורה וואס בייטען הענט אין מארק אדער אויף א יריד; אין יעדע איז ארייגעלעגט א שטיקעל מלאכה, אלע צוזאמען מאכען זיי אויס די מלאכה פון דעם גאנצען כלל. אז איר האט צייט און א קאפ צו פילאסאפירען, קענט איר זיך דאס פארשטעלען אזוי ווי די גאנצע מלאכה פון דעם כלל וואלט גע־ווען איינגעטיילט צווישען די פארשידענע בעלי מלאכות. די פאלי־טישע עקאנאמיע רופט דאס טאקע אזוי — „ארבייטס־טיילונג“. אין דער אמת'ן אבער איז דאס ניט מער ווי א וויסענשאפטליכער באַ־גריף, אז איר זיינט א שניידער און געהט „צווישען די קראמען“ קוי־פען פאר זיך א יארמולקע, מעלדעט איר ניט דעם פארקויפער אז איר זיינט א שניידער, און איר פרעגט אפילו ביי עם ניט, אויב ער איז

אליין דער קירזשנער. איר טרעפט זיך איינער מיט'ן אנדערען פראסט ווי א קויפער און א פארקויפער. אין מארק איז יעדער א סוחר, א בעל מלאכה טרעפט אן א בעל מלאכה אין מארק, נאר ווי איין סוחר דעם אנדערען. און א חוץ ווי אין מארק האבען זיי איינער מיט'ן אנדערען קיין געשעפטען ניט.

אלזא אין א ווארען־געזעלשאפט איז די ארבייט איינגעטיילט אין הויז און איינגעטיילט אין כלל; די נפקא מינא איז אז אין הויז איז די ארבייט איינגעטיילט אויף א געוויסען פלאן: דער טאטע שנייט צו, דער בחור נייט צוזאמען, דער איינגעל ציט ארויס די פאסטריגעס, די מאמע קאכט ווארעמעס, די טאכטער פיטערט די בהמה, — אין דער גאנצער געזעלשאפט אבער איז די ארבייט ניט איינגעטיילט געווארען אויף קיין פאראויסגעזעהענעם פלאן, מען האט ניט געמאכט קיין מאססמיטינג מיט רעזאלושאנס: „אין אנ־בעטראכט וואס דורך די טיילונג פון דער ארבייט אונטער פארשי־דענע פאך־לייט קען די מלאכה צוגעהן בעסער און גיכער, זיי עס בא־שלאסען: צו ערוועהלען א צעכאווע אופראווע מיט א סטאראסטע, זיי זאלען צוטיילען דעם גאנצען עולם אויף שניידער, שוסטער, קיר־זשנער און אז. וו. זיי עס ווייטער באשלאסען: אז די שניידער, שוס־טער, קירזשער א. אז. וו. זאלען איינער דעם אנדערען פארקויפען זייער סחורה אין מארק". ניין, אזוי איז דאס גראד ניט צוגעגאנגען. די ארבייטס־טיילונג איז אויסגעוואקסען, ווי עס רעדט זיך „מיט דער נאטור". איינער איז געווארען א שוסטער, דער אנדערער א שניידער און איינער האט פון אנדערען ניט געוואוסט ביז וואנען זיי האבען זיך ניט געטראפען אין מארק ווי סוחרים. אין א פאר הונדערט יאר ארום איז געקומען אן ענגלישער געלערענטער אדאם סמיטה, און האט געגעבען צו פארשטעהן, אז די אלע סוחרים זיינען ניט מער ווי בעלי מלאכות און אז דאס הייסט „ארבייטס־טיילונג".

.3

## דער איבערגאנג פון ווארען־ווירטשאפט צו קאפיטאליזם.

עס איז שוין א לאנגע צייט זינט די גאנצע וועלט איז געווא־רען א וועלט פון סוחרים: יעדערער מוז עפעס פארקויפען און יע־דערער מוז עפעס קויפען. פאר א יאר הונדערט — צוויי הונדערט

צוריק זיינען דאָס געווען גרעסטענטיילס קליינע סוחרים. יעדער בעל מלאכה איז געווען א סוחר. א באַנדער וואס האָט געבראַכט עמער פאַרקויפען אפ׳ן מארק, א קירזשנער וואָס האָט געבראַכט היטלען, האָבען זיך איינע די אַנדערע באַטראַכט ווי סוחרים. יעדערער פון זיי האָט זיך גערונגען אף וואָס די וועלט שטעהט, כדי אפּצודינגען פון דעם אַנדערען א צענערל. האָט איר ווען עס איז געהערט א קירזשנער זאָל זאָגען עס איז אן עולה אָפּצודינגען אַ פּאָר גראשען פון דעם באַנדער? אַזאַ געדאנק האָט קיינעם גאר ניט געקענט איינפאלען. יעדער בעל מלאכה האָט געארבייט שווער און ביטער פאר זיינע פּאָר גראשען, און פאר וואָס קומט עס, דער באַנדער זאָל איבערצאָלען דעם קירזשנער, אָדער דער קירזשנער דעם באַנדער? געוועהנלאך, אז מען האָט זיך שוין באַדונגען וועגען דעם מקח, דעמאָלט ניט באַצאָלען וואָס מען האָט זיך באדונגען — איז א שווינדעל. אָבער אזוי לאנג ווי איין סוחר באַצאָלט דעם אַנדערען וואָס מען האָט אפּגערעט, זיינעןביידע ערענטלאַכע לייט.

ניט אלע מלאכות קען מען בריינגען פארטיקערהייט אף׳ן מארק אָדער אין קראָם אריין. היטלען קען מען פארקויפען פארטיקע, אז מען דארף אָבער מאכען אן איוועז, מוז מען דינגען א מוליאר ער זאָל קומען צו אייך אין שטוב און מאכען די ארבייט. אז מען דארף אונטערקאָוועז א פערד, מוז מען געהן צום שמיד. א קאַפּאָטע קען מען אפילע קויפען אין טאַנדעט, אָבער אז מען וויל א רעכטען שבת׳דיקען בגד קויפט מען די געוואנט און מען גיט אָפּ א שניידער, ער זאָל מאכען צו דער מאָס. היינט לאָמיך אייך פרעגען: איז דאָ עפּעס פאַראן א נפקה מינה פון קויפען אַ היטעל א פארטיקע און דינגען א מוליאר ער זאָל אייך ארייַנשטעלען א הרובקע אין חדר? אויב איינס איז רעכט, איז דאָס אנדערע אויך יושר. אָדער קען מען זאָגען אז ווען איך קויף א קאַפּאָטע אין טאַנדעט, בין איך א קויפער און דער טאַנדעטניק א פאַרקויפער; אז איך באדינג זיך אבער מיט׳ן שניידער דריי רובעל פאר אויפנייען בין איך הייסט דאָס דער „עקספּלואַטאַטאָר“ און ער, דער שניידער, איז דער „עקספּלואַטירטער“? אַזאַ געדאנק קען אין יענע צייטען קיינעם גאר ניט איינפאלען, גאָר פּראָסט מחמת יעדען איינעם קומט אוים צו דינגען דעם אנדערען צו טאָן א שטיקעל ארבייט.

אַלזאָ עס איז אַ וועלט פון קליינע סוחרים, אונאָפּהענגיקע בעלי מלאכות. פון דערפון לאָזט זיך אוים אָבער, אז עס זיינען פאראן

בעלי מלאכות וואָס געהען ארבייטען פאר אַן אנדערען. דער מוליאַר וואָס געהט מאַכען אַן אויווען ביי׳ן קורזשנער אין שטוב, דינגט דער קירזשנער צו זיך אין שטוב אויפבייען אַ פּיזימענעם פּוטער. היינט איז דער קירזשענער דער „בעל הבית“ און דער מוליאַר איז דער „ארבייטער“, מאָרגען איז דער מוליאַר דער „בעלי הבית“ און דער קירזשנער דער „ארבייטער“, ווער איז דאָ דער „לאָהנשקלאַף“ ? אַט אזוי ווערט פּאַמעלאַך איינגעפירט אַז מען דינגט ארבייטער און אזוי לאַנג ווי מען באַצאָלט דעם ארבייטער וואָס מען האָט זיך בעדונגען, הייסט דאָס מען האָט עם באַצאָלט פאר זיין ארבייט וויפיל זי איז ווערט.

היינט ווען איך בין אַ מוליאַר און געה ארבייטען פאר יעדען איינעם, וואָס דינגט מיך, טו וואָס מאַכט מיר אוים צי דער וואָס דינגט מיך איז אַ קירזשנער אָדער אליין אַ מוליאַר, אבי ער באַצאָלט מיר מיין פּרייז ? אַט אזוי קומט עס צו דערצו אַז אַ בעל מלאכה דינגט אנאנדער בעל בלאכה פון דעם אייגענעם פאך צו ארבייטען אף שכירות, אוןביידע באַטראַכטען עס פאר יושר. עס שטעלט זיך אָבער אַ קשיא : פאר וואָס זאָל למשל איין שניידער געהן ארבייטען פאר אַן אנדערען און ניט פאר׳ן קונד גופא ? אַז איר וועט זיך ארומקוקען און דערמאָנען זיך ווי אזוי עס זיינען ביי אונדז אין מינסק, אָדער ביי אייך אין קאָוונע געוואָרען „מוירטשענט־טעילאָרס“, וועט איר דאָס לייכט בייגרייפען. פאר אַ יאָר פופציק צוריק זיינען געווען די גראָניקעס מענער שניידער שמעון איז געווען אזוי זיך אַ שניידער, ווי גראַניקעס אָבער זיינען געווען „ערסטער קלאַס“. אזוי זיינען צו זיי ביסלאכווייז איבערגעגאַנגען שמשעון׳ס קונדען. די גראָניקעס האָבען שוין ניט געקענט פאַרטיק ווערען אָפּ׳ן אלטען אופן מיט אלע ארבייטען וואָס זיי האָבען געהאַט. מען האָט געמוזט איינטיילען די ארבייט אין שאַפּ : איינער האָט געמאַכט נאָר הויזען, דער אנדערער נאָר קאַמיזעלקעס, איינער האָט נאָר געפּרעסט און אזוי כסדר. דורך דעם איז געגאַנגען די ארבייט גיכער און מען האָט זיך געקענט באַנוצען אפילע מיט ניט קיין זעהר גוטע שניידער. און אַגב אַז אַזאַ שמעון אָדער אברהם לייב האָט אָנגעוואָרען זיינע בעסטע קונדען האָט ער זיך באַטראַכט : אײדער ארומגעהן ליידיק, וועט ער בעסער געהן ארבייטען צו די גראָניקעס און ער וועט ביי זיי נאָך אפשר מאַכען מער ווי פאר זיך.

ווייטער, די גראניקעס האבען געקענט באשטעהן צו באצאלען זייערע געזעלען בעסערע שכירות איידער שמעון און פארט אויס־קומען בעסער פאר עם. ווייל ביי זיי איז די ארבייט געגאנגען גי־כער, דורך דעם וואס זי איז געוועזן בעסער איינגעטיילט. שמעון האט ניט געקענט אזוי איטיילען די ארבייט ביי זיך, ווייל ער האט אפשר סך הכל געהאט איינעם אדער צוויי ארבייטער.

היינט לאמיר מאכען א חשבון. שמעון נעמט צוויי רובעל פאר אופנייען א פאר הויזען, און עס נעדויערט ביי עם מיט אן אויסהעלפער א גאנצען טאג. ער באצאלט דעם אויסהעלפער זעקס רובעל א וואך, בלייבט עם אליין אויך זעקס רובעל א וואך, אז ער האט יעדען טאג א פאר הויזען צו מאכען. ביי די גראניקעס איז די ארבייט אזוי צוטיילט, אז די זעקס פאר הויזען ווערען געמאכט, אין איין טאג און עס זיצען אף דעם זעקס ארבייטער. אז יעדער פון זיי באקומט א רובעל מיט א פערטעל א טאג מאכט דאס אויס אכטאלבען רובעל, בלייבט פאר׳ן באלעבאס פינפטאלבען א טאג, אדער 27 רובעל א וואך. פארשטעהט איר דעם אונטערשיד? שמעון האט געמאטערט זיין אויסהעלפער פאר 6 רובעל א וואך און האט זיך אליין אויך ביי דערביי געמאטערט פאר די אייגענע 6 רובעלס. גראניק צאלט זיינע אויסהילפער אכטאלבען רובעל א וואך און מאכט ביי דערביי 27 רובעל, און אלייע נייט ער שוין ניט אין געהט ארום ווי א פריץ. פון וואנען נעמט זיך די27 רובעל? לאמיר זאגען, ער קען אליין פארדינען אכטאלבען רובעל א וואך ווי דער ארבייטער, פון וואנען נעמט זיך די איבריקע ניינצען רובעל? האט ער עפעס חלילה באראבעוועט זיינע ארבייטער, ווען ער צאלט זיי מערער איידער שמעון דער שניידער קען מאכען פאר זיך, הגם שמעון איז אליין פאר זיך א בעלי הבית?

דער פראפיט קומט פון קאאפעראציע אין שאפ, פון דער איינטיילונג פון דער ארבייט אין שאפ. די גראניקעס האבען אר־גאניזירט די ארבייט, זיי נעמען זיך דעם פראפיט. דער ארבייטער באקומט באצאלט אזוי פיל וויפיל ער קען אליין מאכען פאר זיך. דאס איז דער יושר פון א וועלט פון סוחרים. דער ארבייטער איז אליין אויך א סחר און ער באטראכט דאס אויך פאר יושר.

אזוי ווערט פאמעלאך איינגעפירט ארבייט אף שכירות און עס וואקסט אויס פון א בעלמלאכה א קליינער קאפיטאליסט מיט

א סך ארבייטער אונטער וועלכע די ארבייט איז איינגעטיילט אין שאָפּ גופע. אזא שאָפּ רופט מארקס „מאנופאקטור“. פון דער מאַנואפקטור הויבט זיך אָן די מאכט פון קאפּיטאל איבער דער ארבייט, וואָס מען רופט קאפּיטאליסטישע פּראָדוקציאָן. עס זיינען געווען נגדים פאר דעם אויך, אָבער דאָס זיינען געווען ענטוועדער פּריצים און טשינאָווניקעס וואָס האָבען געלעבט פון פּאטשינע און פּאָדראטקעס, אָדער גרויסע סוחרים און מלוים, וואָס האָבען געמאכט געלט הויפּטזעכטליך ארום די פּריצים אָדער פון דער רעגירונג. פון וואנען שטאמט למשל דער רייכטום פון די גינצבורג׳ס אין רוסלאנד? עס וועלען זיך נאָך אפשר געפינען צווישען די לעזער א פּאָר וואָס געדיינקען די צייט פון דעם אָטקופּ פון אקציז. ביז מיט פופציק יאָר צוריק פלעגט די רוסישע רעגירונג אָפּגעבען דעם אקציז צו אן ארענדאטאָר. דער אלטער גינזבורג איז געווען איינער פון אזעלכע ארענדאטאָרס און אָן דעם פלעגען זיי מאכען גאָלדענע געשעפטען. נאַטירליך, אזוי צי אזוי, פלעגט דער פּראָפּיט סוף כל סוף קומען פון אָרעמאן, אָבער אין דער ארבייט גופע האָט זיך דער קאפּיטאליסט ניט געמישט, אלזאָ די פּראָדוקציאָן אליין איז ניט געווען קיין קאפּיטאליסטישע.

נאָר זינט עס ווערט איינגעפירט קאָאָפּעראציע אין שאָפּ, הויבט זיך אָן די מאכט פון קאפּיטאל איבער דער ארבייט גופע. דער באלעבאָס ארגאניזירט די קאָאָפּעראציע. און, פארשטעהט זיך, ער אָרגאניזירט זי פאר זיין אייגענעם תחלית. מאכט נאָר ניט קיין טעות: איר האָט מסתמא געהערט פון קאָאָפּעראטיווער קראָמען, אָבער דאָס איז גאָר אן אנדער סאָרט קאָאָפּעראציע. ווען מארקס רעט פון „קאָאָפּעראציע“ מיינט ער דעם ארבייטען צוזאמען פון א סך מענטשען, וואו איינער קען אָן דעם אנדערען ניט אויסקומען אין זיין ארבייט, ווי למשל אין א קלאָוק שאָפּ, וואו דער אָפּערעיטאָר קען ניט אויסקומען אָן דעם פּרעסער. א. אז. וו. אזוי רופט זיך דאָס אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

אלזאָ פון דעם ערסטען שריט אָן באשטעהט דער כוח פון קאפּיטאל אין דעם, וואָס ער אָרגאניזירט די ארבייט אַף א געזעלשאפטליכען פּלאן. וואָס מער עס וואקסט דער געשעפט, וואָס מער באשטעלונגען דער פאבריקאנט קריגט, אלץ מער ווערט די ארבייט איינגעטיילט. דער בארימטער עקאָנאָמיסט אדאם סמיטה דערצעהלט ווי מען האָט געמאכט שפּילקעס פאר אן ערך הונדערט

און פופציק יאָר צוריק. די ארבייט איז געווען איינגעטיילט צווישען עטלאכע צענדליק ארבייטער און יעדער האָט געטאָן נאָר איין ספּע־ציעלע מלאכה. די גאנצע מאנופאקטור איז געווען ניט מער ווי א גרויסע לעבעדיקע מאשין וואָס איז באשטאנען פון א סך לעבעדיקע שרייפלאך און פעדאלאך, יעדער ארבייטער איז געווען ניט מער ווי א פּיצינקער שרייפעל אָדער א קליינינקע רעדעלע.

ווען די ארבייט איז געוואָרען אזוי איינגעטיילט, זיינען די געצייג אויך געוואָרען איינגעטיילט אין פארשיעדענע סאָרטען. א פּארצייטיקער שמיד האָט געניצט די זעלבעקע אבצוועגנגע פאר אלערליי מלאכות. ווען די ארבייט איז געוואָרען איינגעטיילט אין פּיצ־ברעקלאך איז פאר יעדע שטיקעל ארבייט נויטיג גע־וואָרען א בעזאָנדערע אבצוועגנגע, און נאטירליך האָט מען זיי געקענט בעסערצופּאסען צום מאָס, ווי מען דאַרף פאר יעדע אר־בייט. דורך דעם איז דער אונטערשיד צווישען א מאנופאקטור און א קליינעם בעל מלאכה געוואָרען נאָך גרעסער. ווייטער, ווען די ארבייט איז געוואָרען אזוי איינפאך, אז איינער האָט נאָר געצווינגען דעם דראָט, דער אנדערער האָט געשניטען, דער דריי־טער האָט געשליפען דעם שפּיץ און אזוי כסדר, איז שוין זעהר לייכט געוואָרען פאר אזעלכע איינפאכע ארבייטען אנשטאט לע־בעדיקע שרייפּאלאך און רעדאלאך אויסצוטראכטען מאשינען. איי־נע נאָך די אנדערע זיינען זיי איינגעפירט געוואָרען אין יעדער אר־בייט און האָבען באפעסטיקט די מאכט פון קאפּיטאל. יאנקעל דער שוסטער האָט נאָך ווי עס איז געקענט אויסהאלטען געגען די וואר־שעווער שיך. אז ס'שוין געקומען זעהר שלעכט, איז ער געווען צופרידען געווען צו מאכען די פאָר שיך אונטערען מקח און עסען הערינג מיט בולבעס, אבי ניט נעהן איבער די הייזער. ווען עס איז אָבער איינגעפירט געוואָרען די מאשין, איז פאר'ן שוסטער געקומען דער טויט. ווען מען מאכט היינט אין הייוועריל שיך ביי די טויזענטער און מען פארקויפט אמת גוטע שיך פאר דריי־פיר דאָלאר א פּאָר טו ווי אזוי קען א שוסטער מאכען א לעבען ? דער האָווערילער קאפּיטאליסט האָט ביי יאנקעל דעם שוסטער ניט אוועקגענומען די קאָלאָדקעס, מיט דעם דריי־פיסיקען ביינ־קעל, אף דעם קען איך אייך שווערען ביים ארון קודש, אָבער די קאָלאָדקעס מיט'ן ביינקעל האָבען אַנגעוואָרען דעם ווערט, און אזוי איז געוואָרען אין אלע צווייגען ארבייט. יאנקעל דער שוסטער

האט אויסגעהייצט אין אויוועז מיט זיינע „אינסטרומענטען פון פראדוקציאן“ און איז געגאנגען אין די פאבריק פון שיך ארבייטען פאר שכירות. אזוי איז ער ארונטער פון אן אונאבהענגיקען בעל מלאכה צו א פראלעטאריער.

אבער ניט נאר יאנקעל דער שוסטער איז געווארען א פראלעטאריער, איר געדענקט פארצייטען האט דער פויער געהאט א פילע ארבייטען א חוץ גאספאדארקע מיט וואס ער פלעגט אנפילען זיין ווינטערצייט. זיין ווייב און זיינע טעכטער האבען אויך גע־האט געגוג וואס צו טאן. היינט ווען מען האט איינגעפירט מאשינען אין דער שפינערייי און אין דער וועבעריי, איז קאלענקאר און קארטון געווארען אזוי וואלוועל, אז עס האט זיך שוין פשוט ניט באצאלט אנצואווערען די צייט אין דער היים. דעם פארמערס טאכטער איז אוועק אין שטאט ארבייטען אין א פעקטארי און דער פארמער אליין איז אויך געווארען אף צרות, ווארים ארבייטענדיק א האלב יאר איז שווער אויסצוקומען א גאנץ יאר. דעם פארמערס זון האט אויך געמוזט געהן אין שטאט זוכען ארבייט אין פעקטארי, אזוי איז אויסגעוואקסען דער פראלעטאריער־קלאס.

4.

## דער איבערגאנג פון קאפיטאליזם צו סאציאליזם.

מיר האבען געזעהען, ווי אזוי דער קאפיטאליזם איז געקומען אף דער וועלט. זיין ווייטערע ענטוויקעלונג איז דער רעזולטאט פון דער אויסברייטונג פון מאשינערי אין אלע צווייגען פון דער אינ־דוסטרי. די איינפיהרונג פון רק נייע מאשינען האט געבראכט מיט זיך קאנקורענץ אונטער קאפיטאליסטען. דער גרעסערער קאפיטא־ליסט פארשלינגט דעם קלענערען, ביז וואנען עס בלייבען נאר עטלאכע פאבריקאנטען אין יעדען געשעפט.

דער „מיטעלקלאס“ ווערט רק קלענער און די גאנצע געזעל־שאפט צופאלט זיך, וואס ווייטער, רק מערער, אין צוויי קלאסען: דעם קאפיטאליסטישען קלאס און דעם ארבייטער קלאס, צום סוף מוז קומען אזא צייט, אז עס וועלען בלייבען נאר צוויי קלאסען. דער מיטעלקלאס וועט אין גאנצען נעלם ווערען. דאמאלס מוז עס קומען צו א סאציאלע רעוואלוציאן. דער ארבייטער קלאס, דער גרע־סערער, וועט זאגען צו דעם קאפיטאליסטישען קלאס, דעם קלענע־

רען: „לך לך“, קיין קלאַס אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע האָט נאָך ניט אָפּגעטראָטען זיינע פּריווילעגיעס פרייוויליק, אָן אַ קאַמפּף. דעריבער מוז מען זיך ריכטען אַף אַן אופשטאַנד פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אָדער אַף אַ „רעבעליאָן (בונט) פון שקלאַפען־האַלטער“, ווי אין דעם אַמעריקאַנער בירגער־קריג פון 1861—1865.

דיזע געדאַנקען זיינען שוין געווען פאַרשפּרייט אין פראַנקרייך פאַר מאַרקס'ן. ער האָט זיי געפונען פאַרטיקערהייט און ער האָט זיי געגעבען אַ פילאָסאָפישע ערקלערונג אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ און אין דעם „קאַפּיטאַל“.

איך געדענקט, אַז דער סאָציאַליזם איז געוואָרען רעוואָלוציאָנער נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט זיך פאַרשפּרייט צווישען די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטען אין פראַנקרייך, אַ יאָר צען פאַר דער רעוואָלוציע פון 1848. דער נאָמען „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“ שטאַמט אויך פון יענע צייטען. פריהער האָט מען פאַרלאַנגט נאָר פּאָליטישע דעמאָקראַטיע, איצטער האָט מען צוגעלייגט דעם וואָרט „סאָציאַלע“, צו ווייזען אַז אַלץ מוז ווערען דעמאָקראַטיש, ניט נאָר דער שטאַט, אַפילו די פאַבריקען אויך. היינט איז אין דער פאַבריקע דער באַלעבאָס אַזוי ווי אַ קיסר, ער קען טאָן וואָס ער וויל; אין אַ סאָציאַלער דעמאָקראַטיע טאָר אין שאָפּ אויך קיין קיסר ניט זיין, אַלע דאַרפען זיין גלייך, דער סופּעראינטענדענט, די פאָרלייט דאַרפען ערוועהלט ווערען פון פאָלק, ווי די בעאַמטע פון שטאַט. נאַטירליך, וועלען די קאַפּיטאַליסטען מיט גוטען דאָס ניט דערלאָזען. אָן רעוואָלוציע קען אַלזאָ דער סאָציאַליזם ניט איינגעפירט ווערען.

היינטצוטאָג, נאָך כמעט פופציק יאָר פון פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אַלע לענדער, רעדט מען שוין זעהר אָפט פון אַ פרידליכען איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם: וועלען די קאַפּיטאַליסטען האָבען שכל צו געהן מיט גוטען, וועט מען זיי נאָך אפשר פאַרזאָרגען מיט שטעלען פאַר פאָרלייט, וואָרים זיי זיינען געניט אין געשעפט. וועלען זיי זיך אָבער איינשפּאַרען, וועט מען זיי מוזען אָנכאַפּען פאַר'ן קאָלנער און אַרויסוואַרפען.

אָבער ניט מאַרקס אַליין און ניט ענגעלס האָבען ניט געהאַט קיין גרויסען בטחון אין אַ פרידליכע „סאָציאַלע רעוואָלוציאָן“. ווי די ביאָגראַפען פון מאַרקס'ען דערצעהלען, איז ער געווען מיט

דער מיינונג, אַז אפשר אין ענגלאַנד קען דער איבערגאַנג פון קאַ־פּיטאַליזם צו סאָציאַליזם זיין אַ פרידליכער. ענגעלס האָט אויסגע־שפּראָכען די מיינונג, אַז איינער פון די גרויסע וועלט־קריזיסען וועט זיך אויסלאָזען מיט אַ „סאָציאַלער רעוואָלוציאָן“. ניט די פּאָ־ליטישע, ניט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די קאַפּיטאַליסטישע לענ־דער אין דער צייט ווען מאַרקס איז ארויסגעקומען פאַר דער וועלט מיט זיין טעאָריע, האָבען ניט געלאָזט דענקען פון קיין אַנדערען וועג איינצופירען „סאָציאַלע דעמאָקראַטיע“, ווי דעם וועג אף וועלכען מען האָט געקעמפּפט פאַר פּאָליטישע דעמאָקראַטיע. אין 1847, ווען דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט“ איז ערשינען. האָט דער אַרבייטערקלאַס אין קיין איירָאָפּעאישען לאַנד ניט געהאַט קיין שטימרעכט און אין די פּאַראַיינִיקטע שטאַטען האָט נאָך עקזיסטירט שקלאַפעריי. אין 1867, ווען „דאָס קאַפּיטאַל“ איז ערשינען, איז אין פראַנקרייך געווען אַ מיליטערישער דעספּאָטיזם מיט אַן אַלגע־מיינעם שטימרעכט, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיעל באַדייטונג ווי אין מעקסיקאָ אין דיאַס'עס צייטען. אין ענגלאַנד האָט דער אַרבייטער נאָר קיין שטימרעכט ניט געהאַט. וואָס איז שייך די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, בשעת דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט איז ערשינען, האָט מען נאָר אָקאָרסט אָנגעהויבען צו בויען אייזענבאַנען און טעלעגראַפען. ווען „דאָס קאַפּיטאַל“ איז ערשינען איז נאָך קיין טעלעפאָן ניט געווען, פון עלעקטרישע באַלייכטונג, אייזענבאַנען, עלעקטרישע קראַפט אין דער אינדוסטרי האָט מען נאָך גאָרנישט ניט געוואוסט.

דער ערסטער טראָסט, דער סטענדאַרד אויל טראָסט, האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1882. אין אַ האַלב־יאָר איז קאַרל מאַרקס געשטאָר־בען. די ענטוויקלונג פון די טראָסטס האָט ער שוין ניט געזעהען, און פון קאָפּ האָט מאַרקס קיין נביאות ניט געשפּונען. די סאָציאַ־לע רעוואָלוציאָן האָט זיך עם אויסגעוויזען פאַר דעם איינציקען וועג איינצופירען דעם סאָציאַליזם. ווייל אין זיין צייט האָבען זיך נאָך ניט ארויסגעצייגט קיינע פאַקטען, פון וועלכע מ'וואָלט געקענט שליסען, ווי אַזוי דער סאָציאַליזם קען זיך ענטוויקלען אף אַ פרידליכען וועג.

## 5.

## די טעאָריע פון מערווערט.

די גרעסטע באַדייטונג פון מאַרקס'ען באַשטעהט אין זיין טע־

אַריע, אַז דער סאָציאַליזם װעט מקוים װערען ניט מחמת ער איז אַזוי פיין מאָראַליש, נאָר דורך די ענטװיקעלונג פון דער אינדוסטרי, װאָס מאַכט דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס רק קלענער און דעם ארבייטערקלאַס רק גרעסער און שאַפט אַ פּאַרטיקע אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט, װאָס דער אַרבייטער־קלאַס דאַרף נאָר קומען און איבערנעמען דעם געשעפט. דאָס איז דער עיקר פון זיין מאַטעריאַליזם. פאַר מאַרקס'ען האָבען די סאָציאַליסטען רק גע'טענה'ט צום עולם: „כ'לעבען, דער סאָציאַליזם איז דאָך אַזאַ שעהנע אמונה, זאָלען נאָר אַלע װערען סאָציאַליסטען, װעלען זיי מאַכען אַ גן־עדן נאָך אַף ד ע ר װעלט, — כ'לעבען, פאַרװאָס זאָלט איר טאָקע ניט װערען אַ „סאָציאַליסט?“ דער זייטיקער מענטש אָבער פלעגט זיך צוהערען צו די רייד פון די סאָציאַליסטען און פלעגט בלייבען װי אַ צומישטער: יעדער קלייזעל האָט געהאַט זיין אייגענעם באַגריף װאָס איז שעהן און מאָראַליש, און זיין אייגענעם פּלאַן װי דער סאָציאַליסטישער גן־עדן דאַרף זיין איינגעפּיקסט ער זאָל אויסזעהן שעהן, און װען די אַלע סאָציאַליסטישע פלענער פלעגען ניט שטימען צװישען זיך, פלעגט איין קלייזעל באַשולדיגען דעם אַנדערען, אַז יענעמ'ס סאָציאַליזם איז אַ נאָכגעמאַכטער, ניט דער עכטער סאָציאַליזם. אַביסעל איז דאָס אייך מסתמא באַקאַנט. נאַטירלאָך װען דער זיג פון סאָציאַליזם װאָלט געדאַרפט אָפּהייגגען פון דער אָדער יענער מאָראַלישער טעאָרי, װאָלט ער געהאַט זעהר שלעכטע אויסזיכטען, קאַרל מאַרקס אָבער איז געקומען און האָט באַװיזען אַז דער זיג פון סאָציאַליזם הייננט ניט אָפּ פון דעם, צי ער איז שעהן, צי ער איז מיאוס, צי ער איז מאָראַליש צי אונמאָראַליש. דער סאָציאַליזם װאַקסט דורך עקאָנאָמישע ענטװיקלונג, צי ער געפעלט אייך צי ניט, און איר קענט ניט העלפען, װען עס געפעלט אייך אפילו ניט. דאָס האָט פאַרשטאָפּט דעם מויל ביי יענע װאָס האָבען גע'טענה'ט, אַז דער סאָציאַליזם איז ניט פּראַקטיש, והא ראיה, אַז די סאָציאַליסטען אַליין זיינען ניט אייניק װעגען דעם אַף װאָסער אופן זיי װילען גליקלאָך מאַכען די װעלט. דער ענטפער פון קאַרל מאַרקס'ן אַף דעם, איז אַז דער סאָציאַליזם װעט קומען אַזוי זיכער װי דער טויט; עס איז אַלזאָ איבעריק צו זוכען אַף עס חסרונות. דאָס האָט נאַטירלאָך געגעבען אַ נייע קראַפט דער סאָציאַליסטישער באַװעגונג.

דער סאָציאַליזם קומט אַלזאָ, ניט דורך שעהנע רייד, נאָר דורך עקאָנאָמישע ענטוויקלונג. נאַטירלאַך, א מענטש מוז אַלע מאָל האָבען ערגעץ א תירוץ איבערצובייטען זיין פירונג. קאַרל מאַרקס'עס תירוץ איז די ווערט־טעאָריע. דער ארבייטער, זאָגט ער, פארקויפט זיין ארבייטס־קראַפט. ארבייטס־קראַפט איז א סחורה ווי יעדע אנדערע. ווען איר קויפט א פערד, באַצאָלט איר דעם מקח, דער פאַרקויפער האָט די געלט און איר דעם פערד. וואָס טוט איר מיט'ן פערד? איר שפּאַנט עס איין און צווינגט עס צו ארבייטען, היינט ווען איר פארקויפט אייער ארבייטס־קראַפט, טו האָט איר די געלט, אייערע שכירות, און דער באַלעבאָס האָט אייער ארבייטס־קראַפט. וואָס טוט ער מיט אייער ארבייטס־קראַפט. ער נוצט זי, ער צווינגט אייך צו ארבייטען, וואָס איר ארבייט אוים, איז אָבער גרעסער איידער וואָס איר באַקומט. פאַרוואָס? וואָרים, זאָגט ער, דער ווערט פון א זאַך ווערט געמאַכט דורך די ארבייט וואָס עס נעמט זי צו מאַכען. צו מאַכען מענטשלאַכע ארבייטס־קראַפט, דאַרף מען דעם מענטשען האָדעווען, קאָרמענען, קליידען און אז. וו. אָט דאָס איז דער ווערט פון זיין ארבייטס־קראַפט. עס נעמט למשל זעקס שעה א טאָג דאָס אַלץ צו באַזאָרגען; דער ארבייטער ארבייט אָבער צען שעה א טאָג, דער אונטערשיד געהערט צו דעם באַלעבאָס. דאָס הייסט „מער־אַרבייט“ און דער ווערט, וואָס מען אַרבייט אוף די איבריקע פיר שעה הייסט „מער־ווערט“. דעם מער־ווערט באַקומט דער באַלאבאָס אומזיסט. דער מער־ווערט קלייבט זיך אָן; אז דער באַלאַבאָס זאָל פון דעם אָנקלייבען למשל נאָר 5% א יאָר אף זיין קאַפּיטאַל, מאַכט דאָס אוים אין צוואַנציק יאָר אזוי פיל, ווי ער האָט פון אָנהויב אריינגעלעגט אין זיין געשעפט. היינט רעכענט אוים ווי פיל עס מאַכט אין צוויי הונדערט יאָר, ווען דער קאַפּיטאַל ווערט פאַרדאָפּעלט יעדע צוואַנציק יאָר, עס איז מער ווי טויזענט מאָל אזוי פיל, ווי דער קאַפּיטאַל וואָס איז פון אָנפאַנג אָן אריינגעלעגט געוואָרען. אַלזאָ ווען א קאַפּיטאַליסט האָט מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק אף אן ערלאַכען אופן אָפּגעשפּאָרט א טויזענט דאָלאַר און האָט מיט דעם געמאַכט א געשעפט, טו האָט זיך ביי זיינע אור־אייניקלאַך פון היינט אָנגעקליבען א מיליאָן און פון דעם מיליאָן איז 999,000 „מער־ווערט“, דאָס הייסט די פרוכט פון אונבאַצאָלטע ארבייט.

צי דער חשבון איז ריכטיק צי ניט, היינגט אָפּ אין גאַנצען

פון דעם, צי די ארבייט איז די אמת'ע מאָס פון ווערט. דאָס איז אָבער קיין מאָל ניט באַוויזען געוואָרען מיט פאקטען; אויבער־חכמות זיינען קיין פאקטען ניט. א מארקסיסטישער חסיד, ווען ער הערט דאָס ווערט ער א צוקאָכטער. אויב דער קאפיטאַל איז אָנגעקליבענע אומזיסטע פראצע, טו מעג מען עס ביי די קאפיטאַליסטען אָפּנעמען, אויב אָבער ניט, טו שרייבט א ראשי־תבות אפ'ן סאָציאַליזם: „פ“ „פ“ — פארפאַלען! איי וואו איז אייער מאטעריאַליזם? וואו איז די נביאות אז דער סאָציאַליזם מוז קומען אפילע ווען איר גלויבט אין עס ניט?

האָט גאָר קיין מורא ניט: וואו שטעהט דאָס אז עס איז פאראַן נאָר איין תירוץ אף דער וועלט?

מיר וועלען זעהען אין דעם נעקסטען קאפיטעל, אז עס זיינען פאראַן נאָר אנדערע תירוצים אף איינצופירען דעם סאָציאַליזם.

זעקסטער קאפיטעל.

# סאציאליזם אלס שטאטס־רעפארמע.

קארל ראבערטוס.

קארל מארקס האט באוויזען אז דאס דער קאפיטאליסט אר־גאניזירט די ארבייט פון דער געזעלשאפט, אז דאס מיט דער צייט, ווען ער האט שוין פארטיק געמאכט די ארבייט, ווערט ער גאר איבעריק פאר דעם כלל און מ׳ קען אן עם אויסקומען.

אין דער סאציאליסטישער אגיטאציע ווערט געוועהנלאך פאר־געסען דער ערסטער פונקט, אז דער קאפיטאליסט איז נויטיק גע־ווען צו מאכען די געוואלטיקע רעוואלוציע אין דער גאנצער מענטש־לאכער פירונג, איבערצומאכען א קליין־שטעטעלדיקע, פויערשע וועלט אף א וועלט פון גרויסע שטעט, גרויסע פאבריקעם, אייזענ־באנען, טעלעגראפען, טעלעפאנען, און וועלט־האנדעל. גאנץ נא־טירלאך גיט מען דעם אולם צו פארשטעהן יענע זייטען פון קא־פיטאליזם, פון וועלכע די קאפיטאליסטישע בעל־דרשנים שווייגען שטיל, דאס הייסט, אז דער קאפיטאל איז רעוואלוציאנער און ער קען נאך זיין נאטור ניט אפשטעלען זיך ביז וואנען ער וועט ניט איבערקערען קאפויר דעם קאפיטאליזם גופא.

אין אנהויב פון די „ניינציקער״ יארען, נאך איידער בערנשטיין איז ארויסגעקומען מיט דעם רעוויזיאניזם, האט מען אין דעם בא־רימטען גריטלי־פאראיין, אין דער שווייץ, דעבאטירט די פראגע: וואס טוט די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי, ווען זי באקומט היינט אדער אין קורצען די פאליטישע מאכט אין אירע הענט? מען איז געקומען צו דער אנזיכט, אז א סאציאל־דעמאקראטישע רע־גירונג וואלט געקענט איבערנעמען נאר יענע געשעפטען, וואס גע־פינען זיך שוין אין וויניקע הענט, די איבריקע וואלט מען מו־זען לאזען אין קאפיטאליסטישע הענט. ווי מיר האבען געזעהען, איז דערזעלביקער געדאנק אויסגעדריקט געווארען אין דעם פרא־יעקט פון דער פלאטפארמע, וואס די צענטראל־קאמיטע פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער פארטיי האט דעם היינטיקען יאהר (1916) איבערגעגעבען צו אן אפשטימונג פון די פארטיי־מיטגלי־

דער. וואָס באַדייט דאָס ? אַז די קאַפּיטאַליסטען מוזען פריהער האָבען אָרגאַניזירט דעם געשעפט איידער אַ סאָציאַליסטישע פאַר־וואַלטונג קען עס נעמען אין אירע הענט. דאָס ווייזט, אַז דער קאַ־פּיטאַליסט טוט נאָך היינט צו טאָג, אַ נויטיקע ארבייט פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס קיין אנדערער קען ניט טאָן, אָדער אַז אָן דעם קאַפּיטאַליסט קען מען נאָך היינט ניט אויסקומען.

דער געדאַנק איז בפירוש אויסגעשפּראָכען אין ענטוויקעלט געוואָרען פון קאַרל ראָדבערטוס'ען אין זיין בוך „דאָס קאַפּיטאַל“. אָדער „דער פערטער סאָציאַלער בריף“, וועלכער איז שוין ערשי־נען נאָך זיין טויט.

ראָדבערטוס ווערט באַטראַכט אין דער וויסענשאַפט אַלס איינער פון די גרינדער פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. לאַסאַל האָט אין איינע פון זיינע רעדען באַרופען זיך אויף ראָדבער־טוסען אַלס איינעם פון די אנערקענטע סאָציאַליסטישע וויסענ־שאַפטס־מענער. נאָר ראָדבערטוס איז געווען אַ מאָנאַרכיסט און האָט נאַטירלאָך ניט געקענט זיין פּאָפּולער אונטער דעמאָקראַטיש גע־זאָנענע מענטשען. אָבער צוליעב דעם גופא איז אינטערעסאַנט צו וויסען, ווי ער האָט פארשטאַנען דעם סאָציאַליזם.

דער קאַפּיטאַליסט, זאָגט ער, טוט היינט צו טאָג אַ נויטיקע ארבייט פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט. ער דינט אַלזאָ דער גאַנ־צער געזעלשאַפט, אבער אונטער דער היינטיקער אָרדנונג טוט ער דאָס נאָר אויסשליסלאָך צוליב זיין אייגענעם תחלית און שטעהט ניט אונטער דער קאָנטראָלע פון דער געזעלשאַפט. דאָס מוז איבער־געביטען ווערען.

עס איז נישט דער ערסטער ביישפּיל, אַז אַ קהל'שע זאַך ווערט באַזאָרגט ווי אַ פּריוואַט־געשעפט. מיט עטלאָכע הונדערט יאָר צו־ריק איז יעדער פּריץ געווען אַ ריכטער איבער זיין מאַיאָנטעק. אין ענגלאַנד האָט זיך דאָס נאָך איינגעהאַלטען ביז גאָר ניט לאַנג צוריק, ווער עס האָט גע'ירש'ענט, אָדער געקויפט דעם מאַיאָנטעק, האָט געקויפט דאָס רעכט צו משפט'ן אין דעם מאַיאָנטעק. מיט דער צייט איז אנערקענט געוואָרען, אַז משפט'ן איז אַ קהל'שע זאַך און מ'האָט ביי'ן פּריץ אוועקגענומען דאָס רעכט און איבערגעגע־בען דעם שטאָט. פאַרצייטען האָט דער פּריץ געהאַט זיינע אייגענע סאָלדאַטען און האָט געפירט מלחמה מיט אנדערע פּריצים, עס

איז געקומען א צייט, דער שטאט האט ביי די פריצים אוועקגענומען דאס רעכט צו נעמען זיינע פויערים פאר סאלדאטען און פירען מלחמה. דאס זיינען אנערקענט געווארען פאר קהל'שע זאכען. און אקוראט אזוי איז געקומען די צייט אז דער געשעפט פון א קאפיטאליסט זאל אנערקענט ווערען פאר א קהל'שע זאך, און דער קאפיטאליסט וועט געשטעלט ווערען אונטער עפענטליכע קאנטראלע. היינט נעמט זיך דער קאפיטאליסט פאר זיין טרחה אזוי פיל ווי ער וויל און צאלט דעם ארבייטער ווי פיל ער איז געצוואונגען צו צאלען, ווען דער געשעפט פון א קאפיטאליסט זאל אנערקענט ווערען פאר א קהל'שע זאך, וועט דער שטאט באשטימען וואס פאר א פראצענט ער מעג זיך נעמען און וויפיל ער מוז צאלען דעם ארבייטער.

איר געדענקט מסתמא, אז דער פראנצויזישער סאציאליסט פוריע האט אויך דאס זעלביקע פארלאנגט, דאס הייסט אז דער קאפיטאליסט זאל באקומען א באשטימטען פראצענט פאר זיין אנטייל אין דעם קהל'שען געשעפט, און דער ארבייטער זאל אויך באקומען א באשטימטען חלק פון דעם פראדוקט.

איר מיינט דאך אז דאס איז „אוטאפיסטיש", אז עס איז א חלום, איר האט אבער א תעות: ראדבערטוס'עס אנזיכטען ווערען היינט רק מערער פארברייטעט אין אזעלכע קעפ, וואס האבען אפילו זיין נאמען קיין מאל ניט געהערט, טאקע אין קאפיטאליסטישע קעפ גופא.

## 2.

### העגרי דזשארדזש.

הענרי דזשארדזש איז אליין ניט געווען קיין סאציאליסט, הגם אין זיינע „סאציאלע פראבלעמען" איז ער געקומען זעהר נאהענט צום סאציאליזם. אבער זיין בוך איבער „פראגרעס און דלות" און זיין פראפאגאנדא אין אמעריקא און אין ענגלאנד האבען צוגעגרייט דעם ענגליש־שפרעכענדען עולם פאר די סאציאליסטישע אידעען.

ווען עס זיינען פאראן אין א געוויסען צווייג פון דער אינדוסטרי א סך קאפיטאליסטען, טו ווערט דער פרייז באשטימט דורך קאנקורענציע, און יעדער באקומט אזוי פיל, וויפיל ער האט פאר־

דינט: מיט דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט אָבער וואקסען אלערליי „נאטירליכע מאָנאָפּאָליעס" — זאָגט העגרי דזשאָרזש, ווען ישראל דער וואסער־טרעגער פלעגט ברייננגען צו אייער מאמען אין שטוב א פּאָר עמער וואסער פאר צוויי גראָשען, טו האָט ער נאָר באקומען וויפיל זיין ארבייט איז ווערט געווען ; ווען ער וואָלט בעטען דריי גראָשען, וואָלט זי באדונגען זיך מיט אן אנדער וואסער־טרעגער. אז מען האָט אָבער אין מינסק אויסגעבויט דעם וואָדאָפּראָוואָד, איז געוואָרען גאָר אן אנדער מעשה. די קאָמפּאני שטעלט אזא פרייז ווי זי וויל און איר קענט ניט געהן ערגעץ וואו אנדערס : ישראל איז געוואָרען אויס וואסער־טרעגער, און אַן וואסער קענט איר דאָך ניט זיין. מיט א יאָר זיבעציק־אכציק צור־ריק אז אייער זיידע האָט געדארפט פאָרען פון ווילנע קיין מינסק, איז געווען משה יאָג א בעל עגלה און יאנקעלע דאקשיצער, און ווען איינער האָט געבעטען צו פיל האָט מען זיך באדונגען מיט אן אנ־דערן. היינט איז קיין בעל עגלות מער ניטאָ, אז איר ווילט פאָרען פון ניו־יאָרק קיין פילאדעלפיע, מוזט איר באצאלען פאר א טיקעט (א בילעט) אף דער באן וויפיל מען פארלאנגט. אז איר ווילט, קען איר אפּטאָן דער אייזענבאן, — איר מעגט געהן צו־פוס, אָדער פאָרען אף אן אויטאָמאָביל. איר מעגט, אָבער איר קענט ניט ! דאָס רופט העגרי דזשאָרדזש א נאטירלאכע מאָנאָפּאָליע. א מאָנאָפּאָליסט שטעלט אזא פרייז, וואָס עס געפעלט עם. דאָס איז ניט קיין ארענטלאכער פרייז, ווי עס פירט זיך צווישען ארענטלא־כע סוחרים, דאָס הייסט באררייסען. ווי אזוי קען ער באררייסען דעם גאנצען פּובליקום ? וואָרים דער געזעץ האָט עם געגעבען א פּריווילעגיע. ווען די גאז־קאָמפּאני וויל לייגען פּייפּס (טרובעס) מוז זי אופרייסען די גאסען און די גאסען באלאנגען צי דער שטאָט אָן א קאָנצעסיע „(פרענטשייז") פון שטאָט קען די קאָמפּאניע דאָס ניט טאָן. אלזאָ פון וואנען קומט דער פּראָפיט פון דער מאָנאָ־פּאָליע ? פון דער פרענטשייז, דאָס הייסט פון דעם שטאָט. פאר וואָס האָט די שטאָט עם געגעבען די פרענטשייז. לטובת הכלל : כדי יענער זאָל אויסבויען אן אייזענבאן, אָדער א וואָדא פּראָוואָד און דערגלייכען, ווען דער מאָנאָפּאָליסט באררייסט דעם עולם, איז דאָס די פליכט פון שטאָט ארייגצומישען זיך און אוועקנעמען פון עם די מאָכט צו באדריקען דעם פאָלק. דערפאר פארלאנגט העגרי

דזאדזש, אז אלע גאמירלאכע מאנאפאליעם זאלען באלאנגען צום
שטאט.

היינט ווייסט איר, אז אין די אלע זאכען איז אריינגעלעגט
א קאפיטאל וואס איז פיל מער איידער אין אלע פאבריקעם ? ווען
די אלע זאכען וועלען איבערגעהן צום שטאט, הייסט דאס, אז א
העלפט פון די פראדוקציאנס מיטעל געהט איבער אין דעם אייגענ־
טום פון שטאט. דער סאציאליזם, ווי איר געדענקט, באדייט אז
אלע פראדוקציאנס־מיטעל זיינען דאס אייגענטום פון שטאט. ווען
א העלפט פון די פראדוקציאנס מיטעל געהט איבער צו דער שטאט,
באדייטעט דאס א העלפט סאציאליזם.

אלזא פאר איין העלפט סאציאליזם האבען מיר גאר א גייעם
תירוץ. און וואס איז נאך וויכטיקער, — די ערסטע העלפט ווילען
איינפירען אזעלכע לייט, וואס זיינען גאנץ צופרידען, אז די אנדערע
העלפט זאל בלייבען קאפיטאליסטיש. אלזא א העלפט פון סאציא־
ליזם וועט מקוים ווערען דורך די געגנער פון סאציאליזם.

נאך אמאל זשע : קיין מאנאפאליעם דארף ניט זיין, ווען
קאנקורענציע איז אונמעגלאך אין א געשעפט, טו מוז דער געשעפט
באלאנגען צו דעם שטאט, דאס הייסט צום כלל. היינט שטעלט זיך
א קשיא : ווען עס ווערט א טראסט אין אן אנדער געשעפט, למשל
אין שוועבלאך ? איז דער ענטפער אז אזא געשעפט דארף אויך
באלאנגען צים שטאט. ווער זאגט דאס, די סאציאליסטען ? חלילה,
די קאמיסיע פון פופצען קאנגרעסלייט און פאליטישענס, וואס פרע־
זידענט מאק־קינלי האט אנגעשטעלט, זיי זאלען דערגעהן אלצדינג
איבער די אינדוסטרי אין די פאראייניקטע שטאטען. די קאמיסיע
זאגט טאקע בפרוש אזוי : ווען דער שטאט מעג אוועקנעמען די
אייזענבאנען, מחמת זיי זיינען א מאנאפאליע, טו מעג מען אוועק־
נעמען יעדען אנדערען געשעפט וואס איז אויך א מאנאפאליע. היינט
מיר ווייסען דאך, אז אלע צווייגען פון געשעפט איינער נאך דעם אנ־
דערען פאלען אריין אין די הענט פון טראסטס, דאס הייסט מיט
דער צייט וועט יעדער געשעפט ווערען א מאנאפאליע. אלזא וועט
דער שטאט האבען דאס רעכט אוועקצונעמען אלע געשעפטען פון
די קאפיטאליסטען. דאס איז דער תירוץ פאר די אנדערע העלפט
סאציאליזם. אט אזוי זיינען מיר שוין פארזארגט מיט תרוצים
פאר'ן גאנצען סאציאליזם. און גאר אז דער ווערט־טעאריע. מיט

וואָס זיינען די תרוצים ערגער פאר אַנדערע ? מע וויל דאָך ניט
די הגדה, מע וויל די קניידלאַך, טו וואָס מאכט דאָס אוים מיט וואָס
פאַר א תירוץ מען קומט צום סאָציאַליזם ?

ז י ב ע ט ע ר  ק א פ י ט ע ל.

# אינדוסטריעלע קריזיסען און דער „צוזאמענברוך“ פון קאפיטאליזם.

## 1.

### ד י  ט ע א ר י ע  פ ו ן  ד ע ר  „א ו נ ט ע ר ק א נ ס ו מ פ-צ י א ן“.

דער גלויבען אין א „סאציאלע רעוואלוציאן“ שטיצט זיך אף דעם פאקט, אז דער גאנג פון דער קא-פיטאליסטישער אינדוסטרי ווערט אונטערבראכען דורך אינדוסטרי-עלע קריזיסען, וואס ווערן גרעסער און גרעסער, אז די צייט פון איין קריזיס ביז דעם אנדערען ווערט רק קירצער, און סוף כל סוף מוז קומען צו א כראנישען קריזיס, וואס וועט ברינגען א פאלשטענדי-קען באנקראט פון דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט און וועט זיך אויסלאזען מיט א „סאציאלער רעוואלוציאן“. לאמיר באטראכטען די דאזיקע טעאריע גענויער.

אין וואס באשטעהט א קריזיס? פאבריקעס ווערען געשלאסען, ארבייטער געהען ארום ליידיק, די קראמען זיינען געפאקט מיט וואַ-רע, אבער עס געפינען זיך קיין קויפער ניט. אלצדינג איז פאראן מער ווי מען באדארף, און דערפאר פעלט אלצדינג ביי אלעמען: עס זיינען פאראן אי מאשינען, אי מאטעריאלען, אי ארבייטער זיי צו באארבייטען, אבער די ארבייט שטעהט. עס זיינען פאראן צו-פיל שיך און דערפאר געהען ארום די ארבייטער אן פאדעשוועס.

פון וואנען קומט עס? מען ווייס אז פארצייטען איז דאס ניט געוועזען אזוי. עס זיינען געוועזען ארעמע לייט, וואס עס האט זיי גע-פעלט אלצדינג, עס זיינען געוועזען גברים, וואס האבען געהאט מער ווי זיי האבען געדארפט. אבער א גביר זאל באנקראטירען דערפאר, וואס ער האט צופיל ווארע אין זיינע קראמען, דערפון האט מען ניט געוואוסט. די האנדעלס-קריזיסען זיינען געקומען צוזאמען מיט דעם קאפיטאליזם, פון וואנען זשע נעמט זיך א קריזיס אונטער דעם קא-פיטאליזם? אף דערויף איז פאראן א פארטיקער ענטפער: דער אר-בייטער קריגט נאר א טייל פון דעם פראדוקט פון זיין ארבייט, דעם אנדערען טייל נעמט צו דער קאפיטאליסט. דער ארבייטער פאר-

צערט זיין טייל, דאָס הייסט מיט זיינע שכירות קויפט ער וואָס ער האָט נויטיק פאַר זיך און זיין פאַמיליע, דער קאַפּיטאַליסט פאַר־צערט אויך עפּעס, אָבער ער איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. ווי־פיל קען אַ מענטש אופּעסען? מער ווי איין פאַר הויזען אַנטאָן מיט אַמאָל קען דאָך דער קאַפּיטאַליסט אויך ניט. אלזאָ, דעם גרעסטען טייל פון זיין פּראָפיט שפּאָרט ער אָפּ. אָט די אָפּגעשפּאָרטע געלט מוז ער אריינלייגען אין אַ נייעם געשעפט. דאָס זעלבע ווידערהאָלט זיך ווייטער, נאָר אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב. און וואָס ווייטער ווערט דער אונטערשיד צווישען דעם גאַנצען פּראָדוקט און די שכירות פון די ארבייטער אַלץ גרעסער. עס הויפען זיך אָן וואַרען אין די קראָמען, וואָס קענען ניט פארקויפט ווערען. די קרעמער האָ־רען אויף צו קויפען. די פאַבריקאַנטען זיינען געצוואונגען אָפּצושטע־לען זייערע פאַבריקען, ביז דער איבעריקער פּראָדוקט וועט פאַר־צערט ווערען, און דעמאָלט הויבט זיך ערשט אָן די זעלבע חד גדיא נאָר פון אָנהויב.

קורץ גערעט זאָגט מען, אַז קריזיסען קומען פון „איבער־פּראָדוקציאָן" און „אונטערקאָנסומפּציאָן". און היות ווי דער עצם פון דעם קאַפּיטאַליזם איז די אונטערקאָנסומפּציאָן פון דעם ארבייטער, מוז סוף כל סוף קומען אַזאַ קריזיס, וואָס וועט מאַכען אַן ענד פון דעם קאַפּיטאַליזם און אינסטאַלירען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן*).

געוועהנטלאָך מיינט מען אַז דאָס איז די סאַמע אמת'ע תורה פון קאַרל מאַרקס. דאָס איז ניט מער ווי אַ בלבול אויף דעם גרויסען געלערענטען. אין דעם ווייטערען טייל פון דעם קאַפּיטעל וועל איך ווייזען, ווי מאַרקס אַליין ערקלערט די קריזיסען.

## 2.
## צירקולאַציאָן פון וואַרען און צירקולאַציאָן פון קאַפּיטאַל.

דער מענטש געפינט זעהר ווייניק פאַר זיך אין דער נאַטור פאַר טיקערהייט, ער מוז אומארבייטען וואָס ער געפינט, איידער ער קען

*) די מיינונג איז זעהר היים אויסגעשפּראָכען געוואָרען אין דעם רוסישען סאָציאַל־דעמאָקראַטישען זשורנאַל „פּראַוודא" — אין 1904, צוריך, אָבער דאָס איז ניט דער איינציקער אַרטיקעל. ציטירען — וואָלט מען געדאַרפט די גאַנצע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור.

עס באנוצען. נעמט אפילע די ווילדע מענטשען, האָבען זיי אַ סאָרט סוכה אין וועלכער זיי שלאָפען, געווער אף צו שיסען חיות, עפּעס אַ געצייג אף צו האפּען פיש. א שארפען ביין אף צו שניידען, און נאָך אַ סך זאכען וואָס זיינען באשאפען געוואָרען דורך די ארבייט פון דעם מענטשען. די אלע ארבייטען מיט וועלכע די געזעלשאפט האלט זיך אויף, רופט מען „ווירטשאפט“, אָדער „עקאָנאָמיע“.

אזוי ווייט ווי מיר ווייסען, האָבען די מענטשען שטענדיק גע־לעבט אין גרופען און שבטים אָדער משפחות*). גאָר פון אָנהויב פלעגט יעדע געזעלשאפטליכע גרופּע מאכען פאר זיך אלצדינג וואָס זי האָט פארברויכט. אזא ווירטשאפט רופט מען „נאַטוראלע ווירט־שאפט“.

עס מאכט ניט אויס ווי דער פּראָדוקט ווערט צוטיילט צווישען די מיטגלידער פון אזאַ געשעפט: אין אַ פרייער פויערשער פא־מיליע ווערט אלצדינג פארברויכט פון אירע מיטגלידער. אין א גרופּע וואו עס זיינען פאראן א האר און שקלאפען, נעמט דער האר צו דעם גרעסטען און דעם בעסטען חלק, — אבער אזוי צי אזוי, איז דאָס א נאַטוראלע ווירטשאפט, וואָרים אלץ ווערט געמאכט פאר דעם אייגענעם געברויך פון די מיטגלידער פון דער ווירטשאפטליכער גרופּע.

אין אן ענטוויקעלטער געזעלשאפט אבער קען קיין איינציקע ווירטשאפטליכע גרופּע ניט אויסקומען נאָר מיט אזעלכע זאכען, וואָס זי האָט אליין געמאכט מיט איר אייגענער ארבייט, א סך זאכען מוז זי קויפען אין מארק. אלזאָ א טייל פון דעם פּראָדוקט פון יעדער

---

*) צי עס זיינען געווען אַזעלכע מענטשען, וואָס האָבען געלעבט איינציקוויז, אָן אַ געזעלשאַפט, יעדער איינער נאָר פאר זיך, אַזוי ווי הינט, דאָס ווייסען מיר ניט גענוי. רייזענדע, וואָס האָבען געזעהען ווילדע מענטשען, דערצעהלען פון אַזעלכע ביישפּילען, אָבער צי מען קען זיך אף זיי פארלאָזען, אַז זיי האָבען פארשטאַנען דעם לעבען פון די ווילדע, מיט וועלכע זיי האָבען זיך צוזאמענגעטראפען, איז אַ פראגע. מיר ווייסען ווי ווייניק מען קען זיך פארלאָזען אפילע היינט אף די באַ־שרייבונגען פון די קאָרעספּאָנדענטען, וואָס קומען אין אַ פרעמדע לאַנד. אָבער ווען עס זיינען אפילע וואו־עס־איז און ווען־עס־איז געווען אַזעל־כע מענטשען, זיינען דאָס אויסנאַמען. „דער מענטש איז אַ געזעלשאַפט־כע חיה“, זאָגט דער גריכישער פילאָסאָף אריסטאָטעלס.

ווירטשאפטליכער גרופּע ווערט געמאכט פאר'ן מארק. זי איז א „וואַ־רע" וואָס מוז אויסגעביטען ווערען אף אנדערע ווארען. דאָס רופט זיך אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע „געלט ווירטשאפט".

היינט לאָמיר א קוק טאָן וואָס איז דער פונדאַמענטאלער אונ־טערשיד צווישען א נאַטוראלע ווירטשאפט און א געלט־ווירטשאפט. אין א נאַטוראלער ווירטשאפט ווערט יעטוועדע זאך געמאכט פאר דעם אייגענעם געברויך: דער פּויער וויים וואָס ער דאַרף און טיילט איין אזוי זיין ארבייט, אז עס זאָל זיין צייט פאר אלצדינג. דער פּריץ וויים אויך וואָס ער דאַרף און ער פארזאגט זיינע פּויערים, זיי זאָ־לען עם צושטעלען אַזוי פיל פון דעם און אַזוי פיל פון יענעם. עס קען זיך טרעפען, אז א פּויער זאָל האָבען מער תבואה, אָדער מער קיה איידער ער באַדאַרף. אָזאַ פּויער רעכענט זיך פאר א גביר. עס קען זיך טרעפען אז דער פּריץ האָט מער פארשידענע זאכען איידער ער קען פארברויכען, ליגט עס ביי עם אין די שפּייכלערס. וואָס איז דאָ פאר אן אומגליק?

אין א געלט־ווירטשאפט איז נאָר אנדערש. דער מאַן וואָס האָט פּראָדוצירט אף צו פארקויפען אין מארק, האָט זיך ביי קיינעם ניט נאָכגעפרעגט, צי מען דארף זיין ווארע, צי ניט. ער ארבייט זיך און ער ברענגט זיין ווארע אין מארק. ער האָפט, אז ער וועט געפינען א קונה. עס איז זעהר מעגלאך אבער, אז מען האָט געמאכט צופיל פון זיין סאָרט ווארע און ער וועט אף זיין ווארע קיין קונים ניט געפינען. פאר עם אליין טויג זי ניט, — וואָס קען א איד א קירזשנער טאָן מיט אַ צענדליק אָפּיצערסקע היטלען? דורך דעם וואָס ער האָט אן איבערפלוס איז ער נאָר קיין גביר ניט, פּונקט פאַרקערט, כל זמן ער קען ניט פארקויפען זיין ווארע, האָט ער קיין געלט ניט מיט וואָס צו קויפען אנדערע.

אלזאָ, די געלט־ווירטשאפט צושייט דעם בעל מלאכה, וואָס מאכט די ווארע, דעם „פּראָדוצענט", פון יענעם וואָס ניצט זי, פון דעם „קאָנסומענט", און שאפט דערמיט די מעגלאכקייט פון אי־בערפּראָדוקציאָן, ווען עס איז נאָך גאָר קיין קאפּיטאליסטישע פּראָ־דוקציאָן ניטאָ.

היינט לאָמיר געהען ווייטער. עס האָט זיך שוין פּאַיאַוועט א קאפּיטאליסט, וואָס האָט א פאבריקע מיט געדונגענע ארבייטער. דער ארבייטער קריגט ניט דעם גאנצען פּראָדוקט פון זיין ארבייט, א

טייל פון עס בלייבט ביי דעם קאפּיטאַליסט. ער פאַרקויפט עס און צוטיילט דעם ווערט צווישען אַלע אַפּטיילונגען פון דעם קאַפּיטאַ־ליסטישען קלאַס: דער באַנקיר, דער סוחר, דער לענדלאָרד, דער שטאַאַט, קריגט יעדער אַ חלק. דעם ווערט פון די אַלע חלקים צוזאַ־מען רופט מאַרקס „מערווערט", דעם פּראָדוקט גופא אין וועלכען דער מערווערט בעשטעהט רופט ער „מערפּראָדוקט", און די אַרבייט דורך וועלכע ער ווערט באַשאַפען, רופט ער „מעראַרבייט".

מעראַרבייט און מערפּראָדוקט זיינען באַשטאַנען טויזענטער יאַ־רען איידער דער קאַפּיטאַליזם איז געבאָרען געוואָרען. דער שקלאַף האָט געמאַכט מעראַרבייט, דאָס הייסט, ער האָט געאַרבייט מער איי־דער דאָס איז נויטיק געווען פאַר עם צו לעבען. דער פּראָדוקט פון זיין מעראַרבייט, דער מערפּראָדוקט, איז געבליבען ביי דעם בעל הבית פון דעם שקלאַף, אָבער קיין „מערווערט" איז ניט געווען, וואָ־רים דעם מערפּראָדוקט האָט דער בעל הבית ניט פאַרקויפט, נאָר עס איז געבליבען ביי עם פאַר זיין אייגענעם געברויך. אַלזאָ דער אונטערשיד צווישען קאַפּיטאַליזם און די פריהערע לעבענספאַר־מען פון דער געזעלשאַפט באַשטעהט נאָר אין דעם, וואָס אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט מוז דער מערפּראָדוקט פאַרקויפט ווערען. טויזענטער יאָרען האָבען די אַרבייטער געליפערט דעם הער־שענדען קלאַס מערפּראָדוקט, אָבער פון קיינע אינדוסטריעלע קרי־זיסען האָט מען ניט געוואוסט, ביז דעם אָנפאַנג פון קאַפּיטאַליזם. דערפון קען מען שוין זעהען, אַז ניט אין דערין איז די אורזאכע פון קריזיסען, וואָס דער אַרבייטער קריגט ניט דעם מערפּראָדוקט, נאָר אין דעם וואָס דער מערפּראָדוקט מוז פאַרקויפט ווערען. די אורזאַ־כע פון קריזיסען איז אַלזאָ ניט אין דער עקספּלואַטאַציע פון דעם אַרבייטער, נאָר אין מאַרק.

יעדער פּראָדוקט ווערט געמאַכט פאַר אַ געוויסען געברויך. ווי־באַלד עס האָט זיך געענדיגט די פּראָדוקציאָן, מוז ער אָנקומען אין דעם געביט פון געברויך (קאָנזומפּציאָן אָף טייטש). ער קען גענוצט ווערען פאַר דעם פערזענליכען באַדאַרף, צום ביישפּיל, געבאַקטע ברויט, פאַרטיקע קליידער, פּאַפּיראָסען, אָדער אַלס מאַטעריאַל פאַר פּראָדוקציאָן, צום ביישפּיל, מעל אין דער בעקעריי, טוך אין דעם שניידער־שאַפּ, טאַבאַק אין דער ציגאַר־פאַבריק און דערגלייכען. אין אַ נאַטוראַלער ווירטשאַפט איז דער איבערגאַנג פון פּראָדוקציאָן צום געברויך אַ דירעקטער: די לייוועגט וואָס אַ יאַראָסלאַווער מוזשיק

פלעגט ליפערען דעם פּריץ, פלעגט געניצט ווערען ביים פּריץ אין הויז. היינט מוז דער פאבריקאנט פון לייוועגט פארקויפען זיין ווארע, און יענער וואס דארף די לייווענט, מוז עס קויפען. צווישען פּראָדוקציאָן און געברויך טרעט איין אלזא אן אונטערברעכונג. — דער פארקויפען און דער קויפען. דאָס רופט זיך „צירקולאציאָן". דער צוועק פון צירקולאציאָן איז אריבערצוברענגען די ווארען פון דעם פּראָדוצענט צו דעם קאנסומענט. אין אן ענטוויקעלטער ווארען־ווירטשאפט ווערט דאָס באזארגט דורך געלט: דער פּראָדוצענט פארקויפט זיין ווארע און קריגט באצאָלט מיט געלט, און מיט די געלט קויפט ער אנדערע ווארען, וואָס ער דאַרף אליין פאר זיין געברויך. אלזא אין דער ווארען־ווירטשאפט ווערט, ראשית, די ווארע איבערגעביטען אף געלט און די געלט ווערט איבערגעביטען אף אנדערע ווארען. אבער דאָס מוז מען פארשטעהן: ווען חיים יאנקעל פארקויפט זיין ווארע צו טאָדרעסען, מוז טאָדרעס האָבען די געלט, און פון וואנען האט עס טאָדרעס גענומען? ער האָט שוין פריהער פארקויפט זיין ווארע און אף דעם אופן איז ער איצט דער קויפער. אלזאָ די צירקולאציאָן פון איין ווארע איז צוזאמענגעטשעפעט מיט דער צירקולאציאָן פון אנדערע ווארען. די גאנצע קייט פון קויפען און פארקויפען בילדעט אוים די גאנצע צירקולאציאָן פון ווארען אין דער געזעלשאפט. אבער דאָס איז נאָך ניט די צירקולאציאָן פון קאַפּיטאל.

וואָס הייסט „קאפּיטאל"? אנגעקליבענער מערווערט, וואָס ווערט באנוצט אף ארויסצושלאָגען א נייעם מערווערט.

היינט לאָמיר זיך איינקוקען ווי עס געהט פאָר די פּשוט'ע צירקולאציאָן פון ווארען. עס הויבט זיך אָן פון דער ווארע, זי ווערט אומגעביטען אף געלט און די געלט ווערט ווידער אומגעביטען אין ווארען, נאַטירליך אין אנדערע סאָרטען ווארען. מיט דעם קאפּיטאל איז עס אנדערש. עס הויבט זיך אָן דערמיט, אז א קאפּיטאליסט לעגט אריין זיין געלט, פאר די געלט ווערען געקויפט אלערליי ווארען,— מאשינערי, מאטעריאלען און ארבייטסקראפט. די אלע ווארען ווערען גענוצט אין דער פאבריקע צו פּראָדוצירען נייע ווארען. דער פּראָדוקט האָט א גרעסערען ווערט איידער די אריינגעלעגטע געלט. ער ווערט צום שלום פארקויפט, דאָס הייסט איבערגעביטען אף געלט.

די צוויי מינים צירקולאציאָן זיינען אין גרונד פארשידען איינע פון דער אנדערער. ווען די פּשוט'ע צירקולאציאָן פון ווארען איז גע־

ענדיגט, האָט יעדער די וואַרע וואָס ער באַדאַרף פאַר זיין געברויך, דאָס איז אַלזאָ דער סוף. כדי די צירקולאַציאָן זאָל זיך ווידער אָנהויבען, מוז געשאַפען ווערן אַ נייע וואַרע, די אַלטע צירקולירט שוין ניט מער. למשל, אַ פויער האָט געבראַכט אַ קאַלב אין מאַרק, ער האָט די קאַלב פאַרקויפט און געקויפט זאַלץ, אייזערנע צוועקעס, אַ שער פאַר די שעפסען, אַ האַק. די אַלע וואַרען וועט ער שוין ווידער ניט פאַרקויפען. כדי די צירקולאַציאָן פון וואַרען זאָל זיך ביי עם ווידער אָנהויבען, מוז ער שאַפען אַ נייע וואַרע. ער מוז ברענגען אין מאַרק אַ חזיר, אָן ענדיק, אָבער דער שאַפען פון די נייע וואַרען, פון דעם חזיר אָדער פון דעם ענדיק, האָט גאָר קיין שייכות ניט צו דער צירקולאַציאָן פון דער קאַלב, וואָס ער האָט פריהער פאַרקויפט, אָדער פון די שער, וואָס ער האָט פריהער געקויפט.

די געלט קומט דאָ אריין ניט מער ווי אַלס אַ מיטעל, דורך וועלכען איין וואַרע ווערט איבערגעביטען אויף אַנאַנדערע. הגם די פּראָדוקציאָן איז שוין אָפּגעזונדערט פון דעם פאַרברויך, דער צוועק אָבער פון דער צירקולאַציאָן איז צו ברענגען די וואַרען צו די יעניקע וואָס וועלען זיי פאַרברויכען.

אין דער קאַפּיטאַליסטישער צירקולאַציאָן איז די מעשה גאָר אַנדערש. זי הייבט זיך אָן פון געלט און ענדיקט זיך מיט געלט. צום סוף אַלזא, געפינט זיך דער אַריינגעלעגטער קאַפּיטאַל אין אַזאַ פאָרמע, אין וועלכער ער קען ווידער אַריינגעלעגט ווערען אין געשעפט, דאָס הייסט ווידער אַריינטרעטען אין צירקולאַציאָן.

פריהער, די פּשוט'ע צירקולאַציאָן איז באַשטאַנען פון פאַראיינצעלטע אַקטען, די קאַפּיטאַליסטישע צירקולאַציאָן, פאַרקערט, קען געהן אָן אונטערברעכונג. דער צוועק פון די צירקולאַציאָן איז ניט דער פאַרברויך פון די וואַרען, נאָר זייער ווערט אין געלט, און נאַטירליך פאַרגרעסערטער ווערט. ניט דער פאַרברויך איז דער צוועק פון דער קאַפּיטאַליסטישער צירקולאַציאָן, נאָר דער מערווערט.

לאָמיר איצטער אונטערזוכען דעם גאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער צירקולאַציאָן גענויער. דער ערסטער אַקט באַשטעהט אין דעם וואָס געלט ווערט אויסגעגעבען אויף איינצוקויפען אַלערליי וואַרען. זיי קענען אַלע צוטיילט ווערען אין צוויי קלאַסען: ערסטענס, ווערט געלט אויסגעגעבען אויף פּראָדוקציאָנס מיטלען, עס הייסט, מאַשינען,

מאטעריאלען און, צווייטענס, ווערט אויסגעגעבן געלט אף צו קויפען ארבייטס־קראפט — „הענט“.

אין דעם האנדעל צווישען דעם קאפיטאליסט און דעם ארבייטער איז דער קאפיטאליסט דער קויפער, דער ארבייטער — דער פארקויפער. דער ארבייטער פארקויפט זיין איינציקע ווארע, זיין ארבייטס קראפט. דאס איז די ערסטע העלפט פון דער צירקולאציאן פון זיין ווארע. נאך דער ערסטער העלפט קומט די צווייטע: דער איינקויפען פון ווארע, וואס דער ארבייטער באדארף. דאס הייסט אז דער קאפיטאליסט פארגרעסערט דעם מארק: פאר דעם אנפאנג פון קאפיטאליזם פלעגט דער פויער פארקויפען נאר דאס וואס עס איז געווען איבעריק פאר עם, אין זיין אייגענער ווירטשאפט. דעם גרעסטען טייל דערפון וואס ער האט פארברויכט, האבען זיי פראדוצירט פאר זיך און עס איז קיין מאל ניט געקומען אין מארק. אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט פארקויפט דער לוין־ארבייטער זיין גאנצע ארבייטס־קראפט און ער מוז קויפען אין מארק אלץ וואס ער דארף. דאס הייסט דער קאפיטאליזם פארניכטעט אין גאנצען וואס איז נאך איבערגעבליבען אין דער ווארען־פראדוקציאן פון דער נאטוראל־ווירטשאפט: די געלט־ווירטשאפט ווערט אלגעמיין.

ווייטער איז פאראן נאך אנאנדער אונטערשיד צווישען דער פשוט'ער צירקולאציאן פון ווארען און דער קאפיטאליסטישער צירקולאציאן, אין דער פראסטער געהט זיך פאר די פראדוקציאן גאנץ אונאבהענגיק פון דער צירקולאציאן, די צירקולאציאן נעמט אריין נאר דעם האנדעל. אין דער קאפיטאליסטישער צירקולאציאן מוז יעדער אקט פון צירקולאציאן אין א געוויסער צייט אונטערבראכען ווערען דורך די פראדוקציאן. דער קאפיטאליסט קויפט די פראדוקציאנס־מיטלען און די ארבייטס־קראפט און פארברויכט זיי. אבער דער רעזולטאט פון דעם פערברויך איז א נייע ווארע. דאס רופט זיך „פראדוקטיווער פארברויך“. דער אונטערשיד צווישען פערזענליכען פארברויך און פראדוקטיווען פארברויך באשטעהט אין דעם, וואס אין דעם פרעזענליכען פארברויך ווערט די ווארע פארצערט און קען שוין מער ניט צירקולירען, בעת דער פראדוקטיווער פארברויך שאפט א נייע ווארע, וועלכע טרעט ווידער אריין אין צירקולאציאן. די פראדוקציאן איז אלזא נויטיק כדי די צירקולאציאן זאל זיין פאלשטענדיק.

דאָס איז אַלזאָ דער „קרייזלויף“ פון דעם געלט־קאַפּיטאַל. ווען דער לויף איז געענדיגט, געפינט זיך דער קאַפּיטאַל אין דער פאָרמע פון געלט, און געלט קען צו יעדער צייט ווידער אָנהויבען דעם זעלבען לויף. עס דרעהט זיך תמיד ארום און ארום: פון געלט ווערט ווארע, די ווארע ווערט אריינגעוואָרפען און די פּראָדוקציאָן, אָדער ווי דער טייטש זאָגט, זי ווערט פערוואַנדעלט אין פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, פון דעם פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל ווערט געבאָרען א נייע ווארע, די ווארע ווערט פערוואַנדעלט אין געלט, פון געלט ווערט ווארע.

ווען איר קוקט ווי א ראָד דרעהט זיך, קענט איר זאָגען וואו זי הויבט זיך אָן צו דרעהען און ווען זי האָט זיך ארומגעדרעהט איין מאָל ארום איר אקס ? עס ווענדעט זיך אָן אייך, וועלכען פונקט איר ווילט אויסקלייבען פאר אייער אָנהויב. אזוי איז מיט דער צירקולאציאָן פון קאַפּיטאַל. מיר האָבען געזעהען דעם קרייזלויף פון דעם געלט־קאַפּיטאַל, אָבער ווען איר וועט זיך גוט איינקוקען, קענט איר זעהן, אז איר קענט אָנהויבען דעם צירקעל מיט דעם פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, אָדער מיט דעם ווארען־קאַפּיטאַל, אויב איר ווילט, נעמליך:

1.) עס הויבט זיך אָן פון פּראָדוקציאָן, פון דעם פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל ווערט געבאָרען א ווארע, אָדער ווארען־קאַפּיטאַל, די ווארע ווערט איבערגעגעבען אַף געלט, די געלט ווערט איבערגעבעבען אַף ווארען, די ווארען ווערען באַנוצט אלס פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל א. ז. וו.

2.) אָדער איר קענט אָנהויבען פון דער אויסגעפערטיקטער ווארע, דאָס הייסט פון דעם ווארען־קאַפּיטאַל, די ווארע ווערט איבערגעגעבען אַף געלט, די געלט ווערט איבערגעגעבען אַף ווארען, די ווארען ווערען באַנוצט אלס פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל, דער רעזולטאַט דערפון איז א נייע ווארע א. ז. וו.

איר זעט ווי די צירקולאַציאָן פון קאַפּיטאַל איז צוזאַמענגעבונדען מיט דער פּראָדוקציאָן. אין דער פשוט׳ער צירקולאַציאָן פון ווארען מעג זיך די פּראָדוקציאָן געהען ווייטער, צי דער פּראָדוקט געפינט א קויפער, צי ניט. דער פויער וועט זייען תבואה צי ער האָט פארקויפט די פאר־א־יאָריקע צי ניט. דער קאַפּיטאַליסט וואָס האָט א גרויסען מאַגאַזין מוז פארקויפען זיין תבואה, כדי

ער זאָל האָבען געלט מיט וואָס צו דינגען ארבייטער און פירען זייןווירטשאַפט ווייטער.

אָבער אין דער קאַפּיטאַליסטישער צירקולאַציאָן איז מעגלאַך, עס זאָל זיך נאָר אָפּרוכטען אז די וואַרע איז בלומרשט פאַרקויפט. די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן ברענגט וואַרען אין די וועלט אין גרויסע מאַסען, און זיי מוזען פערקויפט ווערען מאַסענווייז. דער קויפער אין דעם קאַפּיטאַליסטישען מארק איז קודם כל דער האָלסיילער. (אפּטאָווער הענדלער). דער פאַבריקאנט (דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליסט) קריגט באַצאָלט פאַר זיין וואַרע און געהט ווייטער פּראָדוצירען, ניט וויסענדיק און ניט קימערענדיק זיך וועגען דעם, וואָס דער האָלסיילער וועט טאָן מיט זיין וואַרע. עס קען זיך טרעפען, אז די וואַרע וועט בלייבען ערגעץ ליגען אופ׳ן פּאָליצע, אָבער דער פאַבריקאנט וועט זיך דערווייל געהן ווייטער מיט זיין פאַבריקע אזוי ווי בעפאָר. אין דער פּראָסטער וואַרען־פּראָדוקציאָן איז דאָס געוועזען אונמעגלאַך, וואָרים די וואָרען ווערען פּראָדוצירט פאר׳ן קונד אף׳ן אָרט. דעריבער זיינען איבערפּראָדוקציאָן און קריזיסען געוועזען אונבאַקאַנט.

מילא, דער קרייזלויף פון דעם פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל ווערט אונטערבראָכען דורך די צירקולאַציאָן פון דער וואַרע, וואָס ער פּראָדוצירט: די וואַרע ווערט פאַרקויפט פאַר געלט, די געלט ווערט ווידער אריינגעלייגט אין וואַרען. דאָ דאַרפען מיר זיך אייגקוקען נעהנטער. דער פאַבריקאנט האָט אריינגעלייגט א געוויסען קאַפּיטאַל אין פּראָדוקציאָן, און ווען די פּראָדוקציאָן איז געענדיגט, בעמט ער ארויס פון אַ גרעסערען ווערט, איידער דער קאַפּיטאַל וואָס ער האָט אריינגעלייגט. די פּראָדוצירטע וואַרע ענטהאַלט אַלזאָ אין זיך דעם מערוווערט. וואָס טוט זיך אָבער ווייטער מיט דעם מערוווערט? דער קאַפּיטאַליסט קען עם פאַרצערען אין גאַנצען, דעמאָלט הויבט זיך אָן דער קרייזלויף פון זיין קאַפּיטאַל ווידער מיט דעם זעלבען ווערט ווי גאָר פון אָנהויב. אָדער א טייל פון דעם מערוווערט ווערט באַנוצט אף אויסצוברייטען די פּראָדוקציאָן. אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן איז דאָס דער כלל. די אויסברייטונג פון פּראָדוקציאָן קען באַשטעהן ענטוועדער אין דעריין, אַז די עקזיסטירענדע געשעפטען ווערען געפירט אף א גרעסערען פוס, אָדער אז עס ווערען געגרינדעט נייע. אבער דערצו איז נויטיק אַ געוויסע פּראָפּארציע פון דעם קאַפּיטאַל. אויב דער

צואוואקס פון אַ געוויסען קאַפּיטאַל איז צו קליין, מוז דער מערווערט אָנגעקליבען ווערען אין מזומנים. דאָס זעלבע קומט פֿאָר אין אַלע געשעפטען, עס ווערט אַלזאָ אָנגעקליבען אין דער געזעלשאַפט אַ געלט־פֿאָנד. אָט דער פֿאָנד ווערט אריינגעטראָגען אין די באַנקען, דאָרט ווערט עס באַנוצט אַף צו גרינדען נייע אונטערנעמונגען און אויך אַלס קרעדיט־פֿאָנד, ווען די אומשטענדען מאַכען עס נויטיק.

ווען מיר באַטראַכטען אַן אייצעלנעם קאַפּיטאַל, באַמערקען מיר, אַז, אין זיין קרייזלויף זיינען פֿאַראייניקט פּראָדוקציאָן און צירקולאַציאָן. אין דעם קרייז־לויף פֿון דעם געלט־קאַפּיטאַל ווערט די צירקולאַציאָן אונטערבראָכען דורך פּראָדוקציאָן. אין דעם קרייזלויף פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל ווערט די פּראָדוקציאָן אונטערבראָכען דורך צירקולאַציאָן. אין דעם קרייזלויף פֿון דעם וואַרען־קאַפּיטאַל קען די צירקולאַציאָן זיך ווידער אָנהויבען בלויז נאָך דער פּראָדוקציאָן. כדי יעדער סאָרט קאַפּיטאַל זאָל קענען זיין טעטיק אָן אונטערברעכונג, איז נויטיק, אַז עס זאָל זיך צו יעדער צייט געפֿינען אַ חלק פֿון דעם קאַפּיטאַל פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפט אין יעדער פֿון די דריי פֿאָרמען, אי אין דער פֿאָרמע פֿון געלט־קאַפּיטאַל, אי אין דער פֿאָרמע פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, אי אין דער פֿאָרמע פֿון וואַרען - קאַפּיטאַל. בעת איין געלט־קאַפּיטאַל ווערט פֿאַרוואַנדעלט אין פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, דאָס הייסט, בעת עס געהט פֿאָר די פּראָדוקציאָן, טרעט אריין אַנאַנדער געלט־קאַפּיטאַל; בעת דער וואַרען־קאַפּיטאַל מאַכט דורך זיין צירקולאַציאָן אין מאַרק, טרעט איין אַנאַנדער פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל, א. אַז. וו., דאָס הייסט, אַז דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס ווערט איינגעטיילט אין דריי גרופּען: באַנקירען, פֿאַבריקאַנטען און הענדלער. צווישען זיי ווערט צוטיילט דער מערווערט.

ביז אַהער האָבען מיר גערעט אַזוי, ווי דער גאַנצער קאַפּיטאַל וואָלט איבערגעגאַנגען מיט אַמאָל פֿון איין פֿאָרמע אין די אַנדערע. אין דער ווירקליכקייט געהט עס אַנדערש. דער פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל, אַף וועלכען דער קאַפּיטאַליסט האָט אויסגעגעבען זיין געלט, באַשטעהט פֿון ארבייטס־קראַפֿט און פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען באַשטעהען אין מאַטעריאַלען וואָס געהען אריין אין דעם פּראָדוקט, קוילען, אויל אַף צו שמירען די רעדער און מאַשינערי. ארבייטסקראַפֿט, מאַטעריאַלען, קוילען, אויל ווערען פֿאַרצערט אין דער פּראָדוקציאָן אין גאַנצען און טראָגען איבער

זייער גאנצען ווערט אף דעם פּראָדוקט. די מאשינערי, פּארקערט, ווערט געניצט פילע יאָרען, ביז מען דארף זי ארויסוואַרפען, דעריי־בער מוז דער ווערט פון די מאַשינען איינגעטיילט ווערען צווישען דער גאַנצער מאַסע וואַרען, וואָס ווערען פּראָדוצירט מיט זייער הילף אין דער צייט וואָס זיי דינען. דערפון שטאַמט אַן אונטערשיד אין דער צירקולאַציאָן פון די ביידע טיילען פון דעם פּראָדוקטיווען קאַ־פּיטאַל. די געלט וואָס ווערט אויסגעגעבען אף ארבייטס־קראפט און מאַטעריאַלען קערט זיך באַלד אום צוריק אין דעם ווערט פון דער פּראָדוצירטער וואַרע. די אויסגאבע אף מאַשינערי מוז געמאַכט ווערען מיט אַמאָל אין א גרויסער סומע אף א לאַנגע צייט און עס קומט צוריק אין דער וואַרע אין קליינע איינצאָלונגען. דער גאַנצער קאַפּיטאַל פון א פאַבריקאַנט איז אַלזאָ איינגעטיילט אין צוויי חלקים: איין חלק, וואָס ווערט אריינגעלייגט אף א לאַנגע צייט, רופט זיך „פיקסער קאַפּיטאַל“, דער אנדערער חלק, וואָס קערט זיך אָפּט אום אין מזומנ'ע געלט, רופט זיך „צירקולירענדער קאַפּיטאַל“.

## 3.

## די „אונטערקאַנזומפּציאָן“ און דער האַנדעל מיט אויסלאַנד.

איצטער קענען מיר שוין נעהענטער צוקומען צו דער פראגע, וואָס זיינען די אורזאַכען פון קריזיסען. איך האָב שוין דערמאַנט פון אָנהויב די מיינונג, אז קריזיסען קומען דערפון וואָס דער אר־בייטער קען מיט זיינע שכירות ניט אָפּקויפען דעם גאַנצען פּראָדוקט פון זיין ארבייט. אמת, עס זיינען נאָך פאַראַן קאַפּיטאַליסטען, אָבער זייער צאָל איז זעהר קליין אין פאַרגלייך מיט דעם ארבייטער־קלאַס. און דעריבער, ווי זיין זאָלען ניט שטאָפּען זיך די קישקע, קען קיינער פון זיי פאַרט ניט אופעסען מער ווי אַן ארבייטער. דע־ריבער מוז דער איבערפלוס פון צייט צו צייט ווערען אזוי גרויס, אז די פּראָדוקציאָן מוז זיך אָפּשטעלען.

די קאַפּיטאַליסטען, הייסט עס, האַלטען רק אין פּראָדוצירען אַזעלכע זאכען, וואָס עס איז פאר זיי ניטאָ קיין מארק. וואָס אין דער היינטיקער געזעלשאַפט איז דאָס א זאך וואָס עס קען גאָר ניט זיין, מוז זיין קלאָר פאר יעדען איינעם, וואָס דענקט זיך אריין אין דעם צווייטען באנד פון מארקס'עס „קאַפּיטאַל"*). דער קאַפּיטאַל מוז אימער צירקולירען, בייטען זיין פאָרמע. די קאַפּי־טאַליסטען קענען אנקלייבען אוצרות פון שעהנע קונסטווערק, טייע־רע בגדים, זעלטענע מעבעל,—דאָס אָבער איז ניט קיין טייל פון זייער קאַפּיטאַל. דאָס איז וואָס זיי האָבען אויסגעגעבען פאר זיך. אָבער ווען זיי ווען זיי וועלען אנקלייבען רויהע מאַטעריאַלען אָדער מאַשינען, טו איז דאָס א טויטער קאַפּיטאַל, — מיט וואָס וועלען זיי ווייטער פי־רען זייער פּראָדוקציאָן? פארגעסט ניט, אז מזומנ'ע געלט איז פאַ־

*) פאר למדנים וואָס זיינען מבין בלע"ז וועל איך דאָ איבערגע־בען וואָרט פאר וואָרט וואָס מארקס זאָגט וועגען דעם:

„עס איסט איינע ריינע טויטאָלאָגיע צו זאַגען, דאָס די קריזען אויס מאַנגעל אן צאהלונגספעהיגער קאָנזומפּציאָן אָדער אן צאַהלונגס פעהיגען קאָנזומענטען הערפאָרגעהן... דאָס וואַארען אונפערקויפליך זינד, הייסט ניכטס אַלס דאַס זיך קיינע צאַהלונגס־פעהיגע קויפער פיר זי פינדען. וויל מאַן אבער דיזער טויטאָלאָגיע איינען שיין טיפער בעגרינדונג דאַדורך געבען, דאס מאן זאגט, די ארבייטער קלאַסע ערהאלטע איינען צו גערינגען טייל איהרעס אייגענען פּראָדוקטס אונד דעם איבעלשטאַנד ווערדע מיטהין אויפגעהאָלפען, זאָבאלד זי גרעסערן אנטייל דאַפאָן עמפּפענגט, איהר ארבייטס־לאָהן פאָלגליך וועקסט, זאָ איסט נור צו בעמערקען, דאס די קריזען יעדעסמאַל געראדע פאָרבערייטעט ווער־דען דורך איינע פעריאָדע, וואָרין דער ארבייטסלאָהן אלגעמיין שטייגט אונד די ארבייטער־קלאַסע גרעסערן אַנטייל אין דעם פיר קאָנסומפּציאָן בעשטימטען טייל דעם יעהרליכען פּראָדוקטס ערהעלט". („דאס קאַפּיטאַל" צווייטער באַנד, ז. ז. 385 — 386).

ראָן נאָר זעהר אַ קליינע סומע אין פארגלייך מיט דער יערלאכער פראָדוקציאָן. מען קען דערמיט אויסקומען נאָר דערפאר, וואָס די פראָדוקטען ווערען שטענדיק אויסגעביטען אף געלט און געלט ווידער אף פראָדוקטען, און מיט דעם זעלבען דאָלאר קען מען קויפען און פארקויפען דורכשניטלאך אף פינף און צוואנציק דאָלאר וואָרען. אָבער ווען דער קאפיטאַליסט האָט אויסגעגעבען דעם דאָלאר אָף וואָרע און די וואָרע בלייבט ליגען, מוז ער דאָך קריגען ערגעץ אַנאַנדער דאָלאר אָף צו פירען ווייטער די פראָדוקציאָן. אבער דער געלט־קאפיטאל פון דער קאפיטאַליסטישער געזעלשאפט האָט דאָך אַ געוויסען גרענעץ. ווי אַזוי וואָלט דער קאפיטאַליסטישער קלאס געקענט רק פארבינדען זיין קאפיטאל און נאָך אלץ פראָדוצירען ווייטער?

ווען איר וועט אַ קוק טאָן אין די סטאַטיסטיקע פון דער פראָדוקציאָן, וועט איר זעהען, אז דער גאנצער סטאָק (זאפּאַס) פון די וויכטיקסטע וואָרען מאַכט ניט אויס מער ווי דער פראָדוקט פון עטלאכע מאָנאַט. ווען עס בלייבט ליגען דער פראָדוקט פון אַ גאַנצען יאָר אין ערגעץ אַ צווייג פון דער אינדוסטריע, שטעלען זיך אָפּ די רעדער.

לאָמיר איצטער אויסרעכענען וויפיל באטרעפט דער מערווערט פון דעם קאפיטאַליסטישען קלאס. לויט דעם צענזוס פון 1910, האָט דער פראָדוקט פון די פעקטאָרים פאר דעם יאָר 1909, אראָפּציהענדיק דעם קאָסט פון מאַטעריאלען, באטראפען $8,500,000,000; דער מערווערט האָט אויסגעמאכט $2,200,000,000, דאָס הייסט אַן ערך אַ פערטעל, אָדער דעם פראָדוקט פון דריי מאָנאַט. ווען זיי זאָלען אויסגעבען איין העלפט און אָנקלייבען אין זייערע שפּייכלערס די אנדערע, וועט זיך אין דער צייט פון 8 יאָר אָנקלייבען אין די שפּייכלערס די אנדערע, וועט זיך אין דער צייט פון יאָר אָנקלייבען אַ גאַנצער יערלאכער פראָדוקט. וואָס וועלען זיי טאָן דערמיט? עס וועט ווערען אַ קריזיס, זאָגט דער וואולגארער סאָציאַליסט. נו און ווייטער? זיי וועלען דאָך ניט אָנהויבען ווייטער פראָדוצירען, איידער זיי וועלען דאָס ניט פארצערען. שטעלט זיך ווידער די קשיא: ווער וועט דאָס פארצערען? די ארבייטער האָבען דאָס ניט פארמאגט צו קויפען אפילע דעמאלט, ווען יעדער האָט געהאט אַ שטעל, און איצטער ווען עס איז אַ קריזיס און זיי געהען ארום ליידיק, קענען זיי דאָך אודאי ניט קויפען קיין איבערי־

קע. די קאפיטאליסטען זיינען דאך אפילע אין גוטע צייטען קיין קאנסומענטען ניט (אזוי לערענט דאך דער וואולגארער סאציאליסט), בפרט נאך אין דער צייט פון א קריזיס, ווען זיי לאזען שטעהען זייערע פאבריקעס, דארפען זיי דאך געווים ניט אזוי פיל, ווי אין דער צייט, ווען אלע רעדער האבען זיך געדרעהט. טו ווער זשע וועט דאס אלץ אפקויפען, כדי מען זאל ווידער קענען אנהויבען פראדוצירען פאר א נייעם קריזיס?

דאן הייסט דאס, אז דער קאפיטאליזם קען לחלוטין ניט עקזיסטירען, ווייל עס איז שוין עם אזוי באשערט, ער זאל פראדוצירען מער, איידער די געזעלשאפט קען פארברויכען. עס איז א חידוש וואס די וועלט האט זיך שוין לאנג ניט אפגעשטעלט.

אף דערוף איז פאראן א פארטיקער תירוץ, אז דעם קאפיטאליזם ראטעוועט דער אויסלענדישער מארק: וואס די קאפיטאליסטען קענען ניט פארקויפען אין דער היים, פירען זיי ארוים קיין אויסלאנד. דאס איז אזוי ווי מארק טוועין דערצעהלט פון א קליין שטעטעל, אז די איינוואהנער האבען דארטען געמאכט א לעבען דערפון, וואס זיי האבען איינער ביי דעם אנדערען געוואשען גרעט.

אין די קאפיטאליסטישע לענדער זיינען דאך אומעטום פאראן מער אייגענע פראדוקטען, ווי דער היימישער מארק קען פארשלינגען (דאס הייסט אזוי קומט אוים נאך דער וואולגאר־סאציאליסטישער טעאריע), בלייבען אלזא די ריקשטענדיגע לענדער ווי כינא, אינדיע, פערסיע, אפריקע, וואס האבען קיין אייגענע פראדוקציאן נים. איז אבער ווייטער א קשיא: מיט וואס וועלען זיי קויפען די אימפארטירטע ווארען? די קויפער אין אויסלאנד קענען ניט קויפען, ווען זיי פארקויפען ניט אויף א גלייכע סומע ווארען. כדי די אמעריקאנער קאפיטאליסטען זאלען קענען פארקויפען זייערע ווארען צו די פיליפינער, מוזען די פיליפינער פארקויפען אף גלייכע סומע ווארען צו די אמעריקאנער. דער אונטערשיד איז אלזא, נאר אין דעם סארט ווארען, וואס מוזען פארקויפט ווערען אין דעם היימישען מארק. שטעלט זיך ווידער די זעלבע פראגע: ווער וועלען זיין די קויפער? ווען דער ארבייטער־

קלאס קען קויפען נאר א טייל פון דעם היימישען פראדוקט, וועט ער דעם איבעריקען טייל פארט ניט קענען קויפען, צי ער בלייבט אין דעם היימישען מארק, צי ער ווערט אויסגעביטען אף אויסלענדישע ווארען. טו וואס איז דער תכלית פאר דעם אמעריקאנעם קאפיטא־ליסט, וואס אנשטאט זיינע היימישע קנעפלאך וועט ער זיך מוזען האלטען מיט פיליפינער צוקער־שטעקענס, אז עס איז ניטא ווער עס זאל עסען דעם צוקער אין אמעריקע? די ארבייטער קענען ניט און די קאפיטאליסטען ווילען ניט.

אום קלאר צו ווערען אין דער באדייטונג פון דעם אויסלענדי־שען האנדעל, לאמיר אקארסט אויסרעכענען וואס ער באטרעפט אין אזא קאפיטאליסטישע לאנד ווי אמעריקע.

די אויספור פון פאבריק־פראדוקטען האט באטראפען אין 1909 סך הכל $671,000,000. צווייטענס אבער אין דעם זעלבען יאר האט אמעריקע אריינגעפירט אויסלענדישע פאבריק־פראדוקטען אף $521,000,000. אלזא איז זי דורך דעם אויסווערטיקען האנ־דעל פטור געווארען אין גאנצען פון $150,000,000, דאס מאכט אוים 3% פון דער גאנצער פראדוקציאן. פארשטעהט איר שוין, ווי מען קען דערמיט ראטעווען א לאנד פון איבער־פרא־דוקציאן!

היינט לאמיר פארגלייכען ווי עס זיינען געוואקסען די פרא־דוקציאן און די אויספור.

אין 1909 איז די אויספור פון פאבריק־פראדוקטען געווען מיט $289,000,000 גרעסער ווי אין 1899, און די איינפור מיט $306,000,000 גרעסער ווי אין 1899. אלזא איז דער נעט עקס־פארט קלענער געווארען מיט $17,000,000. צו דער זעלבער צייט איז דער ווערט פון דער אמעריקאנער פאבריק־פראדוקציאן גרעסער געווארען מיט $3,700,000,000. אלזא, עס איז קלאר ווי צוויי

מאָל צווײ, אז די אויסברייטונג פון דער אמעריקאנער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטרי איז גאָר אונאבהענגיק געווען פון דעם אויסלענדישען מארק*).

וואָס אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער זוכען אויסלענדישע מארקען איז א פאקט, אבער עס האָט קיין שייכות ניט מיט קריזיסען. יעדער איינצעלנער קאַפּיטאַליסט זוכט אויסצוברייטען זיין געשעפט. ווען די קאָנקורענץ איז שטארק אין דעם היימישען מארק, זוכט ער קונדען אין דעם אויסלענדישען מארק. איין קאַפּיטאַליסט קען דאָס אָפּגילטען, אָבער ווען אַלע קאַפּיטאַליסטען פון דער גאנצער וועלט טוען דאָס זעלבע, ווערט פון אַלע היימישע מאַרקען איין וועלט־מארק.

„דער אויסווערטיגע האנדעל" — זאָגט מארקס — „פערלעגט נור די ווידערשפּריכע אויף אויסגעדעהנטערע ספערען, ערעפענט איהנען גרעסערען שפּילקרייז"**).

---

*) איך האָב געמאַכט די רעכענונג נאָך פון פאבריק־פּראָדוקטען. איך וואָלט אייך געקענט ווייזען אַז דער רעזולטאַט וואָלט געווען דער זעלבער ווען מיר וואָלטען פארגליכען די גאַנצע פּראָדוקציאָן מיט דעם גאַנצען עקספּאָרט.

**) „דאס קאַפּיטאל", צווייטער באנד, ז. 444. אין אַנאַנדער שטעל (דריטער באַנד, ז. ז. 232־231) ווידערשפּרעכט מארקס דעם געדאנק, וואָס איז אויסגעדריקט אין דער פאָריקער ציטאַטע. מען מוז אָבער געדענקען, אַז דער איינציקער טייל פון „קאַפּיטאל", וואָס איז ערשינען פאר מארקס'עס לעבען, איז דער ערסטער באַנד. נאָך זיין טויט זיינען איבערגעבליבען אַ סך כתבים, וועלכע ער האָט נאָך געוואָלט איבערארבייטען. זיין לעבענס־פריינט ענגעלס האָט זיי צוזאמענגעשטוקעוועט, ווי עס האָט זיך געלאָזען, און האָט ארויסגעגעבען דעם צווייטען און דעם דריטען באַנד.

די מאַנוסקריפּטען פון וועלכע ענגעלס האָט צוזאמענגעשטעלט דעם דריטען באַנד זיינען אַלע געשריבען געוואָרען צווישען 1861 און 1865. עס זיינען געבליבען פון דער זעלבער צייט מאַנוסקריפּטען, וואו עס ווערען באהאנדעלט די פראגען וואָס געהערען צו דעם צווייטען באַנד, אָבער מיט יענע מאַנוסקריפּטען האָט זיך ענגעלס ניט באנוצט, ווייל

4.

## דער באלאנס פון דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט.

די פאלשקייט פון דער טעאריע פון „אונטערקאנזומפציאן“ שטאמט דערפון, וואס זי פארשטעהט ניט די ראליע פון דעם מער־ווערט און דעם טייל קאפיטאל, וואס רעפרעזענטירט די פראדוקציאנס־מיטלען. דער יערלאכער פראדוקט באשטעהט אין אזוינע ווארען וואס זיינען געמאכט געווארען פאר׳ן פערזענליכען פארברויך און פאר׳ן פראדוקטיווען פארברויך. די ווארען וואס דינען דעם פראדוקטיווען פארברויך קענען נאר פאר־קויפט ווערען צו דעם קאפיטאליסטישען קלאס, וועלכער באנוצט זיי אף צו באנייען דעם אפגעניצטען טייל פון דעם פרא־דוקטיווען קאפיטאל און אף עם אויסצוברייטען. דער קאפי־טאליזם צייכענט זיך אויס דערמיט וואס אט דער חלק פון דעם קא־פיטאל וואקסט שטענדיק אין פראפארציע צו דעם גאנצען קאפיטאל. עס איז לייכט צו פארשטעהן פאר וואס: ווען איין ארבייטער קען מאכען מיט׳ן האנט איין שטיקעל ארבייט און מיט א מאשין צעהן שטיקלאך, איז דאך קלאר, אז דער ווערט פון די פארברויכטע מא־

---

זיי זיינען פון מארקסען נאך א פאר מאל איבערגעארבייט געווארען. דער לעצטער מאנוסקריפט פון דעם צווייטען באנד איז געשריבען געווארען אין 1878, ער איז אריין אין יענע קאפיטלען, וועלכע איך האב פאר־פולאריזירט פאר די לעזער אין דיזען קאפיטעל. (איר קענט דאס אלץ געפינען אין ענגעלס׳עס פארווארט צום צווייטען באנד).

ווען א מאן ווי מארקס האלט צוואנציק יאר אין איין שרייבען און מעקען, טו איז לייכט צו פארשטעהן, אז אין די איבערגעבליבענע פאפירען זיינע מוזען זיך געפינען שטעלען וואס שטימען ניט איין מיט זיינע שפעטערע געדאנקען. ווען מארקס וואלט זיין ווערק פארעפענט־ליכט אליין, וואלט ער אפשר אנגענומען איין געדאנק אלס פונדאמענט און אפשר דעם אנדערען. אבער זיין פריינט האט זיך ניט געהאלטען פאר בארעכטיקט צו זיין א צענזאר איבער זיינע געדאנקען. ער האט געקלערט, אז מארקס איז א מאן, וואס האט דאס רעכט, די וועלט זאל הערען, וואס ער האט געהאט אין זינען צו זאגען, איידער עס האבען זיך ביי עם פארמאכט די ליפען אף אייביק.

טעריאלען איז געוואקסען צען מאל אזוי גרויס. און וואו איז דער קאסט פון דער מאשין? אלזא מוז דער טייל פון דעם פּראָדוקט וואס דער קאפּיטאליסט קויפט איין פאר דעם פּראָדוקטיווען פארברויך, שטענדיק וואקסען. עס בלייבען דאן נאך די ווארען וואס ווערען גע־ביצט נאר פאר דעם פערזענליכען פארברויך. אזעלכע ווארען זיינען בויטיק ניט פאר דעם ארבייטער קלאס אליין, נאר אויך פאר די קאַ־פּיטאליסטען. די הייזער, די ווילאס, די לוסט־יאכטען, די אטאמא־בילס, די פּראָדוקטען פון קונסט, די צירונג, פון די קאפּיטאליסטען און זייערע פאמיליעס זיינען ווערט, ניט איבערטריבען, הונדערט, זאגאר טויזענט מאל אזוי פיל, ווי עס קאסט אויסצוהאלטען א גאנ־צע ארבייטער־פאמיליע. אויסהאלטען איין קאפּיטאליסטישע טאכ־טער קאסט, ארעם 20,000 דאלאר א יאר. אויסהאלטען א בייבי — 4,000 א יאר. חוץ עסען האט דער פארברויך פון אלע אנדערע זאכען, בפרט נאך לוקסוס־געגענשטענדע, גאר קיין גרענעץ ניט.

דער קאפּיטאליסטישער קלאס פארברויכט דעם מערוועדט טיילווייז פערזענליך און טיילווייז פּראָדוקטיוו. דער מערוועדט ווערט דעריבער פּראָדוצירט אין אזעלכע ווארען, וואס זאלען דינען ביידע צוועקען.

פאר דעם פערזענליכען פארברויך פון די קאפּיטאליסטען ווע־רען פּראָדוצירט אזעלכע ווארען וואס זיי באדארפען און אזוי פיל, ווי עס באטרעפט יענער טייל פון דעם מערוועדט, וואס זיי גיבען אויס געוועהנלאך אף זיך. פאר דעם פּראָדוקטיווען געברויך ווע־רען פּראָדוצירט פּראָדוקציאָנס מיטעל און ווארען, וואס דער אר־בייטער קויפט מיט זיינע שכירות.

אין דעם צווייטען באנד פון „קאפּיטאל" ווייזט מארקס א חשבון, ווי אזוי די פּראָדוקציאָן גלייכט זיך אויס מיט דעם פאר־ברויך און זיי געפינען זיך ביידע אין גלייכגעוויכט.

לאָמיר, ערסטענס, אויסרעכענען, ווי וואלט עס אויסזעהען, ווען די קאפּיטאליסטען וואלטען פארצערען זייער גאנצען פּראָפיט. אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט פירט זיך דאס ניט, ווארים די קאפּיטאליסטען זוכען אימער צו פארגרעסערען זייער קאפּיטאל. אין דעם מיטעלאלטער, ווען דער הערשענדער קלאס זיינען געווען די פּריצים, וואס האבען געלעבט פון פאנשטשינע, פלעגען זיי אויס־

ברייננגען אלץ, וואס זיי האבען געהאט, און געוועהנטלאך פלעגען זיי נאך מאכען חובות. אלזא, לאמיר ערסט זעהען, צי די פראדוקציאן און דער פארברויך קענען בלייבען אין גלייכגעוויכט אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, ווען די קאפיטאליסטען זוכען ניט אויסצובבייטען זייער פראדוקציאן, און דערנאך וועלען מיר זעהען, וואס קומט ארויס, ווען זיי שפארען אפ א טייל פון זייער פראפיט און לייגען עם אריין אין וויטערע פראדוקציאן. די ציפערען נעם איך פון קארל מארקס'עס „קאפיטאל“.

דעם גאנצען יערלאכען פראדוקט מוז מען צוטיילען אין צוויי חלקים: ערסטענס, די פראדוקציאנס-מיטלען, דאס הייסט, מאטע־ריאלען, וואס מען וועט דארפען איבער א יאר, אפגעניצטע מא־שינען און דערגלייכען; צווייטענס, וואס עס געהט אף דעם פערזענליכען פארברויך. און ד ע ם חלק קען מען איינטיי־לען אין צוויי חלקים: וואס די ארבייטער פארברויכען און וואס די קאפיטאליסטען גיבען אוים אף זיך אליין. די ארבייטער פארצערען זייערע שכירות אין גאנצען, און די קאפיטאליסטען האבען מיר אנגענומען פארצערען זייער גאנצען פראפיט. לאמיר אנעמען, אז דער פראפיט באטרעפט אזוי פיל, וויפיל די שכירות. לאז זיין א קאפיטאל פון 5,000 מיליאן דאלאר ליגט אין פראדוקציאן פון איי־זען, קופער, מאשינערי און דערגלייכען, קורץ פון פראדוקציאנס־מיטלען, און 2500 מיליאן דאלאר אין דער פראדוקציאן פון די לעבענס-מיטלען: 1250 — פון פראדוקטען, וואס די ארבייטער פארצערען און אנדערע 1250 — פון אזוינע וואס די קאפיטאליסטען פארצערען. כדי אונדזער רעכענונג זאל זיין וואס פראסטער, וועלען מיר אנעמען, אז די מאשינערי ווערט אין גאנצען אפגעניצט אין דער צייט פון דעם יאר, און מיר וועלען זי אריינרעכענען צווישען די מאטעריאלען. אונדזער חשבון וועט אויסזעהען, למשל, אזוי:

א) פאבריקאציע פון פראדוקציאנס-מיטלען:

הוצאות: מאטעריאלען, לאז זיין 4,000, שכירות 1,000, צו־זאמען 5,000.

הכנסות (צום ענד יאר): דער קאסט פון מאטעריאלען 4,000, דער קאסט פון ארבייטס-קראפט 1,000, דער פראפיט אויך 1,000, צוזאמען 6,000. דאס ליגט איצטער אין ווארען וואס קענען באנוצט ווערען פאר מאטעריאלען פאר דעם נייעם יאר.

ב) פאַבריקאַציע פון לעבענסמיטלען פאַר די אַרבייטער:
הוצאות: מאַטעריאַלען, לאָז זיין 1,000, שכירות 250, צוזאַמען 1,250.

הכנסות: דער קאָסט פון מאַטעריאַלען 1,000, דער קאָסט פון אַרבייטס־קראַפט 250, פּראָפּיט 250, צוזאַמען 1,500.

ג) פאַבריקאַציע פון לעבענס־מיטלען פאַר די קאַפּיטאַליסטען — נאָך אַ מאָל די זעלבע רעכענונג ווי אין „ב".

דער גאַנצער יערלאַכער פּראָדוקט צוזאַמען באַטרעפט 9,000.

כדי די רעכענונג זאָל ביי אייך זיין פאַר די אויגען, טו שרייבט זיך אָן די ציפערען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר אַט אַזוי:

| | מאַטעריאַלען | שכירות | פּראָפּיט | ס"ה |
|---|---|---|---|---|
| א) | 4,000 | 1,000 | 1,000 | 6,000 |
| ב) | 1,000 | 250 | 250 | 1,500 |
| ג) | 1,000 | 250 | 250 | 1,500 |

איצטער לאָמיר רעכענען. די 250 שכירות פון די אַרבייטער „ב" זיינען פּראָדוצירט געוואָרען אין לעבענס־מיטלען פאַר אַרבייטער. דיזעלבע אַרבייטער וועלען מיט זייערע שכירות קויפען אַט די לעבענס־מיטלען. די 250 פּראָפּיט פון די קאַפּיטאַליסטען „ג" זיינען פּראָדוצירט געוואָרען אין לעבענס־מיטלען פאַר קאַפּיטאַליסטען, די קאַפּיטאַליסטען וועלען איינער ביי דעם אַנדערען קויפען זייערע לעבענס־מיטלען (שאַמפּאַניער, זיידענע קליידער, אויטאָמאָבילען). אלזאָ, 250 „ב" און 250 „ב" איז אַראָפּ פון מאַרק. עס געפינט זיך נאָך אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטען „ב" 1250 אין לעבענס־מיטלען פאַר אַרבייטער. זיי פאַרקויפען 250 צו די אַרבייטער „ג" וואָס זייערע שכירות ליגען אין לעבענס־מיטלען פאַר קאַפּיטאַליסטען און מיט די געלט קויפען זיי יענע 250. אויף דעם אופן האָבען איצט די קאַפּיטאַליסטען „ב" און די אַרבייטער „ג" יעדערע זייערע לעבענס־מיטלען. ווייטער דאַרפען די קאַפּיטאַליסטען „ב" אויף 1000 דאָלאַר פּראָדוקציאָנס־מיטלען און די אַרבייטער „א" דאַרפען אויף 1,000 דאָלאַר לעבענס־מיטלען. די קאַפּיטאַליסטען „ב" פאַרקויפען זייערע 1000 אין לעבענס־מיטלען פאַר אַרבייטער צו די אַרבייטער „א" און מיט די געלט קויפען זיי אויף די 1000 פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין וועלכע עס ליגען די שכירות פון די אַרבייטער „א". אַזוי זיינען מיר פּטור געוואָרען פון אַלע פּראָדוקטען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פאַר דעם פאַרברויך פון די אַרבייטער.

די קאַפּיטאַליסטען „א" דאַרפען פאַרקויפען זייער 1,000 פּראָ־פיט, וואָס ליגט אין אַלערליי מאַטעריאַלען, צו קויפען לעבענס־מיטלען. פאַרקערט די קאַפּיטאַליסטען ג" האָבען 1,000 און לע־בענס־מיטלען פאַר קאַפּיטאַליסטען, וואָס זיי מוזען אויסבייטען אויף אַלערליי מאַטעריאַלען פאַר זייערע פאַבריקען. די 1,000 „ג" ווערט אויסגעביטען אויף די 1,000 „א". בלייבט נאָך די 4,000 „א". דאָס ליגט אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען, און עס מוז ווידער אריינגעלייגט ווערען אין פּראָדוקציאָן אין דער זעלבער אַפּטיילונג. אַלזאָ, וועלען די קאַפּיטאַליסטען „א" איינער ביי דעם אַנדערען אָפּקויפען דיזע מאַטעריאַלען. די קאַפּיטאַליסטען „א", „ב" און „ג" קענען איצט ווידער אָנהויבען די פּראָדוקציאָן אויף דעם נייעם יאָר מיט דעם זעלבען קאַפּיטאַל ווי פאַר־אַ־יאָרען.

איצטער לאָמיר נעמען דעם פאַל, ווען די קאַפּיטאַליסטען פאַרצערען אויף זיך נאָר אַ טייל פון זייער פּראָפיט, דעם אַנדערען לייגען זיי אריין אין געשעפט: וואָס הייסט דאָס זיי לייגען עס אריין אין געשעפט? דאָס הייסט, איבער־אַ־יאָר וועלען זיי מיט די געלט, אַנשטאָט זיידענע קליידער און אויטאָמאָבילען, קויפען אייזען און קופּער און צאָלען שכירות, פאַר וועלכע די אַרבייטער וועלען קויפען פאַר זיך ברויט.

אַלזאָ דער יערלאכער פּראָדוקט מוז זיין אַנדערש איינגעטיילט, למשל, אַזוי:

א) מאַטעריאַלען 4,000, שכירות 1,000, פּראָפיט 1,000, צו־זאַמען 6,000.

ב) מאַטעריאַלען 1,000, שכירות 450, פּראָפיט 450, צוזאַמען 1,900.

ג) מאַטעריאַלען 500, שכירות 300, פּראָפיט 300, צוזאַמען 1,100.

„א" און „ב" און „ג" אין איינעם באַטרעפען די זעלביקע 9000 ווי פריהער, אָבער זיי זיינען אַנדערש פאַרטיילט.

אַלזאָ פאַרשרייבט עס ביי זיך אָט אַזוי:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א) פּראָדוקציאָנסמיטלען — —— | 4,000 | 1,000 | 1,000 | 6,000 |
| ב) לעבענסמיטלען פאַר אַרבייטער | 1,000 | 250 | 250 | 1,500 |
| ג) לעבענסמיטלען פאַר קאַפּיט. — | 500 | 300 | 300 | 1,100 |
| ס"ה — | 6,000 | 1,500 | 1,500 | 9,000 |

לאָמיר איצט א קוק טאָן וואו ליגט דער אונטערשיד. אין דעם ערסטען ביישפּיל האָבען די קאַפּיטאַליסטען „א“, „ב“ און „ג“ אָנגעהויבען מיט א קאַפּיטאל פון 7,500, צום סוף האָבען זיי געמאכט פּראָפּיט 1,500, און דאָס איז ביי זיי געווען אפּגעמאכט צו פאַרצערען. עס איז פּראָדוצירט געווען אין אזעלכע וואַרען. פּראָדוקציאָנס־מיטלען אף דעם נעקסטען יאָר האָבען זיי געהאט 6,000 און 1,500 אין לעבענסמיטלען פאַר ארבייטער. נאָך דעם נייעם פּלאָן מאכען זיי א פּראָפּיט פון 1,750, פון דעם קענען זיי אבער פאַרצערען ניט מער ווי 1,100, וואָרים נאָר אף אזוי פיל איז פאַר זיי פּראָדוצירט געוואָרען. אנגעהויבען האָבען זיי מיט מאטעריאלען אף 5,500, צום סוף יאָר האָבען זיי אבער 6,000, דאָס הייסט, עס איז פאַראַן אף 500 מער מאטעריאלען אף צו פאַרגרעסערען די פּראָדוקציאָן. לעבענס־מיטלען פאַר ארבייטער איז פּראָדוצירט געוואָרען אף 1,900. הגם די ארבייטער האָבען פאַרדינט דורך דעם יאָר נאָר 1,750. אלזאָ עס איז פאַראַן אף 150 איבעריקע לעבענס־מיטלען פאַר ארבייטער. ווי־זשע וועט מען זיך דערמיט איספּראַווען?

די ארבייטער „ב“ וועלען מיט זייערע שכירות קויפען די 450 אין לעבענס־מיטלען, אין וועלכע עס ליגען זייערע שכירות. די ארבייטער „א“ וועלען מיט זייערע שכירות קויפען די 1000 אין לעבענס־מיטלען, אין וועלכע עס שטעקען די מאטעריאלען „ב“. די ארבייטער „ג“ וועלען אפּקויפען פון די קאַפּיטאַליסטען „ב“ 300 און לעבענס־מיטלען פון זייערע 450 וואָס עס שטעקט אין זייערע פּראָפּיטען. עס בלייבט ביי זיי אף 150 לעבענס־מיטלען פאַר ארבייטער, וואָס דערווייל האָבען מיר נאָך פאַר זיי אף דאַרויף קיין קויפער ניט.

די קאַפּיטאַליסטען „ב“ נעמען די 300 וואָס זיי האָבען געלייזט פאַר א חלק פון די וואַרען, אין וועלכע עס ליגט זייער פּראָפּיט, און קויפען דערמיט אויטאָמאָבילען און זיידענס, אין וועלכע עס ליגען די שכירות פון די ארבייטער „ג“. די קאַפּיטאַליסטען „ג“ פאַרצערען זייערע 300 פּראָפּיט וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרען אין אזוינע זאכען וועלכע זיי דאַרפען, דאָס הייסט, זיי קויפען עס אָפּ איינער ביי דעם אנדערען. עס בלייבט נאָך צו פאַרקויפען די 500 לעבענס־מיטלען פאַר קאַפּיטאַליסטען, וואָס אין זיי ליגט דער ווערט פון דעם מאטעריאל וועלכען די קאַפּיטאַליסטען „ג“ האָבען נויטיק אין זייערע פאַבריקען. זיי פאַרקויפען עס צו די קאַפּיטאַליסטען „א“, וועלכע

פארצערען 500 פון זייערע 1,000 פראָפיט, און זיי קויפען אָפּ ביי די קאפּיטאַליסטען „א“ מיט די געלט אף 500 מאטעריאַלען. מיט די אנדערע 500 פון זייער פּראָפּיט האלטען זיך נאָך די „קאפּיטאַליסטען “א“. ווייטער בלייבען נאָך די 4,000 וואָס אין זיי ליגט דער ווערט פון די מאטעריאַלען פאר די גאַנצע אָפּטיילונג „א“, אָבער דאָס וועלען די קאפּיטאַליסטען „א“ איינער ביי דעם אַנדערען אפּקויפען, וואָרים זיי דאַרפען עס אין זייערע פאבריקעס.

אַלזא, עס איז געבליבען אף 500 מאטעריאַלען און אף 150 לעבענסמיטלען פאר ארבייטער. דאָס רעפּרעזענטירט די 650 פּראָפיט וואָס דער קאפּיטאַליסטישער קלאַס וויל נים פאַרצערען, נאָר ער וויל עס אריינלעגען אין נייע פּראָדוקציאָן. דערצו איז נויטיק מאטעריאַלען אף 500 און 150 דאַרף אָוועקגעהן אף שכירות. אַלזא, די קאפּיטאַליסטען פון דער אָפּטיילונג „א“ וועלען איינער ביי דעם אנדערען אָפּקויפען די מאַטעריאַלען, מיט די 150 וועלען זיי דינגען א גרעסערע צאָל ארבייטער, און די נייע ארבייטער וועלען נעמען די 150 שכירות און אָפּקויפען די 150 לעבענס־מיטלען וואָס זיינען געבליבען נים פאַרקויפט.

נאַטירליך, אין דעם ביישפּיל ווערט אָנגענומען, אז קיין שוועריקייט צו קריגען געלט איז ניטאָ: כל זמן עס זיינען פאַראַן קונים אף דעם גאַנצען פּראָדוקט, געפינט זיך שוין געלט, וואָרים, ערשטענס, הייבט דאָך יעדער קאפּיטאַליסט אָן זיין געשעפט מיט געלט, אָט די געלט ליגט דאָך אימער ערגעץ, און צווייטענס איז דאָך פאַראַן א קרעדיט סיסטעם, וואָס גיט די קאפּיטאַליסטען די מיטעל צו פירען זייערע געשעפטען אָן אונטערברעכונג, און אָפּצורעכענען זיך שפּעטער. די פראגע איז ניט וואו נעמט זיך געלט אף איבערצוקערעווען זיך, נאָר וואו נעמען זיך קונדען? און מיר האָבען געזעהען, אז קונדען געפינען זיך יע, ווען די פּראָדוקציאָן איז נאָר ריכטיק אויסגעמאַרקירט. די פארגרעסערונג פון דער פּראָדוקציאָן אין אונדזער ביישפּיל באַשטעהט אין דעם, וואָס די קאפּיטאַליסטען קויפען אף 500 מער מאטעריאַלען און דינגען אף 150 מער ארבייטער. דער פאַרברויך פון די ארבייטער איז אַלזאָ קלענער ווי יענער טייל פון דעם פּראָפיט וואָס די קאפּיטאַליסטען קענען נים פארברויכען, און פונדעסטוועגען, ניש־קשה, די איבעריקע פּראָדוקטען געפינען אַ מאַרק אָן די ארבייטער.

מארקס'עס חשבון ווייזט, ווי אזוי די קאפיטאליסטישע פראָ־דוקציאָן קען זיך אויסברייטען פון איין יאָר צום אנדערען און די גלייכגעוויכט זאָל ניט געשטערט ווערען.

די אויסברייטונג פון דער קאפיטאליסטישער פראָדוקציאָן צייכענט זיך אויס דערמיט, וואָס דער שטענדיקער קאפיטאל, דאָס הייסט, דער חלק וואָס ווערט אויסגעגעבען אף מאטעריאלען, מאַ־שינען און געביידעס, ווערט רק גרעסער. אזוי איז עס געגאנגען זינט דעם אָנהויב פון קאפיטאליזם עד היום הזה.

דער וואולגארער סאָציאליסט קען דאָס ניט פארשטעהן, ווייל ער מיינט, אז דער צוועק פון דער קאפיטאליסטישער פראָדוקציאָן איז די באשאפונג פון לעבענס־מיטלען. ער פארשטעהט, ווי די קאפיטאליסטען קענען פארצערען דעם גאנצען מערווערט פאר זיך: מיסים גולד מאכט זיך נאָך א קלייד, די ברעדלי מארטינס גיבען נאָך א באָל, מארגאן קויפט נאָך א גאלערעיע טייערע בילדער, קארנעגי בויט אויס נאָך א צענדליק פרעכטיקע הייזער פאר ביבליאָטעקען. אָבער דאָס אלץ גילט אזוי לאנג, ווי עס ווערט דערמיט ניט פאר־גרעסערט די פראָדוקציאָן. ביז א געוויסען גרענעץ קען מען פאר־שטעהן ווי די פראָדוקציאָן קען זיך אויך אויסברייטען: די באפעל־קערונג וואקסט, דארף מען פון יעדער זאך מער. אבער עס איז דאָך א פאקט אז דער מערווערט וואקסט גיכער ווי די באפעלקערונג, וואָס טוט מען דערמיט וואָס איז איבעריק? אויב די איבעריקע לע־בענס־מיטלען פון איין יאָר ווערען באנוצט אף באשאפונג פון נאָך מער פראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס זייער צוועק איז צו באשאפען נאָך מאסענהאפטער און מער לעבענס־מיטלען, טו וואָס וועט זיין דער סוף דערפון?

הונדערט מאָל אפשר חזר'ט איבער מארקס אין זיין „קאפי־טאל“, אז דער אונטערשיד צווישען דער קאפיטאליסטישער פראָ־דוקציאָן און דער פראָסטער וואָרען־פראָדוקציאָן וואָס האָט עקזיס־טירט פאר דעם קאפיטאליזם, באשטעהט אין דעריין גופא, וואָס דער ענדצוועק פון דער פראָסטער וואָרען־פראָדוקציאָן איז דער געברויכס־ווערט פון דער וואָרע, וועלכע ווערט אויסגעביטען אין מארק, און פארקערט, דער ענדצוועק פון דער קאפיטאליסטישער פראָדוקציאָן איז דער מערווערט.

איך וויל, אז דער לעזער זאָל דאָס קלאָר פארשטעהן.

קומט א זונטאג צו אונדז אין מינסק, אין גרויסען מארק, אף טרעצקער בארג. א פויער ברייננט א וואגען האלץ און פארקויפט עם פאר א פאר קערבלאך, מיט די געלט געהט ער צווישען די קראַמען און קויפט זיך א פאר שטיוועל. וואס האט פאסירט? האלץ איז א נויטווענדיקע זאך און שטיוועל זיינען אויך א נויטווענדיקע זאך, א „געברויכסטווערט“, ווי דער דייטש זאגט. די האלץ אבער הגם א נויטיקע זאך בכלל, איז ניט נויטיק געווען גראד פאר יענעם פויער, און די שטיוועל, וואס זיי זיינען אויך א נויטיקע זאך בכלל, זיינען ניט נויטיק געווען פאר יענער קרעמערקע. דורך דעם קויפען און פארקויפען אין מארק האבען די האלץ און די שטיוועל איבערגעביטען זייערע פלעצער, און איצטער האט די ווייבעל האלץ אויסצוהייצען די שטוב און דער פויער שטיוועל צו טראגען. דערמיט האט זיך דער האנדעל געענדיגט, יעדער האט דאס וואס ער דארף, יעדער האט א געברויכטס־ווערט, מיט וועלכען ער וועט שוין מער ניט האנדלען, ער וועט עם פארצערען.

איצט טראגט זיך אריבער אין אמעריקע. די פילאדעלפיא ענד רעדינג אייזען־באן האט אריינגעלייגט איר געלט אין קוילען־גרובען. די קוילען פארקויפט זי און איר קאפיטאל קומט צו איר צוריק ווידער אין דער פארמע פון געלט מיט א צואוואקס, א „מערווערט“. די געלט קען זי ווידער ארייגלייגען אין געשעפט, וואס דער פויער האט עם מיט זיין פאר שטיוועל ניט געקענט טאן. אין וואס פאר א געשעפט? דאס מאכט פאר איר גאר ניט אויס, אבי עס זאל טראגען מערווערט. דער מסחר באשטעהט אין דערין וואס מען בייט געלט אף געלט און מען מאכט דערביי מעהר געלט.

הונדערטער מיליאנען זיינען אריינגעלעגט געווארען אין דעם פאנאמא קאנאל. פון וואנען האבען זיי זיך גענומען? דאס איז אנגעקליבענער מערווערט. ער איז אריינגעלייגט געווארען אין פאפירען (באנדס), וואס וועלען טראגען צינזען, דאס הייסט מערווערט. טויזענטער מיליאנען זיינען אויסגעגעבען געווארען אף קריגס־שיפען און הארמאטען פאר דעם קריג. דאס איז אויך אנגעקליבענער מערווערט. די אייראפעאישע און אמעריקאנישע קאפיטאליסטען האבען אויסגעליהען זייער מערווערט צו די רעגירונגען) פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט; ווען איר וועט ארייננקוקען אין דעם סטאק - בוך (אינווענטאר) פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, וועט איר געפינען,

אז עס זיינען פאראן גרויסע שיפס־בוי־קאמפאניעס, וואס בויען קריגס־שיפען, גרויסע פאבריקעס פון הארמאטען, ביקסען, פול־ווער, א גרויסער טייל פון דעם שטאל, פון דעם קופער, פון די קוילען וואס ווערען פראדוצירט, געהען אוועק אף קריגס־אויסגאבען. און דער אויסהאלטען פון מיליאנען סאלדאטען?

## 5.
## די אורזאכען פון קריזיסען.

פון וואנען זשע נעמט זיך פארט א קריזיס? די אורזאכע האט מארקס געוויזען אין דעם צווייטען באנד פון „קאפיטאל"*).

מיר האבען געזעהען, אז א טייל פון דעם קאפיטאל, דער פיקסער קאפיטאל, ווערט ארייגעלייגט אין גרויסע סומען און קומט צוריק אין קליינע חלקים. די דאזיקע חלקים ווערען אנגעקליבען פון יעדען קאפיטאליסט אלס א רעזערוו־פאנד, כדי, ווען עס וועט קומען די צייט ארויסצוואווארפען די אלטע מאשינערי און צו קויפען נייע, זאל ער האבען מיט וואס דאס צו טאן. ווען צום ביישפיל די מאשינערי קאסט 100,000$ און זי דינט 10 יאר, לייגט ער אוועק אין א באנק 10,000$ א יאר, און נאך צען יאר נעמט ער ארויס מיט א מאל די 100,000$ און גיט זיי אויס אף מאשינערי. ווען די 10,000$ וואס ער שפארט אפ יערליך וואלטען זיך געלעגען רוהיק ערגעץ אין א פושקע, און די מאשינען וואס ער וועט דארפען, וואלטען זיך פאמעלאך געמאכט אין דער צייט פון די צען יאר, וואלט עס געוועזען אזוי לייכט אויסצופירען, ווי עס איז דאס צו דערצעהלען. אין דער אמת'ן אבער טראגט ער אריין די געלט אין די באנק, די באנק בארגט עס אויס דערווייליע אף אנדערע אונטערנעמונגען, און ווען עס קומט ארויסצוציהען מיט א מאל די 100,000$ אנשטאט ווי געוועהנטלאך 10,000$ איז די באנק קורץ אין געלט. נאטירליך, איר פארשטעהט, אז עס האנדעלט זיך אין דער ווירקליכקייט אום טויזענטער קאפיטאליסטען און אום הונדערטער מיליאנען. ניט אלע דארפען זייער געלט צו דער זעלבער צייט. אבער די אורזאכע פון שטערונגען בלייבט, כל זמן די גאנצע פראדוקציאן פירט זיך ניט מיט א פלאן. עס איז אזוי ווי ווען איר וואלט געהאט א גרויסען נעשעפט אף מיליאנען דאלאר אן א בוכהאלטער. דער רעזולטאט וועט זיין, אז היינט וועט פעלען ווארע, מארגען וועט פעלען געלט.

---

*) „דאס קאפיטאל" צווייטער באנד, ז. ז. 442־445.

מיר האָבען אָבער געזעהען, אז די רעדער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן און צירקולאַציאָן קענען זיך דרעהען ריכטיק נאָר דע־מאָלט, ווען דער פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל געהט איבער אין וואַרען־קאַפּיטאַל, דער וואַרען־קאַפּיטאַל און געלט־קאַפּיטאַל, דער געלט־קאַ־פּיטאַל ווידער אין פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, אָן אונטערברעכונג. שטעלט זיך אָפּ ערגעץ איין רעדעל, בלייבט די גאַנצע מאַשין שטעהן. דאָס האָבען מיר געזעהען אין דעם קריזיס פון 1907—1908.

עס האָט זיך ניט אָנגעהויבען דערפון וואָס פאַבריקאַנטען, אָדער האָלסיילערס האָבען ניט געפונען קיין מאַרק פאַר זייערע וואַרען און זיינען דעריבער ניט אין שטאַנד געווען צו צאָלען זייערע חובות. ניין, די צאָל באַנקראָטען איז געווען זעהר קליין, ניט גרע־סער ווי געוועהנטלאַך. עס האָט זיך אָנגעהייבען פון די באַנקען, עס האָט געפעלט געלט, וויפיל דער געשעפט האָט פאַרלאַנגט. פאַר־וואָס? דערפאַר, זאָגען די ניו־יאָרקער באַנקירען קאַנאַנט און גיידזש, וואָס די געלט איז אריינגעלייגט געוואָרען אַף לאַנגע טערמינען אין סטאָקס או זבאַנדס (אַקציעס און אָבליגאַציעס), דאָס הייסט אין פיקסען קאַפּיטאַל פאַר נייע אונטערנעמונגען און עס פעלט ציר־קולירענדער קאַפּיטאַל. די באַנקען האָבען איינגעצויגען זייערע קרע־דיטען. דערפון איז געוואָרען א פּאַניקע, אַלע האָבען גענומען ארויס־ציהען זייער געלט פון די באַנקען און האַלטען עס ביי זיך, דאָס הייסט, דער קאַפּיטאַל האָט אופגעהערט איבערצוגעהן אין די פאָרמע פון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, ווי מאַרקס דריקט זיך אויס. דער רע־זולטאַט איז געווען, אז די פּראָדוקציאָן האָט זיך געמוזט אָפּשטעלען.

די אורזאַכען פון קריזיסען האָט אַלזאָ גאָר קיין שייכות ניט צו דעם פאַרהעלטניס פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס צו דעם אַר־בייטער־קלאַס.

דער טעות פון דעם וואולגאַרען סאָציאַליזם איז וואָס ביי עס איז קאָנזומפּציאָן בכלל אַלץ איינס וואָס קאָנזומפּציאָן פון דעם אַר־בייטער־קלאַס. נאַטירליך, איז די גאַנצע פּראָדוקציאָן אימער גרע־סער איידער די קאָנזומפּציאָן פון דעם ארבייטער־קלאַס. וואָרים עס איז נאָך חוץ דעם פאַראַן די פּערזענליכע קאָנזומפּציאָן פון דעם הערשענדען קלאַס, (די שקלאַפּען־האַלטער, די פעאָדאַלע פּריצים, די קאַפּיטאַליסטען), און, צווייטענס, די פּראָדוקטיווע קאָנזומפּציאָן. דאָס הייסט די קאָנזומפּציאָן פון מאַשינען און רויע מאַטעריאַלען

פאר ווייטערע פראָדוקציאָן. ווען איר וועט דאָס צורעכענען, איז גאָר ניט געזאָגט, אַז די קאָנזומפּציאָן מוז אימער זיין קלענער ווי די פּראָדוקציאָן. עס קען אמאָל גאָר זיין פאַרקערט, אַז עס פעלט פּראָדוקטען פאר דעם באדאַרף, — דאָס האָבען מיר, צום ביישפּיל, געזעהען דאָ אין אמעריקע, אין דעם וויכטיקסטען צווייג פון דער היינטיקער פּראָדוקציאָן, אין דער אייזען־אינדוסטריע: אין די לעצטע יאָרען, ווען א גרויסע אונטערנעמונג, צום ביישפּיל, אַן אייזענבאַן, האָט נויטיק געהאט אייזען אָדער שטאָל אין דער פאָרמע פון רעלסען, דראָט אָדער בוי־מאַטעריאַלען, האָט זי עס געמוזט באשטעלען מיט א יאָר אָדער אַנדערטהאַלבען אין פאָראויס, ווארים אַלע אמעריקאנער פאבריקען האָבען געארבייט פולע צייט און האָבען געהאט אָנגענומענע באַשטעלונגען אויף א יאָר אָדער אַנדערטהאַלבען אין פאָראויס. אַלזאָ „אונטערפּראָדוקציאָן“!

ווייטער, איבערפּראָדוקציאָן הייסט גאר ניט דוקא איבערפּראָדוקציאָן פון אזעלכע וואָרען, וואָס דער ארבייטער קען פארצערען. צום ביישפּיל, דער קריזיס פון 1907 האָט זיך אָנגעהויבען פון קופּער. עס זיינען געלעגען אין מארק יאַן ערך 400,000,000 פונט קופּער און עס האָבען זיך ניט געפונען קיין קויפער. דאָס האָט באַטראָפען, לויט דעם געזונקענעם פּרייז ביז $50,000,000. זאָל מען די שכירות פון אַלע פאבריק־ארבייטער העכערען מיט א דאָלאר א טאָג, אין איין וואָך מאַכען זיי מיט $50,000,000 מער ווי היינט, — וועלען זיי די געלט אויסגעבען אויף קופּער־דראָט?

אמת, מארקס זאָגט אויך, אַז איבערפּראָדוקציאָן פירט צו קריזיסען. אָבער „איבערפּראָדוקציאָן“ איז ניט די זעלבע זאַך ווי „אונטערקאָנזומפּציאָן“. איבערפּראָדוקציאָן קומט ניט דערפון, וואָס דער ארבייטער קריגט ניט דעם גאַנצען פּראָדוקט פון זיין ארבייט. נאָר פון גאר אַנדערע אורזאַכען. כל זמן איין קאַפּיטאַליסט פּראָדוצירט ניט וויסענדיק פון דעם אַנדערען, מוז אמאָל זיין צופיל וואָרען, אמאָל צו ווייניק. דערמיט איז נאָך אָבער ניט ערקלערט, פארוואס איבער־פּראָדוקציאָן מוז פירען צו קריזיסען. א פארצייטיקער פּריץ איז קיין מאָל ניט בדלות געוואָרען דערפון, וואָס ער האָט אָנגעקליבען צופיל תבואה, צו פיל בהמות, צו פיל לייווענט. פאר וואָס־זשע איז עס פאר דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס א צרה, ווען ער האָט פון יעדער זאַך צופיל? וואָס איז די נפקא מינה פון

דער פארצייטיקער פריצ'שער ווירטשאפט צו דער קאפיטאליסטי־שער? דער אונטערשיד איז אין דער קאפיטאליסטישער צ י ר־ק ו ל א צ י א ן. די איינפאכע צירקולאציאן פון ווארען אין די פארצייטיקע יארען האט ניט געקענט פירען צו א קריזיס, ווייל יעדער איינצעלנער קויפען און פארקויפען איז געווען אפגעזונדערט פון אלע אנדערע. ווען איין ווארע האט ניט געפונען קיין קויפער, האט דאס ניט געשטערט צו פראדוצירען און פארקויפען אנדערע. אבער דער קאפיטאליזם ציט אריין אלע ווארען אין די צירקולאציאן און מאכט די פראדוקציאן אפהענגיק פון דער צירקולאציאן. ווען א טייל פון די פראדוצירטע ווארען ווערט ניט פארקויפט, ווערט אפ־געהאלטען דער גאנג פון דער צירקולאציאן, און דאס ווידער שטעלט אפ די פראדוקציאן, און מיר האבען א קריזיס. אלזא, ניט די איבערפראדוקציאן איז די אורזאכע פון קריזיסען, נאר די אנאר־כיע פון דער קאפיטאליסטישער צירקולאציאן.

עס קומען פאר פון צייט צו צייט שטערונגען אין דעם גאנג פון דער קאפיטאליסטישער אינדוסטרי, פונקט אזוי ווי עס טרעפען זיך שטערונגען אין דעם פארקער אף די אייזענבאנען. אבער אז א צוג געהט אראפ פון די רעלסען, אדער קומט אין צוזאמענשטויס מיט אנאנדער צוג, ווערט דערמיט דער אייזענבאן־סיסטעם ניט אפגעשאפט. אזוי איז אויך מיט די קריזיסען: זיי רואינירען א צאל קאפיטאליסטען, אבער דער קאפיטאליסטישער סיסטעם בלייבט ווייטער.

# אכטער קאפיטעל

## דער ווידערשפּרוך צווישען דער טעאריע פון „דער סאציאלער רעוואלוציאן" און דעם היסטארישען מאטעריאליזם.

---

ווי איר ווייסט זיינען פאראן צוויי סארטען סאָציאליסטישע טעאָריעס: אידעאליסטישע און מאַטעריאליסטישע. אלע אידע־אליסטישע טעאָריעס פון סאָציאליזם האָבען איין געדאנק בשותפות, נעמלאך, אז כדי עס זאָל איינגעפירט ווערען דער סאָציאליזם, דארף א גרויסער טייל פון דער מענטשהייט פריהער ווערען סאָציאליסטען. עס הענגט אָפּ פון זייער „באוואוסטזיין", פון זייער ווילען: וועלען זיי וועלען, וועט זיין סאָציאליזם, וועלען זיי ניט וועלען, וועט ניט זיין.

דער מאַטעריאליסטישער סאָציאליזם קערט איבער דעם גאנ־צען עסק מיט די פיס ארויף, מיט'ן קאָפּ אראָפּ. (דער אויסדרוק וועט איר געפינען ביי מארקסען). ניט די סאָציאליסטען באשאפען דעם סאָציאליזם, נאָר די ענטוויקעלונג אין דער ריכטונג פון סאָציאליזם באשאפט די סאָציאליסטען. די „מאַטעריאליסטישע פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע" איז דער פונדאמענט פון דעם מארקסיסטישען סאָציאליזם. לאָמיר זשע איבער'חזר'ן נאָך אמאָל, אין וואָס זי באשטעהט.

זינט דער מענטש איז א מענטש, לעבט ער אין ערגעץ א מין געזעלשאפט: א שטאָם, א קהלה, א שטאָט, א מדינה, זינט די מענטשען האָבען זיך פארשפּרייט אין אזעלכע קלימאטען, וואו מ'קען ניט געהן נאַקעט און לעבען אָף דער פרישער לופט, דארפען זיי עפּעס א סארט הייזער און קליידער; חוץ דעם קען מען זיך מיט איינע יאגדעס און ווילדע פירות אויך ניט אָנעסען זאט. אל־זאָ, מ'מוז אלצדינג צוגרייטען, וואָס דער מענטש דאַרף, דאָס הייסט, „פּראָדוצירען". די פּראָדוקציאָן ברענגט מענטשען צוזאמען. אָף וואָס פאר אן ארט דאָס ווענדעט זיך אן דעם, ווי אזוי זיי

פארדוצירען. ווען דער מענטש לעבט פון שיסען ווילדע חיות, מוז ער וואהנען צוזאמען מיט אנדערע מענטשען, ווארים אין א וואלד זיינען פאראן א סך גרויסע חיות און איינער אליין קען א מענטש זיי ניט בייקומען. דעריבער וואהנען יעגער־פעלקער אין שטא־מען. ווען דער מענטש האט זיך שוין אזוי ווייט ארויפגעארבייט, אז ער האט א סטאדע בהמות, קען עם אויסקומען מיט זיין אייגענער הויז־געזינד, און עס איז פאר עם וויגאדנער צו זיין וואס ווייטער פון אנדערע פאסטוכער; די מעשה וועגען אברהם אבינו און זיין שוואגער לוט באווייזט דאס זעהר קלאר, ווען עס האט זיך שוין ענטוויקעלט דער האנדווערק איז פאר דעם עולם נויטיק צונויפצו־קומען זיך אף יריד'ען, אויסצובייטען זייערע סחורות. מיט דער צייט ווערט ארום דעם יריד א שטעטעל און די בעלי מלאכות בא־זעצען זיך אין שטעטעל, וואו זיי קענען זיך עפטער טרעפען מיט זייערע קונדען, ווען עס ענטוויקלען זיך מאשינען, וואקסען אויס גרויסע פאבריקעס, וואו עס ארבייטען הונדערטער מענטשען. היינט פארשטעהט איהר דאך, אז די באציהונגען פון איין מענטשען צו דעם אנדערען מוזען זיין גאנץ אנדערע אין יעדען סארט געזעל־שאפט. דערפון קומען ארויס פארשידענע מנהגים, פארשידענע גע־דאנקען.

וויפיל מענטשען טרעפט איהר, וואס זאלען קענען דענקען יע־דער פאר זיך אליין מיט זיין אייגענעם שכל? די צאל אידעען איז צו יעדער צייט זעהר קליין, טויזענטער מיליאנען מענטשען האבען דעם זעלבען געדאנק איבער געוויסע זאכען. ווי אזוי קומט דאס? ווען דער מענטש ווערט געבארען, געפינט ער שוין א פארטיקע וועלט און זיינע געדאנקען קומען צו עם פון זיין פרנסה. אפילו נאך דעם לשון נאך קענט איהר דערקענען, מיט וועמען איהר האט צו טאן: איהר האט אודאי געהערט, ווי מ'מאכט איבער, ווי א בעל עגלה רעט, א שוסטער, א שניידער און דאס גלייכען.

אט דאס מיינט קארל מארקס, ווען ער זאגט, אז די פארהעל־טעניסע פון דער פראדוקציאן זיינען דער פונדאמענט, אף וועלכען עס ווערען אופגעבויט די געזעצליכע, רעליגיעזע און אלע אנדערע איינריכטונגען פון דער געזעלשאפט, די פאליטישע סיסטעמען, די טעאריעס פון רעכטס־וויסענשאפט, אפילו די באגריפען פון יושר.

די טרייב־קראפט פון יעדער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט איז די עקאנאמישע ענטוויקלונג. עס בייט זיך מיט דער צייט די ארגאניזאציע פון דער פראדוקציאן, ביסלאכווייז פאסען זיך צו אלע געזעצלאכע איינריכטונגען, אלען געדאנקען צו דעם נייעם סדר. נעמט אזא ביישפיל : אין אמאליקע צייטען האט א שניידער ניט פארגונען דעם אנדערען זיין שטיקעל ברויט, ווארים יעדער איינער איז געוועז צופרידען ארויסצוכאפען ביי דעם אנדערען א שטיקעל מלאכה. היינט זיינען אלע שניידער סאלידאריש, זיי פאראייניקען זיך אין א סטרייק, זיי באלאנגען צו א שניידער־יוניאן.

עס האבען זיך איבערגעביטען די עקאנאמישע פערהעלטניסע האבען זיך איבערגעביטען די עקאנאמישע אידעען. אז מען נעמט די גאנצע געשיכטע קען מען איינזעהן ווי די איצטיקע געזעלשאפט איז אויסגעוואקסען, ניט דורך דעם וואס א גרויסער נביא האט פאראויס געמאכט א פלאן ווי מען זאל זיך איינריכטען, און דער עולם האט איינגעזעהן, אז עס איז טאקע א פלאן און מען האט דעם נביא געפאלגט. די מערצאל פון מענטשען האנדלען נאר פאר זייערע אייגענע צוועקען און זארגט ניט וואס עס וועט פון דער פון ארויסקומען פאר דער איבריקער וועלט. און אפילע די יעניקע, וואס מיינען, אז זיי האנדלען אין די אינטערעסען פון דער גאנצער געזעלשפאט, זיינען זעהר זעלטען באוואוסט פון דער ווירקונג, וואס זייער טעטיקייט וועט האבען אף די געזעלשאפט. מיט הונדערט יאר שפעטער, אז דער געשיכט־שרייבער נעמט מאכען דעם חשבון, ווייזט זיך ארויס, אז די גרעסטע מענער פון א הונדערט יאר צוריק האבע ן זיך פארערכענט, עס דוכט זיך אונדז אויס, אז מיר שטופען די געשיכטע, אין דער אמת'ן שטופט די געשיכטע אונדז.

נעמט פארגלייכט דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם מיט דעם פארצייטיקען קאמוניזם. קענט איר עפעס געפינען עס זאל זיין ענלאך איינער צו דעם אנדערען ? פארצייטען איז די לאנד געוועז קהל'שע, היינט איז די לאנד אין פריוואטע הענט. פארצייטען האט יעדע פאמיליע געהאט אן אייגענע הויז, היינט וואהנען דאס רוב מענטשען אין די שטעט אין געדונגענע דירות. פארצייטען איז יעדער געוועז ביי זיך אליין א בעל הבית, היינט זיינען אין שטאט גאר ווייניק בעלי הבתים, דאס רוב ארבייטען פאר שכירות, פארצייטען זיינען געוועזן נאר קליינע בעלי מלאכות, היינט

ווערט די ארבייט געמאכט אין גרויסע פאבריקעם און אזוי כסדר.

ווי אזוי־זשע איז פון א וועלט פון קליינע שבטים וואס יעדער פון זיי איז געווען ווי איין גרויסע משפחה אויסגעוואקסען א געזעלשאפט מיט פריוואט־אייגענטום, מיט פארשידענע בעלי מלאכות, מיט האנדעל, מיט געלט א. אז. וו.? דער הויפט פרינציפ פון דער פארצייטיקער געזעלשאפט איז געווען: „די באבע איז דאך געווים געווען א לייט". אריינפירען א נייע פירונג איז קיינעם געווים ניט איינגעפאלען. אבער אז א האלב־ווילדער שבט פארשאכערט, למשל, מיט אן אמעריקאנער סוחר א פאר טהירענע פעלכלאך פאר א פלעשעל וואהיסקי, וויל ער דערמיט ניט חלילה אפשאפען דעם קאמוניסטישען סיסטעם. און אזוי איז עס פארצייטען אויך געווען, עס האט גענומען פילייכט טוי־זענטער יארען, ביז וואנען דער האנדעל האט איינגעפירט די טיי־לונג פון דער ארבייט אין פארשידענע פאכען: קיינער האט בשעת מעשה זיך ניט אפגעגעבען קיין רעכענונג אז דורך דעם ווערט די אלטע קאמוניסטישע וועלט איבער־געמאכט אף א וועלט פון קליינע בעלי מלאכות, קליינע פארמערם און קליינע סוחרים, עס איז אבער פארט געקומען דערצו.

היינט שטעלט זיך פאר א לאנד, למשל, ווי אביסיניע, דארטען איז נאך די גאנצע פירונג א פארצייטיקע. זאלען די קא־פיטאליסטען איר וועלען איבערמאכען אף זיך אף'ן אמעריקאנער פלאן, זיי וועלען מוזען אוועקנעהמען די לאנד פון פאלק און אוועקגעבען עס צו פריוואט פערזאנען. זיי וועלען מוזען ארויס־טרייבען די דארטיגע איינוואהנער פון זייערע הייזער און אוים־בויען פאר זיי טענעמענט הייזער. זיי וועלען מוזען אוועקטרייבען אלע שניידער, שוסטער, קירזשנער, סטאליארעם פון די חדרים וואו זיי ארבייטען איצט, און זיי ארייננטרייבען אין די פאבריקעם, מיט איין ווארט, זיי וועלען מוזען מאכען א געוואלטיקע סאציאלע רע־וואלוציע, פונקט אזא רעוואלוציע האט זיך אפגעשפילט אין אונ־דזער אייגענער געזעלשאפט איידער עס איז פון דער פארצייטיקער פירונג געווארען די איצטיקע קאפיטאליסטישע ארדענונג. מיר האבען אבער געזעהען ווי עס איז צוגעגאנגען פאמעלאך. איין שריט נאך דעם אנדערען, קיינער האט בשעת מעשה גאר ניט גע־מערקט, אז עס קומט דא פאר א רעוואלוציע. אז שמעון דער שניי־דער האט אנגעווארען מיין טאטען פאר א קינד, ווארים מיין טאטע

איז געגאנגען באשטעלען א גארמיטור ביי פריינקעל אף גובערנאָטאָרסקע גאס, איז דאָס געווען ווי איר געדענקט, א טייל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער זשאנדארמסקער פּאָלקאָווניק אָבער האָט דאָס צוגעזעהען און האָט גאָר ניט חושד געווען אז עס טוט זיך דאָ אָפּעט א רעוואָלוציע. און אַזוי האָט זיך געביטען דער לעבען און די פירונג פון דור צו דור הונדערטער יאָהרען, ביז עס איז געוואָרען פון דעם פארצייטיקען קאָמוניזם דער היינטיקער קאפּיטאליזם. אלץ איז צוגעגאנגען אף א געשעפטס-מעסיקען אָרט, יעדער האָט זיך אָפּגעגעבען נאָר מיט זיין אייגענעם געשעפט, מען האָט ניט געהאלטען קיין דרשות איינצורעדען דעם פּארמער וואָס פאר א גוטסקייט עס וועט גאָר זיין, אז ער וועט אוועקשיקען זיין טאָכטער ארבייטען אין שטאָט אין א פאבריקע. אז עס האָבען זיך שוין אָנגעקליבען צענדליקע, טויזענטער מיידלאך אין די פאבריקעס, דאמאָלס נאָר האָט זיך דער געלערנטער עקאָנאָמיסט גענומען וועגען דעם צו שרייבען. און נאָך א זאך. אלץ איז צוגעגאנגען מיט דער נאטור, מיט געוואלד האָט מען קיינעם ניט געצוואונגען געהען אין שטאָט זוכען ארבייט. מיט גוואלד צווינגט מען דעם שניידער ניט ער זאָל געהן ארבייטען אף בראָדוויי אין א פעקטאָרי, ווען ער וויל קען ער דינגען אַ מאַשין און ארבייטען פאר זיך ערגעץ אין בראנזוויל, אוועקטראָגען פארקויפען דעם דזשעקעט דערנאָך אין דער פערצעטער סטריט. צי וועט ער אָבער דערביי בעסער מאכען, איז א גרויסע פראגע. דעם שניידער פון דער היים, וואָס ארבייט ניט אום שבת און האָט ניט צו טאָן מיט די סאָציאליסטען, פאלט גאָר ניט איין אז עס איז אן עולה וואָס דער באָס האלט א שאַפּ און ער איז אן ארבייטער. ווען ער בעקומט נאָר ריכטיק באצאָלט וואָס ער האָט זיך באדינגען, קומט דאָס אויס נאָך זיין באגריף גאנץ ארענטלאך.

אלזאָ, איר זעהט אז דער קאָמוניזם האָט געמוזט איבערגעהן פון זיך אליין אין קאפּיטאליזם, נאָר דורך די ענטוויקלונג פון ארבייט און געשעפט, אָדער ווען מען וויל ריידען די שפּראך פון פּאָליטישע עקאָנאָמי, הייסט דאָס אז די געזעלשאפט האָט זיך געביטען דורך עקאָנאָמישע אורזאכען. געוועהנלאך, גאָר אן שווינדעל איז ניט צוגעגאנגען, אָבער דאָס דארף מען ניט פארגעסען, אז שווינדעל איז געווען א זייטיקע זאך, א פאבריקאנט, ווען ער רייסט אפּ פון'ם ארבייטער פינף סענט פון א דזשעקעט קען דער־

**ביי מאכען א גרעסערען פראפיט, אבער אז ער זאל ניט ברעכען וואָרט וועט ער פארט מאכען א פראפיט.**

עס קומט היינט פאר גענוג מערדעריי און אויך פריהער איז געווען ניט וועניקער. מען האט ביי דעם ענגלישען, אדער ביי דעם רוסישען פויער אוועקגענומען זיין לאנד מיט געוואלד, און ער איז געווארען א פראלעטאריער, אבער ניט דאס איז געווען די אורזאכע, וואס עס האט זיך געוויזען אף דער וועלט א פראלעטאריאט. די איינפירונג פון מאשינען איז די הויפט אורזאכע. מען האט געמאכט פארשידענע ערפינדונגען אין דער פאבריקאציע פון שיך ניט אום צו רואינירען דעם שוסטער, אבער ער איז דאך געווארען איבעריק און האט זיך געזעהן געצוואונגען אנצוקומען אין דער פאבריקע. און אזוי, ביסלאכווייז האט זיך אויפגעבויט א נייע וועלט פון קאפיטאליסטען און געדונגענע ארבייטער. ווען אלע וואלט צוגעגאנגען פרום און גוט, וואלט די איינפירונג פון די אייזענבאנען פארט אוועקגענומען די פרנסה פון די בעלי עגלות און געמאכט זיי פאר פראלעטאריער.

אף דעם באשטעהט ענגעלס אין זיין פאלעמיקע געגען דיורינגען ניט דורך געוואלד, מיינט ער, איז אויסגעוואקסען די קאפיטאליסטישע ארדנונג, נאר דורך עקאנאמישע ענטוויקלונג. איך פארשטעהט שוין איצטער וואס איז דער טייטש „עקאנאמישע“: ווען מען מאכט א געזעץ אוועקצונעמען פון די פויערים די לאנד, אדער ווען מען נעמט אוועק די לאנד פון די פראנצויזישע פריצים דורך א רעוואלוציאן, הייסט דאס א „פאליטישער“ וועג. ווען אבער דער פארמער גיט ארויס א מארגעידזש (א היפאטעקע) אף זיין פארם און זי ווערט פארקויפט פאר'ן חוב אדער ווען דער פלאנטאטאר אין די סויטה, ביי וועמען מען האט אוועקגענומען די שקלאפען, פארקויפט זיין לאנד, וואס קיינער האט דורך געזעץ ניט געטשעפעט, איז דאס אן „עקאנאמישער“ פאקט.

היינט ווי אזוי וועט פון דעם קאפיטאליזם ארויסוואקסען דער סאציאליזם? אף די פראגע ענטפערט קארל מארקס אזוי:

די צאל קאפיטאליסטען ווערט רק קלענער, די צאל געדונגענע ארבייטער ווערט רק גרעסער, דער „מיטעלקלאס“ געהט אונטער אין גאנצען, ביז וואנען די גאנצע געזעלשאפט צוטיילט זיך אין צוויי קלאסען: דעם קאפיטאליסטישען קלאס און דעם ארבייטער-קלאס. **„עס וואקסט די מאסע פון עלענד, פון דרוק, פון קנעכטונג.**

פון דעגראדאציע, פון עקספלואטאציע, אבער אויך די עמפערונג פון דעם ארבייטער קלאס, וואס ווערט רק גרעסער און ווערט געשולט, פאראייניקט און ארגאניזירט דורך דעם מעכאניזם פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן. ...עס שלאגט די שטונדע פון דעם קאפיטאליסטישען פריוואט־אייגענטום. די עקספראפריאטארס ווערען עקספראפריאירט"*).

מען דארף אלזא א רעוואלוציאן. אבער איז א רעוואלוציאן אן ע ק א נ א מ י ש ע ר וועג? לאמיר דאס באטראכטען. לאז זיין, אז די איינטיילונג פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט איז צוויי פיינדליכע קלאסען — קאפיטאליסטען און לאהן־שקלאפען האט אריינגעשלאגען דעם סאציאליזם יעדען ארבייטער אין מח. אבער פארשטעהען אז דער סאציאליזם איז גוט, און נעמען א ביקס אין האנט אריין, איז נאך ניט דיזעלבע זאך. באטראכט פון א ריין עקאנאמישען שטאנדפונקט, איז גלייכער אן אנדערער זאל שיסען — איך וועל זיך זיצען אונטערען אויווען, און אויב מ׳וועט אויספירען, וועל איך שרייען „הורא!"

אזוי טראכט אימערצו די וועלט פון שקלאפען. א פאלקס אופשטאנד באדארף זעלבסט אופאפפערונג פאר אן אידעע.

אלזא דורך עקאנאמישע קרעפטען אליין קען זיך דער סאציאליזם ניט פארווירקליכען. מ׳דארף, אז די עקאנאמישע ענטוויקלונג זאל באפרוכטעט ווערען דורך באגייסטערונג פאר די סאציאליסטישע אידעע. דאס הייסט אבער אידעאליזם!

ניט אזוי האט זיך ענטוויקעלט דער קאפיטאליזם. קיינער האט ניט אנגענומען קיין רעזאלושאנס: באשלאסען אז אלע שוסטערס פון הייוועריל זאלען אופגעבען זייערע שעפלאך און שטע-

---

*) „דאס קאפיטאל", ערסטער באנד, 14טער קאפיטעל, 7. — דער ווארט „עקספראפריאירען" הייסט אוועקנעהמען דעם אייגענטום. אין דער רוסישער רעוואלוציע האט ער געקראגען א ספעציעלען זין. דאס שטאמט פון די פראנצויזישע אנארכיסטען, וועלכע זיינען אין די „אכציקער" יארען ארויסגעקומען מיט דער טעאריע, אז די סאציאלע רעוואלוציאן קען דורכגעפירט ווערען דורך איינצעלנע אקטען פון רעוואלוציאנערער „עקספראפריאציע" פון קאפיטאליסטען.

לען זיך ארבייטען פאר שכירות אין די פאבריקען פון שיך. עס האט זיך ניט געגרינדעט קיין פארטיי מיט א פלאטפארמע, וואס זאל פאדערן די אפשאפונג פון אלע בעלי עגלות צווישען ווילנע און מינסק. יעדער קאפיטאליסט האט זיך געטאן פאר זיך, וואס עס האט זיך פאר עם פערזענלאך געלוינט בעסער, עס איז אבער דער פון אויסגעוואקסען דער קאפיטאליסטישער סיסטעם. אויב די מאטעריאליסטישע פילאסאפיע פון דער געשיכטע איז ריכטיק, טו מוז אף דעם זעלבען אופן אויסוואקסען דער סאציאליזם. אויב פארקערט, דער סאציאליזם נויטיקט זיך אין פארטייען, פלאטפאר־מעס, אגיטאציע, ווארים פון זיך אליין קען ער ניט אויסגעפירט ווערען, הייסט דאס, אז די סאציאליסטישע אידעען מוזען אריין אין די קעפ איידער דער סאציאליזם וועט דורכגעפירט ווערען אין לעבען, דאס הייסט : צוריק צו דעם אידעאליזם !

פון דעם ווידערשפרוך האבען ניט מארקס און ניט ענגעלס קיין מאל ניט געקענט ארויסקריכען. ענגעלס האט ניט לאנג פאר זיין טויט ערקלערט אין אן ארטיקעל, וואס איז ערשינען אין דעם „סאָ־ציאליסטישען אקאדעמיקער“ אין 1891, אז דער סאציאליסטישער געדאנק איז טאקע א נויטיקע באוועגענדע קראפט אין דעם איבער־גאנג פון קאפיטאליזם צום סאציאליזם. די געשיכטע ווערט געמאכט פון מענטשען. איידער די מענטשען קענען איינפירען דעם סאציאליזם, מוז דער סאציאליסטישער געדאנק אריינדרינגען אין די מענטשלאכע קעפ. אלזא, עס קומט אויס, אז די געזעלשאפט ווערט איבערגעביטען נאך א געוויסען פלאן, וואס געפינט זיך פריער ביי דעם ארכיטעקט אין קאפ.

ווי די רעליגיעזע ארטאדאקסיע, זוכט זיך אויך די מארקסיס־טישע ארטאדאקסיע אויסצודרעהען פון דעם ווידערשפרוך מיט אלערליי תירוצים. די וועלט, זאגט מען, איז שוין אזוי וואונדערבאר באשאפען, אז ווען עס נויטיקט זיך ענטוזיאזם, דאן ברייננגט די עקאנאמישע ענטוויקלונג מיט זיך דעם ענטוזיאזם. דער מענטש קען זיך פשוט ניט העלפען, ער ווערט א צוקאכטער דורך דעם צוואנג פון די עקאנאמישע פארהעלטניסע. דאס איז אבער אלץ גוט, כל זמן די וועלט איז ניט באקאנט מיט דעם מארקסיזם. כל־זמן מ׳גלויבט, אז אידעען קענען איבערמאכען די וועלט, טראכט זיך איינער, איז נאך כדאי אוועקצוגעבען דעם לעבען, כדי דערמיט צו

פארבעסערען די לאגע פון דער מענטשהייט. ווען אבער מען פאנגט אן צו פארשטעהן, אז די אידעע איז ניט מער ווי א טערמאמעטער, וואס ווייזט די טעמפעראטור פון דער צייט, — איז קאלט אין דרויסען פארפרירט די קוועק־זילבער, ווערט היים שטייגט זי אין דער הויך, — טו ווען מען וועט איינפאלען צו ווארעמען דעם טערמאמעטער, כדי דערמיט אויסצוהייצען אין שטוב ?

על כן, ענטוועדער אדער: אויב די איינפירונג פון סאציאליזם באדארף אן אויפשטאנד, א בירגערקריג, איז ער אויסזיכטלאז, ווען מ׳וויל זיך האלטען קאנסעקווענט אן דער מאטעריאליסטישער אופפאסונג פון דער געשיכטע, אויב די מאטעריאליסטישע טעאריע איז ריכטיק, טו איז דער סאציאליזם נאר דאן מעגלאך, ווען ער קען אויסוואקסען לאנגזאם פון קאפיטאליזם, פונקט אזוי ווי דער קאפיטאליזם איז אויסגעוואקסען פון קליין־געווערב, ווי דער קליין־געווערב איז אויסגעוואקסען פון דעם שבט קאמוניזם, אף א ריין עקאנאמישען וועג, אז קיין שום נסים, אן דרשות, אן גוואלד־רעוואלוציאן, עס קאן זיין, עס וועט קומען צו רעוואלוציאן, מען וועט אגיטירען, מען וועט ארויסגעבען געזעצע, דאס זיינען אבער אלץ זייטיקע זאכען. ניט דורך דעם מוז קומען דער סאציאליזם, ווי ניט דורך דעם איז געקומען דער קאפיטאליזם, וואס די קלאוקמאנופעקטשורערס אססאסיעישאן האט קיין מאל ניט איינגעהאלטען איר אפמאך מיט דער קלאוקמאכער יוניאן.

עס איז גאר קיין תירוץ ניט, אז עס זיינען פריהער אויך פארגעקומען רעוואלוציעס, על כן, א. אז. וו. עס איז טאקע ריכטיק, אז עס זיינען פארגעקומען רעוואלוציעס, אבער דער קאפיטאליזם איז שוין פאר דעם געווען בר מצוה. די רעוואלוציע האט עם פילייכט פארשפארט א פאר צענדליק יארען ענטוויקעלונג, אבער אין גרונד גענומען האט מען אן דער רעוואלוציע געקענט גאנץ גוט אויסקומען.

מיט דעם סאציאליזם אבער קומט אוים גאר אנדערם: דער אופשטאנד אז די קראפט וואס וועט שאפען דעם סאציאליזם. און פאר אזא אופשטאנד איז נויטיק באגייסטערונג פאר דעם סאציאליסטישען אידעאל, — דאס הייסט דער סאציאליסטישער אידעאל מוז ווערען א רעוואלוציאנערע קראפט איידער דער סאציאליזם קען דורכגעפירט ווערען אין דער עקאנאמישער ארגאניזאציע פון דער געזעלשאפט. פלעכאנאוו פרובירט ארויסקריכען פון דעם ווידער־

שפרוך מיט דעם פירוש, אז די סאָציאַליסטישע אידעען שפּיגעלען אָפּ די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פון דער צוקונפט! עס איז קלאָר, אז מען קען די „סאָציאַלע רעוואָלוציאָן" ניט צונויפפּאָרען מיט מאַטעריאַליזם, דורך דעם ערקלערט זיך, פאַרוואָס מערערע מארקסיסטען זיינען צוריק געגאַנגען צום אידעאַליזם.

זיינען זיי גערעכט?

אז דער סאָציאַליזם שטימט ניט מיט דער טעאָריע פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, טו איז נים אפשר א סברה, אז די רעוואָלוציאָנערע טעאָריע פון מארקס איז פאלש, און זיין מאַטעריאַליזם איז ריכטיק?

קארל מארקס האָט זיך אין זיינע לעצטע יאָרען זעהר שארף צוגעקוקט צו דעם, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די פאַראייניקטע שטאַטען. ער האָט שוין דעמאָלט פאָראויסגעזעהען, אז דער וואוקס פון קאַפּיטאַליזם וועט דערגרייכען זיין העכסטע מדרגה אין אמעריקע.

נאָך זיין טויט האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער אמעריקאַנער אינדוסטרי א גאַנצע איבערקערענעם. כמעט אין יעדען צווייג האָט זיך אָרגאַניזירט א טראָסט, די טראָסטען זיינען ענג פאַרבונדען אונטער אנאַנדער, און איבער זיי אַלעמען שטעהט א קליינע קליקע פון מאָנאָפּאָליסטען, וואָס באַהערשען דעם גאַנצען געשעפט פון לאַנד. דורך אָט די ענטוויקעלונג פון צענטראַליזאַציע האָבען זיך אופגעדעקט אזעלכע נייע געגענזעצע און נייע עקאָנאָמישע ערשיינונגען אין דער געזעלשאַפט, וואָס ווייזען דעם עקאָנאָמישען וועג, אף וועלכען מארקס'עס נביאות וועלען מקוים ווערען.

נײַנטער קאַפּיטעל:

# קאָמוניזם אַמאָל און הײַנט.

## 1.

### דער װאוקס פון קאָמוניזם אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

דער טײטש פון דעם װאָרט קאָמוניזם האָט זיך איבערגעביטען אין די לעצטע זיבעציק יאָר. װען קארל מארקס און פרידריך ענגעלס האָבען אָנגעשריבען דעם „קאָמוניסטישען מאניפעסט", האָט דער נאָמען „קאָמוניסט" באדײטעט די זעלבע זאך װי „סאָציאַליסט" הײנט־צו־טאָג. מי צװאנציק יאָר שפּעטער, אין דער צײט פון דעם ערסטען „אינטערנאציאָנאל", האָבען זיך געבילדעט צװײ ריכטונגען: די מארקסיסטישע האָט אָנגענומען דעם נאָמען „סאָציאַליסטען" און די באקוניסטישע דעם אַלטען נאָמען „קאָמוניסטען".

װי קאַוטסקי ערקלערט אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם, באַשטעהט דער אונטערשיד צװישען דעם הײנטיקען סאָציאַליזם און דעם קאָמוניזם אין דעריין, װאָס דער סאָציאַליזם מײנט קהל'שע פּראָדוקציאָן, בעת דער עיקר פון קאָמוניזם איז דער געמײנשאַפטליכער פאַרצער: דער עולם זאָל װאָהנען צוזאַמען, עסען צוזאַמען און דערגלײכען.

דער קאָמוניזם איז עלטער פאר דעם סאָציאַליזם. די װילדע שבטים האָבען געלעבט אין קאָמוניזם. דער אוראַלטער קאמוניזם איז נאָך איבערגעבליבען אין דער גריכישער געשיכטע בײ דעם הערשענדען קלאַס אין ספּאַרטא. אין מיטעלאַלטער זײנען די קלױסטערס געװען קאָמוניסטישע קאָלאָניעס. די גרױסע קאָמוניסטישע אוטאָפּיסטען האָבען געבױט זײערע טעאָריעס נאָך דעם מוסטער פון יענע קאָמוניסטישע קאָלאָניעס. דער גריכישער פילאָסאָף פּלאַטאָן האָט אידעאַליזירט די פירונג פון דער ספּאַרטאנער אריסטאָקראַטיע. דער קאטאָלישער מאָנאך קאַמפּאַנעלא — די מנהגים פון די קלױסטערס. דער הײנטיקער סאָציאַליזם איז דאָס קינד פון דעם קאַפּיטאַליזם. די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט מוז זיך ענטװיקלען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. מיט דער קאָנסומפּציאָן באשעפטיקט זיך װיסענשאַפטליכער סאָציאַליזם גאָרניט.

דער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם האָט אימער געבויט פּלע־נער פון קאָמוינסטישען צוזאַמענלעבען, די לעצטע אוטאָפּיע איז גע־ווען עדוואַרד בעלאַמי'ס. זינט דער צייט פון ראָבערט אוען זיינען דאָ אין אַמעריקע געגרינדעט געוואָרען אַ גרויסע צאָל קאָמוניסטישע קאָלאָניעס. פון ראָבערט אוען שטאַמען אויך די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־פאַראיינען.

ניט פון די דאָזיקע עקספּערימענטען קלייב איך זיך דאָ צו ריידען. די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען שטאָלצירען מיט די הונדערטען מיליאָנען פונטען וואָס זיי לייזען, דאָך וואָס באַטרעפט דאָס אין פאַרגלייך מיט דער לייזונג פון אַלע ענגלישע קראָמען? עס ענטוויקעלט זיך אָבער אין דער היינטיקער געזעלשאַפט אַנאַנדער סאָרט קאָמוניזם, וואָס פאַרהאַלט זיך אַזוי צו די פּראָבעס פון קאָ־מוניסטישען צוזאַמענלבען, ווי די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן פון דער צוקונפט פאַרהאַלט זיך צו די אַלערליי פּראָבעס פון קאָ־מיניסטישע פאַרמס און שעפּער.

2.

## קאָמוניזם — דער פּראָדוקט פון דער היינטיקער טעכניק.

ווי ווייט איך בין בעקאַנט מיט דער סאָציאַליסטישער לי־טעראַטור, איז דער ערסטער, וואָס האָט אָנגעצייגט אויף אָט די ענטוויקלונג, געווען פּראָפעסאָר זיעבער, דער ערסטער רוסישער פּאָ־פּולאַריזאַטאָר פון מאַרקס'ן. ער האָט גענומען פאַר אַ ביישפּיל אַ גרויסען האָטעל און זומער־גאַרטען אַרום ניו־יאָרק, וואו עס עסען צוזאַמען אין איין טאָג עטלאַכע צענדליק טויזענט מענטשען. דאָס איז אפשר הונדערט מאָל אַזוי פיל ווי עס האָבען זיך באַטייליגט אין די קאָמוניסטישע סעודות פון דער פאַרצייטיקער ספּאַרטאַ.

אַלע עקספּערימענטען אין קאָמוניסטישען צוזאַמענלעבען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון די ענטהוזיאַסטען פון קאָמוניזם און קאָאָפּעראַציע, זיינען דורכגעפאַלען, ווייל עס איז געווען פונקט אַזוי וויגאָדנע ווי צו וואָהנען אין שכנות. אָבער עס איז געקומען דער קאַפּיטאַליסט, וואָס ווייס גאָר ניט און וויל גאָר ניט וויסען פון קיין קאָמוניזם, און ער האָט אויסגעבויט גרויסע אַפּאַרטמענט־

הייזער, וואו צענדליקע פאמיליעס לעבען צוזאמען, האָבען איין גרויסען עס־צימער פאר אלעמען, עסען ביי איין טיש, האָבען איין גרויסען זאל פאר די קינדער, וואו זיי שפּילען זיך צוזאמען. און מענטשען וואָס זיינען זיכער פּרינציפּיעלע געגנער פון קאָמוניזם און פארמאָגען גאנץ גוט צו האָבען פאר זיך א הויז מיט אן איינעגער קיך און אן אייגענעם עס־צימער, צאָלען שווערע געלט, אבי אריינצוקומען אין אזא אפּארטמענט־הויז. היינט לייענט איבער פלאטאן'ס קאָמוניסטישע אוטאָפּיע, וועט איר זעהן, אז איז דער היינטיקער אפּארטמענט־הויז איז ריכטיק מקיום געוואָרען זיין נבואה. אין זיין אידעאלען שטאט איז פאראן אן אריסטאָקראטיע, וואָס רעגירט, און א שקלאפען־קלאס, וואָס ארבייט. דער הערשענדער קלאס לעבט אין קאמוניזם און די ארבייטענדע מאסען לעבען אינדיווידואַליסטיש. קוקט זיך צו צו אונדזער היינטיקער אמעריקאַנער געזעלשאפט, געפינט איר אויך א קאָמוניסטישען צוזאמענלעבען אין די האָטעלס און אפּארטמענט־הייזער ביי דעם הערשענדען קלאס, און אן אפּגעזונדערטען, אינדיווידואליסטישען לעבען ביי די ארבייטענדע מאסען.

מילא, דער סאָרט קאָמוניזם איז נאָך דערוויילע באשרענקט אַף גאָר א קליינעם טייל פון דער געזעלשאפט. עס האָט זיך אָבער ענטוויקעלט א קאָמוניזם אין פארצער, וואָס האָט אריינגעצויגען אין זיך צענדליקע מיליאנען מענטשען, די גאנצע געזעלשאפט.

איר שטעהט אויף אין דער פריה וואשט איר זיך איין מיט געזעלשאפטליכע וואסער. איר מאכט פאר זיך א גלעזעל קאווע מיט געזעלשאפטליכע גאז. איר פאָרט צו דער ארבייט אַף א געזעלשאפטליכער שטאָט־באן. איר רעט זיך דורך מיט אייערע קונדען אין א געזעלשאפטליכען טעלעפאָן. איר שיקט א טעלעגראמע דורך א געזעלשאפטליכען טעלעגראף, און אזוי ווייטער. די אמעריקאַנער עקאָנאָמיסטען רופען דאָס „פּאָבליק יוטיליטי", עפענטליכע ניצליכקייט. עטלאכע פון זיי געפינען זיך אין קהל'שע הענט, אנדערע געהערען צו פּריוואט־אייגענטימער, אָבער ווער עס מעגען זיך זיין די בעלי־בתים פון יענע ניצליכקייטען, צי די שטאָט, צי א פּריוואט־קאָמפּאניע, ווערען זיי אלע פארברויכט פון דעם גאנצען עולם בשותפות. די „פּאָבליק יוטיליטיז" זיינען אלזאָ א פאָרמע פון קאָמוניסטישען פארצער, מיט אָדער אן קאָמוניסטישען אייגענטום.

די „פּובליק יוטיליז“ זיינען געשאַפען געוואָרען דורך דעם וואוקס פון די גרויסע שטעט, צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק.

ערסטענס לאָמיר נעמען אַזעלכע זאַכען, וואָס די וועלט האָט גענוצט אין אַלע צייטען — אין מלך סאָביעצקעס צייטען, א קוראַט ווי אין עדיסאָן׳ס צייטען, אין פאַרלעגענע דערפלאַך פּונקט אַזוי ווי אין גרויסע שטעט. אָן וואַסער האָט דער מענטש קיין מאָל ניט געקענט לעבען אָבער אַף די פאַרמס און אין קליינע שטעט פאַר־שאַפט ער נאָך עד היום יעדער איינער וואַסער פאַר זיך אַליין. יעדער בעל־הבית באַשטעלט פאַר זיך א פאַס וואַסער ביי א וואַסער־פירער, אָדער ער האָט א ברונים אין הויף און ברענגט די וואַסער אין עמערס אין הויז אריין.* דער פאַרברויך פון וואַסער הייסט דאָס, איז אַן אינדיווידואַליסטישער, יעדער איינער פאַר זיך, פּונקט אַזוי ווי דער פאַרברויך פון ברויט. אָבער אין א מאָדערנער גרויסער שטאָט איז וואַסער איינגעפירט אין יעדער הויז פון א צענטראַלען רעזערוואואַר. דערצו דאַרף מען לייגען פּייפּס (טרובעס) אונטער יד גאַסען, מען דאַרף האָבען א צענטראַל־סטאַנציע מיט מאַשינערי. דאָס ווערט שוין באַנוצט פון דער גאַנצער שטאָט צוזאַמען, דער פאַרברויך פון וואַסער איז אַלזאָ א קאָמוניסטישער.

ווייטער ביי אונדז אין דער אַלטער היים, האָט יעדער בעל־הבית׳טע אַן אייגענע פּאַמויניצע, זאָלט איר מיר מוחל זיין. אין די מער ציוויליזירטע שטעט איז פאַראַן א רינע אין גאַס און די בעל־הבית׳טע גיסט אַרויס איר פּאַמויניצע אין די רינע און פון דאָרט רינט עס שוין אין טייך. בקיצור, יעדער איינער ווערט פּטור פון זיין ברודגע וואַסער פאַר זיך, אַף אַן אינדיווידואַליסטישען אופן. אין אַן אַמעריקאַנער קיך האָט איר א „סינק“, וואָס איז פאַר־בינדען מיט דעם סיסטעם פון אַפּפּיר־קאַנאַלען, („סועדס“). ווען איר גיסט אַרויס ברודגע וואַסער אין סינק, באַנוצט איר זיך מיט דער שטאָטישער קאַנאַליזאַציע, צוזאַמען מיט טויזענטער אַנ־דערע מענטשען. די אינדיווידואַליסטישע פּאַמויניצע איז אָפּ־געשאַפט געוואָרען דורך דעם קאָמוניסטישען סיוער.

ווייטער נעמט מיסט. אין א שטאָט ווי באַברויסק קערט מען די גאַסען גאָר ניט. די מיסט וואַרפט מען אַרויס אויפ׳ן הויף, אין פּראָגרעסיווע הייזער איז פאַראַן א מיסט־קאַסטען. א גוטער

בעל הבית דינגט אלע חודש א מאן, ער זאל די מיסט אויספירען. אין די גרעסערע שטעט זיינען פאראן ספעציאליסטען, וואס מאכען אפ מיט די בעלי בתים צו רייניגען זייערע הויפען אזוי אפט ווי עס איז דער מנהג. אין מאדערנע שטעט גיט די שטאט־פערוואל־טונג אליין אכטונג אויף דערויף, דאס איז שוין א שטיק קאמוניזם. אפילו ווען די שטאט גיט איבער די ארבייט צו א קאנטראקטאר. ענדליך זיינען פאראן שטעט, וואס דינגען אליין מענטשען צו ריי־ניגען די גאסען.

היינט נעמט באלייכטונג. אף די פארמס, אין א סך קליינע שטעטלאך ווערען נאך היינט־צוטאג באנוצט קאראסינאווע לאמ־פען. די פראדוקציאן פון קאראסינע איז א העכסט צענטראליזירטע אינדוסטרי, צו דער זעלבער צייט איז דער פארברויך פון קא־ראסינע העכסט אינדיווידואליסטיש. קאראסינע דארף צו יעדען באזונדער צוגעשטעלט ווערען אין הויז. יעדער מוז פאר זיך בא־זונדער אנגיסען זיין לאמפ און באזונדער איר אויסרייניקען. ווען עס ווערט איינגעפירט אין שטאט גאז אדער עלעקטרישע בא־לייכטונג, דעמאלט ווערט די גאנצע ארבייט באזארגט פאר טוי־זענטער מענטשען פון איין צענטראלער סטאנציע. די צענטרא־לע סטאנציע מיט די גאז־פייפס אדער מיט די עלעקטרישע דראטען ווערט באנוצט פון טויזענטער מענטשען בשותפות. דער אינדיווי־דואליזם אין דעם געברויך פון באלייכטונג האט אפגעטראטען דעם פלאץ פאר דעם קאמוניסטישען פארצער.

עס זיינען פאראן שטעט אין אמעריקע וואו די הייזער ווערען געהייצט אויך פון א צענטראלער סטאנציע. איך וואלט געקענט אויסרעכענען נאך אנדערע זאכען, אבער דרעווייליע וועט דאס אויך גענוג זיין, קלאר צו מאכען ווי אזוי דער אינדיווידואליזם ווערט פאר־דרענגט דורך דעם קאמוניזם אין דעם פארברויך פון אזעלכע זא־כען וואס דער מענטש האט באנוצט זינט ער איז געווארען א מענטש.

עס איז אבער פאראן נאך א צווייטער סארט זאכען וואס זיי־נען געשאפען געווארען דורך די מאדערנע טעכניק און זיינען פון אנהויב אן געווארען „פאבליק יוטיליטיז“, די וויכטיקסטע פון זיי

---

* אפילו אין אזא שטאט ווי וואשינגטאן האב איך נאך געזעהן הייזער מיט ברונימער, אן שטאטישע וואסער.

איז די שטאַט־באַן. אמת, אָמניבוסען האָבען עקזיסטירט נאָך פריד־הער פאַר די שטאַט־אייזענבאַנען, אָבער אַן אָמניבוס איז אַ גרויד־סע בויד, ווי ביי אַ פּאַרצייטיקען בעל־עגלה, און ער שלעפּט זיך פּאַמעלאַך, אַזוי ווי אַ בעל־עגלה. די מאַסע איינוואָהנער פון אַ שטאָט באַנוצען זיך ווייניק מיט אַן אָמניבוס, וואָרים קיין צייט פאַרשפּאָרט מען דערמיט ניט, צופוס געהן איז כמעט אַזוי גיך.

די רעוואָלוציע אין טראַנספּאָרט הויבט זיך אָן מיט דער איינ־פירונג פון רעלסען, וואָס דאָס איז אַן ערפינדונג פון דער מאָ־דערנער אייזענבאַן־אינדוסטרי. אַ וואָגען אויף רעלסען לויפט גיכער און מען קען אין עם איינשפּאָרען מערער מענטשען, ווי אין אַן אָמניבוס. דער נעקסטער שריט איז געווען די אָנווענדונג פון מעכאַנישער קראַפט אויף די שטאַט־באַן: סטים (פּאַרע), קעיבל*), און עלעקטרישע קראַפט. זינט עס איז מעגלאַך געוואָרען אין אַ האַלב־שעה געבען אַ שפּרונג פון איין עק שטאָט אין דעם אַנדערען, האָט די שטאָט איבערגעביטען איר אויסזעהן. פריהער האָט דער אַרבייטער געמוזט וואָהנען ניט ווייט פון דער פאַבריק. היינט־צו־טאָג קען ער וואָהנען אין די בראָנקס און אַרבייטען אין דער אַכצענטער סטריט. אויף דעם אופן האָבען זיך אַלע גרויסע שטעט אויסגעבויט גאַנצע מיילען פון דעם געשעפטס־צענטער. גרויסע מאַסען וואָהנען ווייט פון דעם פּלאַץ פון זייער אַרבייט און מוזען פאָהרען הין און צוריק, ווערענד אַמאָל פלעגען זיי געהן צופוס. כל זמן איהר פאָרט אויף אייערע אייגענע פֿאַר, דאַרפט איהר קיין שותפים ניט; ווען איר פאָרט אָבער אין אַ וואַגאָן, דע־מאָלט באַנוצט איר שוין בשותפות מיט מיליאָנען אַנדערע פּאַ־סאַזשירען דעם גאַנצען סיסטעם פון „רעפּיד טרענזיט“. אַלזאָ, דער קאָמוניסטישער פאַרברויך פון די עלעקטרישע שטאָט־באַנען איז נעשאַפען געוואָרען צוזאַמען מיט די עלעקטרישע שטאָט־באַנען

* דאָס איז אַ שטריק וואָס ווערט געלעגט אונטער'ן ברוק, אַזוי ווי דער עלעקטרישער דראָט אויף די היינטיקע שטאָט־באַנען, און ווערט געטריבען דורך אַ מאַשין אין אַ צענטראַל־סטאַנציע. דער וואַגאָן פאַר־כאַפּט דעם שטריק מיט אַ מין אָפּצווייגונג, און דער שטריק שלעפּט דעם וואַגאָן. אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ זיינען די קעיבעל־קאַרס געגאַנגען עט־לאַכע יאָר איידער עס איז איינגעפירט געוואָרען עלעקטרישע קראַפט.

גופא. דער נייער בעדארף, זייענדיק פון דער נאטור א קהל'שער. ווערט פון אנהויב אן רעגולירט פון דעם קהל.

אויף צופוס געהן דארף מען קיין לייסענס ניט; א קעב דרייווער מוז יע עפעס איינצאלען דער שטאט און דערפאר קריגט ער א פאפיר; אבער עס מעגען זיין א טויזענט איזוואשציקעס. ווען עס געפעלט זיי. מיט א שטאט־באן איז גאר אנדערס : מ'דארף לייגען רעלסען ; ווי ברייט די גאס זאל ניט זיין, קענט איהר דארט לייגען העכסטענס דריי־פיער פאר רעלסען. אלזא ווען א שטאט־באן קריגט א פרענטשייז, קען מען שוין קיין קאנקורענטען צו איר ניט אריינלאזען. די שטאט־באן איז פון דער נאטור א מאנאפאל־געשעפט און ארויסגעגעבען א מאנאפאליע ווענדט זיך אן דער רעגירונג.

דער טעלעפאן איז אנאנדער טעכנישע ערפינדונג, וואס האט בעצם א קאמוניסטישען כאראקטער. דער צוועק פון דעם טע־לעפאן איז צו פארבינדען א מאסע מענטשען. ער קען אנדערש ניט גענוצט ווערען ווי נאר אף א קאמוניסטישען פלאן.

צו דעם זעלבען קלאס געהערען אויך די אייזענבאנען, וואס פארבינדען די גאנצע לאנד, ארום די גרויסע שטעט איז פאראן א ספעציעלער סארט פאסאזשירען — די „קאמיוטערס" — וואס פא־רען אלע טאג איבער דער אייזענבאן צו דער ארבייט און פון דער ארבייט אהיים, אין די ארומיקע קליינע שטעטלאך. חוץ דעם בא־נוצט זיך יעדער איינער היינט־צו־טאג מיט דער אייזענבאן, נעמ־ליך אלס קאנסומענט פון פלייש, פוטער, מעל, גרינס, קוילען א. אז. וו., ניט רעדענדיק שוין פון דער ראליע וואס זי שפילט אין דעם גאנג פון דער היינטיקער אינדוסטרי. ווען עס שטעלט זיך אפ אף א קורצע צייט די אייזענבאן, קען די שטאטישע באפעלקע־רונג פארהונגערען און פארפרארען ווערען. איר זעט אלזא אז פון דעם קאמוניסטישען פארברויך הענגט אפ היינט־צו־טאג די גאנצע עקזיסטענץ פון דער היינטיקער געזעלשאפט.

## 3.

## די סטאטיסטיקע פון דעם קאמוניסטישען פארברויך.

פון דעם קורצען איבערבליק קענט איר זעהן, ווי עס ענטוויי־

קעלט זיך דער קאָמוניסטישער פאַרברויך אין אַמעריקע. אַז איר ווילט אָבער אָפּשאַצען די באַדייטונג פון אַ סאָציאַלער ערשיינונג, דאַרפט איר אימער אין בעטראַכט נעמען די צאָל און מאָס. איינע שוואַלבע מאַכט נאָך דען פריהלינג ניט, זאָגט דער דייטש. לאָ־מיר־זשע אַ קוק טאָן, וואָו האַלטען מיר מיט דעם קאָמוניסטישען פאַרברויך.

איך וועל אָנהייבען פון די וואַסערווערק, וואָרום היסטאָריש זיינען זיי געווען די ערסטע, און חוץ דעם איז ניט נאָר דער פאַרברויך פון וואַסער אַ קאָמוניסטישער, אָבער די וואַסער־ווערק זיינען גרעסטענטיילס קהל'שער אייגענס און די פּראָדוקציאָן איז אויך אַ קהל'שע. ווען איך רעד פון דער פּראָדוקציאָן פון וואַסער, פאַרשטעהט איר נאַטירלאַך, אַז די וואַסער דאַרף מען פּומפּען, עס זאָל גרייכען אין אַלע טיילען פון שטאָט און אַף יעדען גאָרן. און די פּייפּס האָבען אַמאָל נויטיק רעפּאַראַטור און אַזוי ווייטער. דאָס איז אַלץ פּראָדוקציאָן.

אין פּאַרצייטיקע יאָרען פלעגט אַברמ'ל דער וואַסערטרע־גער פאַרנאָנדערטראָגען וואַסער צווישען די מינסקער בעלי בתים. זיין גאַנצער קאַפּיטאַל איז אין יענע צייטען באַשטאַנען פון אַ פּאָר עמער מיט אַ קאָראָמיסלע. אַלץ צוזאַמען איז דאָס ווערט געווען: העכסטענס פיר גילדען, אַף אַזוי פיל האָט יעדער אָרעמאַן געקענט „דאַקאַזשען". דער טייך איז פאַר אַלעמען געווען פריי אָנצושעפּען אַ פּאָר עמער וואַסער. יעדער איינער וואָס האָט געוואָלט זיין אַ וואַסער־טרעגער, האָט פאַרמאָגט צו זיין פאַר זיך אַליין אַ בעל הבית.

ביי די גבירים פלעגט מען נעמען אַ גאַנצען צעבער וואַסער מיט אַמאָל, צו זיי פלעגט מען געוועהנטלאַך פירען וואַסער. אַ וואַסערפירער האָט שוין געדאַרפט האָבען אַ קאַפּיטאַל: אַ פערד, אַ וואָגען, אַ שליטען, אַ שטאַל. דאָס האָט שוין געקענט באַטרעפען אַ פּאָר הונדערט קערבלאַך. עס זיינען געווען וואַסערפיהרער וואָס האָבען געהאַט עטלאַכע פערד מיט וואָגענס. אַזויינער אַ וואַסער־פיהרער פלעגט זיך צודינגען אַ פּאָר מענטשען וואָס זאָלען פאַר עם פאַרנאַנדערפירען וואַסער. דאָ האָט איר שוין אַ קאַפּיטאַליסט און אַ געדונגענעם אַרבייטער. אין יענע צייטען איז קיינעם ניט פאַרווערט געווען צו זיין אַ וואַסערפירער, ווען ער האָט נאָר גע־

האט דעם קאפּיטאל (עס איז געווען פרייע קאָנקורענץ, ווי די פּראָפעסאָרען זאָגען). ווען מ'האָט איינגעפירט וואסער אין די הייזער איז געוואָרען גאָר אנדערס. וואסערטרעגער און וואסערפירער האָבען אָנגעווארען זייערע קונדען.

אף צו לעגען פּייפּס אונטער דער ערד דארף מען אופרייסען די גאַס, און די גאס באלאנגט צו דער שטאָט: דארף מען זיך ביי איר פריהער אָנפרעגען צי וועט זי לאָזען אויסבויען א רעזערוואואַר מיט מאַשינערי, און איינפירען וואסער אין די הייזער קאָסט א סך געלט*), דאָס איז געווען איבער די כחות פון די שטעט אין די ערסטע צייטען. פון אָנהויב האָבען די שטעט אוועקגעגעבען דעם בויען פון וואסערווערק צו פּריוואט קאָמפּאַניס אף קאָנצעסיעס, אף ענגליש הייסט דאָס: „אַ פרענטשייז".

אַ פרענטשייז איז אַ מאָנאָפּאָליע. ווען איינער באקומט די ערלויבנים צו לעגען פּייפּס, טו קען שוין געוועהנטלאך קיין אנדערער ניט באנוצען די גאסען פאר דעם זעלביקען צוועק. די קאָמפּאַניע וואָס האָט געקראגען די מאָנאָפּאָליע מאכט אָן דעם מיליאָנען דאָלאר פּראפּיט. א סך שטעט האָבען עס איינגעזעהען פון אָנהויב אָן און האָבען אויסגעבויט אייגענע וואסער־ווערק.

די ערסטע שטאָט אין אמעריקע, וואָס האָט אויפגעבויט וואסערווערק, איז געווען אלבאַני, אין דעם יאר 1799. מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין 1801, איז געקומען פילאדעלפיע; די דריטע שטאָט איז געווען טרענטאָן, אין דעם סטעיט ניו דזשוירזי; ס'איז אוועק עלף יאר ביז די שטאָט רעדינג האָט זיך אויך פארזאָרגט אין 1819 מיט וואסער־ווערק. און אזוי ווייטער. ווי לאנגזאם עס איז געגאנגען קענט איר זעהן דערפון, אז אין באסטאָן זיינען וואסער־ווערק איינגעפירט געוואָרען ערסט אין 1848 און אין וואשינגטאָן אין 1850.

---

*) די קלענסטע סומע וואָס איז באריכטעט אין דעם רעפּאָרט פון דעם צענזוס איבער ז: געשעפטען פון די שטעט מיט מער ווי 25,000 איינוואָהנער אין דעם יאָר 1903, איז $160,000, דאָס איז אין דענווער; אין ניו - יאָרק האָבען די וואסערווערקע אָפּגעקאָסט $131,000,000; אין אַ מיטעלער שטאָט דארף קאָסטען עטלאכע מיליאָן דאָלאר איינצופירען וואסער.

די ערסטע וואסער־ווערק, אין אלבאני, זיינען געבויט געווארען מיט פריוואט־קאפיטאל, אזוי איז אויך געווען אין אלע אנדערע שטעט אין די ערסטע צוואנציק יאר, חוץ פילאדעלפיע, וואו די שטאט האט פון אנהויב אן אויסגעבויט אליין אירע וואסער־ווערק. עס איז אוועק זעקס־און־צוואנציק יאר ביז אנאנדער שטאט ווילמינגטאן אין דעלאווער, האט אין 1827 אויסגעבויט אירע אייגענע וואסער־ווערק. פון 1830 הויבט זיך אן א נייע ווענדונג: איין שטאט נאך דער אנדערער הויבט אן צו בויען אירע אייגענע וואסער־ווערק, אלע צוזאמען נאהענט פון א העלפט פון אלע שטעט סער־ווערק, אלע צוזאמען נאהענט פון א העלפט פון אלע שטעט מיט א באפעלקערונג פון וועניגסטענס 25,000 איינוואהנער. די שטעט, וואס האבען פון אנהויב געלאזען פריוואט־קאפיטאליסטען ווערען די בעלי־בתים איבער די וואסער הויבען אן אפקויפען די וואסער־ווערק. דעם אנהויב האט געמאכט די שטעטעל וואוסטער אין מאסאטשוסעטס, וואו די וואסערווערק זיינען אויסגעבויט געווארען מיט פריוואט־קאפיטאל אין 1845 און די שטאט האט זיי אפגעקויפט מיט דריי יאר שפעטער, אין 1848. פון די גרויסע שטעט זיינען שיקאגא און באלטימאר געווען די ערסטע, אין 1854, וואס האבען אויסגעקויפט זייערע וואסערווערק ביי די פריוואט־אייגענטימער. פון אלע שטעט, וואס האבען ארויסגעגעבען פרענטשייזעס צו פריוואט קאפיטאליסטען, האבען א העלפט זיי שוין צוריק אויסגעקויפט.

לויט די סטאטיסטיקע וואס באציט זיך אף דעם יאר 1903, זיינען פון די 175 שטעט מיט מער ווי 25,000 איינוואהנער געווען אין 130 קהל'שע וואסער־ווערק. די באפעלקערונג וואס האט זיך באנוצט מיט די קהל'שע וואסער האט באטראפען אין דעם יאר 1903 מער ווי 18,000,000 מענטשען, דאס מאכט אויס אן ערך צוויי דריטעל פון דער שטאטישער באפעלקערונג פון די פאראייניקע שטאטען. די שטאטישע וואסערווערק האבען געקאסט ביז 1906 איבער $600,000,000. זיי האבען אריינגעבראכט אין די שטאט־קאסעס איבער $50,000,000 א יאר, חוץ דעם וואס די שטעט אליין האבען גענוצט וואסער אף נאהנט פון $10,000,000 א יאר.

**דער קאמוניסטישער פארברויך פון וואסער באטרעפט אלזא**

איבער $3 א יאָר פאַר יעדען נפש, דאָס מאַכט אויס מעהר ווי א דאָלאַר א מאָנאַט אף א דורכשניטליכע אמעריקאַנער פאַמיליע פון פיר ביז פינף מענטשען.

היינט לאָמיר נעמען די נעקסטע זאַך וואָס איז אזוי נויטיק ווי וואַסער, — דעם רייניקען די הייזער און די גאַסען. סיטיס זיינען אין 1903 געווען אין אַלע שטעט מיט א באַפעלקערונג פון איבער 50,000, חוץ איינע, די שטעט מיט א באַפעלקערונג פון 25,000 ביז 30,000 האָבען אויך אַלע, מיט איין אויסנאַם געהאַט סיוערס.

געקערט ווערען די גאַסען דורך די שטאָט־פּאַרוואַלטונג אין אַלע שטעט מיט א באַפעלקערונג פון איבער 25,000 אָבער אופראַמען אַש און מיסט פון די הייזער, דאָס איז אנערקענט געווארען פאַר א שטאָטישען געשעפט סך הכל אין 130 שטעט. וואָס פאַר א פּאָרשריט דאָס בעדייט, קענט איהר איינזעהן דערפון, אז אין אַזעלכע שטעט ווי סאַן־פראַנציסקאָ, סיאַטל, דעמאָין, קענסאַס־סיטי, האָט נאָך אין 1903 די שטאָט ניט געפונען פאַר נויטיק אריינצומישען זיך אין דעם עסק: יעדער בעל הבית האָט געמעגט פאַר זיך באַזאָרגען אז זיין הויז זאָל זיין ריין; דאָס הייסט, וואו די פּאָליסלייט האָבען זיך זעהר שטאַרק ניט צוגעקוקט, האָט דער גאַנצער געגענד געקענט פאַרשטונקען ווערען. אזוי איז דאָס געוועהנלאַך אין די אָרעמע קוואַרטאַלען, וואו דער לענדלאָרד וואוינט ניט אַליין און וויל ניט אויסגעבען קיין געלט אף צו האַלטען זיין הויז ריין, און די טענאַנטס (שכנים) זיינען אָרעם, בפרט נאָך וואו די אָרעמע בעפעלקערונג וואוינט אין טענעמענט־הייזער און קיין טענאַנט קען אף זיך ניט נעמען רייניקען די גאַנצע הויז.

אין די מערסטע שטעט (149) ווערען די גאַסען אויסגעקערט דירעקט פון דער שטאָט פּאַרוואַלטונג, דאָס זעלבע אויך מיט דעם אופראַמען פון מיסט (90 שטעט). אין די איבריקע שטעט ווערט די ארבייט באַזאָרגט דורך קאָנטראַקטאָרס (פּאָדראַטשיקעס). ווי גרויס די ארבייט איז, קענט איהר זעהן פון דעם ביישפּיל פון דער שטאָט ניו־יאָרק.

דער סטריט קלינינג דעפּאַרטמענט האָט אין 1903 אויסגעקערט אַלע טאָג מער ווי 30,000,000 קוואַדראַטנע יאַרדס. ווען

דאס זאל צוטיילט ווערען אף די צאל איינוואהנער, רעכענענ־דיק פיר מענטשען אף א פאמיליע, מאכט דאס אויס איבער 30 קוואדראטנע יארדס, אדער אן ערך אזוי פיל פלאץ ווי אן אר־בייטער וואהנונג אין א טענעמענט־הויז. עס קומט אויס אזוי ווי דער סטריט קלינינג־דעפארטמענט. וואלט פארשפארט יעדער בעל־הבית׳טע די ארבייט אן איבעריקען מאל א טאג אויסצוקערען די דירה. ביי דער ארבייט זיינען געווען באשעפטיקט נאהענט פון 3000 מענטשען. חוץ דעם זיינען ארויסגעפירט געווארען דורך דעם יאר מער ווי 2,000,000 טאנס אש און נאהענט פון 500,000 טאנס מיסט, גע׳פגר׳טע חיות און דערגלייכען. ביי דער אר־בייט זיינען אויך אנגעשטעלט געווען נאהענט פון 1500 מענטשען.

אין דער פינסטער קען מען ניט זיצען. דער קאמוניסטישער פארברויך פון ליכט האט זיך פארברייט אין אמעריקע אין דער צווייטער העלפט פון דעם נייגצענטען יארהונדערט. אין דעם יאר 1850 זיינען געווען סך הכל דרייסיק גאז־ווערק אין די פאר־אייניקטע שטאטען, — ווענען פריהערע צייטען איז קיין גע־נויע סטאטיסטיק ניטא. אין 1905 זיינען געווען 1019 גאז־ווערק. דער פארברויך פון גאז אין 1900 האט באטראפען זיבען און זעכ־ציק טויזענט מיליאן קוביק פוס. דער דורכשניטלאכער פארברויך פון גאז אין ניו יארק מאכט אויס אן ערך 30,000 קוביק פוס אף יעדען קאנסומענט. נאך דער רעכנונג האבען זיך אין 1900 בא־נוצט מיט גאז מער ווי 2,000,000 קאנסומענטען, דאס הייסט ארום 10,000,000 מענטשען. דא קומט שוין אריין דער גאז וואס ווערט געברויכט אף צו קאכען. דא האט איר ווידער אנ־אנדער מין קאמוניסטישען פארברויך. אין רוסלאנד, וואו מען הייצט דעם אויווען מיט האלץ, אדער דא אין אמעריקע, וואו מען קאכט אף א קוילען־אויווען, מוז יעדער איינער פאר זיך שלעפען האלץ, אדער קוילען, און פאר זיך באזונדער איינהיי־צען און באזונדער אויסרייניקען דעם אויווען פון אש. ווען איר קאכט אף גאז, ווערט אייער אויווען און קיך פאר אייך געהייצט אף א קאמוניסטישען פלאן. 40,000 מענטשען זיינען אין 1905 געווען באשעפטיקט אין דער גאז־אינדוסטרי, און עס איז געלעגען אין איר א קאפיטאל פון איבער $700,000,000 און די גאז קאמפאניעס האבען געלייזט $125,000,000. אין 1850 האבען זיי געלייזט אין גאנצען $2,000,000.

אין דער לעצטער צייט ווערט גאז פארדרענגט דורך עלעק־טרע. אין 1902 האָבען עקזיסטירט 3620 עלעקטרישע צענטראל־סטאנציעס און זיי האָבען באשעפטיקט 30,000 מענטשען. עס איז זיי אין זיי געלעגען א קאפיטאל פון $500,000,000 און זיי האָ־בען געלייזט $85,000,000. די צאָל קליינע לעמפלאך („אינ־קענדעסענט") איז געווען 18,000,000, דאָס הייסט דורכשניט־לאך איין לעמפעל אף יעדע פאמיליע. פארשטעהט זיך, ניט יעדע פאמיליע האָט געהאט עלעקטרישע באלייכטונג, אָבער דער־פון קענט איר קריגען א בעגריף, ווי ווייט עלעקטרישע באלייכ־טונג, איז שוין געווען פארברייט.

חוץ דער באלייכטונג וואָס יעדער באנוצט ביי זיך אין שטוב, באנוצען נאָך היינט־צו־טאָג די שטאָטישע איינוואָהנער ליכט אין די גאסען. דאָס איז א סאָרט קאמוניסטישער פארברויך וואָס געהערט צו דער נייער צייט. עס איז נאָך ניט אזוי לאנג ווי יעדער איינער פלעגט געהן אין גאס מיט זיין אייגענער לאנטערנע. איך געדענק נאָך אליין דעם מין אינדיווידואליסטישע באלייכטונג פון די גאסען. נאָך דער לעצטער סטאטיסטיק האָבען די 29,000,000 איינוואָהנער פון די 150 שטעט מיט איבער 30,000 איינוואָהנער געהאט אין 1905 דורכשניטלאך מער ווי דריי גרויסע עלעקטרישע לאמפען („ארק לאיטס") אף יעדער מייל גאסען, און חוץ דעם נאָך זעקס גאזענע און אנדערע לאמפען.

דער קאמוניזם אין פארברויך פון גאז און עלעקטריציטעט איז גרעסטענטיילס נאָך דערוויילע פארבונדען מיט פריוואט־אייגענ־טום אין דער פראָדוקציאָן, אָבער עס זיינען פאראן שטעט וואָס האָבען איבערגענומען אליין צו פארזארגען זייערע איינוואָהנער מיט באלייכטונג. דאָס איז א נייע באוועגונג און דעריבער געפינט איר אז זי האָט זיך וועניק וואָס אפגערופען אף דער פראָדוקציאָן פון גאז. וואו די שטאָט האָט זיך גענומען די לעצטע צייט פאר דער זאך, האָט זי שוין באלד פון אָנהויב אָן איינגעפירט עלעק־טרישע באלייכטונג. די צאָל שטאָטישע גאזווערק אין 1900 איז געווען סך־הכל 15, מיט א קאפיטאל פון וועניקער ווי $2,000,000 די צאָל שטאָטישע עלעקטרישע סטאנציעס אין 1902 האָט איי־בערגעשטיגען 800. דערפון זענען געווען 732, וואָס האָבען גאר קיין קאָנקורענץ פון פריוואט־קאָמפאניעס ניט געהאט. די באפעל־קערונג וואָס איז באדינט געווען אויסשליסלאך פון דער שטאָט

איז געווען איבער 2,000,000 מענטשען. די צאָל קליינע לעמפּ־לאַך איז געווען 1,500,000, דאָס הייסט דורכשניטליך אן ערך דריי אף יעדע פאמיליע.

אין דעם פּרט איז אמעריקע ווייט אָפּגעשטאַנען פון דייטש־לאנד און ענגלאנד. אין דייטשלאנד געהערען צוויי־דריטעל פון אלע עלעקטרישע ווערק (1023 פון 1530) דעם שטאַט אָדער דער שטאָט. איז ענגלאנד באטרעפט דער פארברויך פון מוניציפּאַלע עלעקטרע צוויי דריטעל (66%) פון דעם גאנצען פארברויך.

וואסער, ריינקייט, ליכט, — זיינען נויטיק פאר דעם מענ־טשען, אף יעדער מדרגה פון ציוויליזאציע, שטאָט־באַנען — זיי־נען דער פּראָדוקט פון די היינטיקע גרויסע שטעט. נו לאָמיר זשע א קוק טאָן, ווי ווייט דער באדארף פון טראנספּאָרט האָט דער־גרייכט אין די אמעריקאנער שטעט.

אין 1902 האָט די צאָל פּאסאזשירען דערגרייכט 4,774,211,90. ווען איר וועט נעמען די באפעלקערונג פון אַלע שטעט און שטעטלאך מיט מער ווי 4,000 איינוואָהנער, וועט דאָס אויסמאכען 168 רייזען אף יעדען איינוואָהנער, איינשליסענדיק קינדער אין וויגאלאך און זקנים. רעכענט פינפטאלבען מענטשען אף אן אמעריקאנער פאמיליע, קומט דאָס אויס 756 רייזען אף יעדע פאמיליע. דאָס הייסט יעדער פארדינער פּאָרט אנדערוואָכען צוויי מאָל א טאָג אין די קארס און עס בלייבט נאָך פאר די פרוי איין מאָל צי צוויי מאָל א וואָך א רייזע הין און צוריק. נאַטירליך, דארפט איר פארשטעהן, אז עס איז ניט איינגעטיילט אזוי גלייך. אָבער ווען איינער פּאָרט ווענינקער, הייסט דאָס אז אנדערער פּאָרט מער.

מער ווי העלפט פון דער צאָל פּאסאזשירען קומט אויס אף די גרויסע שטעט מיט איבער א האלבען מיליאן איינוואָהנער. די דורכשניטלאכע צאָל רייזען האָט אויסגעמאכט 239 יאָר אף יעדען איינוואָהנער. דאָס הייסט, 1075 רייזען אף א פאמיליע פון פיר און א האלב מענטשען. עס קומט אויס א רייזע הין און צוריק אלע טאָג פאר איינעם און עס בלייבט נאָך איין מאָל א וואָך הין און צוריק פאר אלע אנדערע מיטגלידער פון דער פאמיליע. בקיצור, איז די שטעט מיט איבער א האלבען מיליאן איינוואָהנער איז די שטאָט־באַן געוואָרען א נויטווענדיקייט פאר יעדע פאמיליע, כמעט אזוי ווי וואסער און ליכט.

עס איז אין דיזער אינדוסטריע אין 1902 געלעגען א קאַ־פּיטאַל פון איבער $2,000,000,000.

אויף דעם גרונד פון דער אייזענבאַן־סטאַטיסטיקע האָט ארום דעם יאָר 1881 פּראָפּעסאָר זיעבער אויסגעשפּראָכען די מיינונג אז דער היינטיקער מענטש געהט ווידער צוריק צום נאָמאַדישען טיפּ. הגם דער פּאַרקער אויף די אייזענבאַנען איז פיל עלטער ווי אויף די שטאַט־באַנען, דאָך האָט די צאָל בילעטען וואָס זיינען פּארקויפט געוואָרען אין 1907 דערגרייכט 873,905,133, דאָס קומט אויס דורכשניטלאָך 10 רייזען א יאָר אויף יעדען איינוואוינער, מאַן, ווייב, זקן און זויג־קינד. דער גאַנצער פאַרקער פון וואַרען אין דעם יאָר 1907 האָט אויסגעמאַכט נאָהנט פון 1,800,000,000 טאָנס. יעדע שטיקעל סחורה איז אין וועג דורכשניטלאָך 130 מייל. דאָס הייסט, רעכענענדיק 90,000,000 איינוואָהנער, אז מיר ברענגען צו פירען אופ'ן קאָמוניסטישען אופן דורכשניטלאָך פאַר יעדען איינעם, אַ פּאַסילקע פון 3 פּוד טעגלאָך פון אזוי ווייט ווי באַלטימאָר ביז טרענטאָן (ווייטער ווי פון מינסק ביז ווילנע). דער קאַפּיטאַל פון די אייזענבאַנען האָט אין יענעם יאָר באַטראָפען $14,000,000,000, און די צאָל לאָהן־אַר־בייטער, חוץ די אדמיניסטראַציע, איז געווען 1,600,000 מאַן.

ענג פאַרבונדען מיט די אייזענבאַנען זיינען די פּאָסט און דער טעלעגראַף. אונדזער גאַנצע היינטיקע אינדוסטריע, אונדזער טאָג־טעגלאָכער לעבען הענגט אָפּ פון דער פּאָסט און פון דעם טעלעגראַף, ניט רעדענדיק פון פּערזענליכע בריף און טעלעגראַמען. מיר זיינען שוין אזוי צוגעוועהנט צו די צוויי אינסטיטוציעס, אז עס אין אונדז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלען, אז עס איז ווען עס איז געווען אזא צייט, ווען די וועלט איז אויסגעקומען אָן זיי, נו טאָ ווייסט איר אז אין דעם יאָר ווען וואַשינגטאָן איז צום ערסטען מאָל געוואָרען פּרעזידענט זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטען געווען סך־הכל 75 פּאָסט־אָפיסעס (פּאָסטשטאַוּוע קאָנטאָרען) און יעדער האָט דורשניטלאָך געלייזט $500 א יאָר. דאָס האָט אויסגעמאַכט א סענט א יאָר אויף יעדען איינוואָהנער. אין 1908 יאָר זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטען געווען מער ווי 60,000 פּאָסט־אָפיסעס, און זיי האָבען געלייזט מער ווי צוויי דאָלאַר פון יעדען איינוואָהנער, אָדער אין דורכשניט $8 פון־יעדען פאַרדינער, די צאָל פּאָסט־זאַכען, וואָס זיינען איבערגעשיקט געוואָרען אין יענעם יאָר האָט

איבערגעשטיגען 13,000,000,000 : אין 1907 זיינען דערביי געווען פארנומען מער ווי 180,000 מענטשען, אזא אויסברייטונג פון דער פּאָסט איז מעגלאך געוואָרען נאָר דורך די ענטוויקעלונג פון די אייזענבאנען, דאָס הייסט, דורך די מאָדערנע טעכניק. די פּאָסט איז א ביישפּיל פון קאָמוניסטישען פארברויך, צוזאמען מיט קהל׳־שער פּראָדוקציאָן, ווארים די פּאָסט איז אין אַלע לענדער אַ שטאַטס־מאָנאָפּאָליע. אָבער דאָ אין אמעריקע איז עס נאָך ניט אין גאנצען אזוי : שווערע פּאָסילקעס (פּארסעלס) ווערען דאָ ניט אָנגענומען אף דער פּאָסט : זיי מוזען געשיקט ווערען דורך פּריוואטע טראנספּאָרטנע קאָנטאָרען, די עקספּרעס קאָמפּאַניעס. און געלט אין קליינע סומען ווערט אויך איבערגעשיקט דורך עקספּרעס־קאָמפּאַניעס. איר זעט אלזאָ, אז דער פּאָסט־געשעפט איז ניט דוקא א קהל׳שער פון דער נאַטור, — דער קהל׳שער אייגענטום איז דאָ אויך דער רעזולטאַט פון סאָציאלער ענטוויקלונג. וועגען דעם טעלעגראף איז איבעריק צו דערצעהלען, אז דיזער מין קאָמוניסטישער פארברויך איז אין גאנצען באשאפען געוואָרען פון דער מאָדערנער טעכניק. אין 1902 זיינען געווען אין די פאראייניקטע שטאַטען נאָהענט פון 60,000 אָפּיסעס פון טעלעגראף קאָמפּאַניעס און אייזענבאנען, וואו עס זיינען אָנגענומען געוואָרען טעלעגראמעס. עס זיינען אין יענעם יאָר אָפּגעגעבען געוואָרען 200,000,000 טעלעגראמעס וועגען אייזענבאנען־געשעפטען און נאָהענט פון 100,000,000 פּריוואטע טעלעגראמעס. עס איז אין די טעלעגראפען געלעגען אַ קאַפּיטאל פון אן ערך $200,000,000 און עס האָבען דערביי געארבייט נאָהענט פון 30,000 מענטשען. די אייזענבאנען זיינען דאָ ניט אריינגערעכענט.

דער טעלעפאָן האָט אין דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ ווייט אריבערגעיאָגט דעם טעלעגראף. אין 1902 זיינען געווען מער ווי 2,000,000 מענטשען וואָס האָבען געהאט ביי זיך אין הויז אָדער אין געשעפט אייגענע טעלעפאָנען. חוץ דעם זיינען געווען 80,000 עפּענטליכע טעלעפאָנען, וואו יעדער איינער האָט געקענט אריינקומען און טעלעפאָנירען. דורכשניטלאך איז אויסגעקומען איין טעלעפאָן אף יעדע זעקס דירות. אין גאנצע זאיז דער טעלעפאָן געניצט געוואָרען אין 1902 מער ווי 5,000,000,000 מאָל, דאָס הייסט 17 מאָל אזוי אָפט ווי דעם טעלעגראף. די לייזונג פון אלע טעלעפאָנען האָט באטראָפען נאָהענט פון $90,000,000

דאָס הייסט אַן ערך $40 פון יעדן טעלעפאָן, דער קאַפּיטאַל האָט באַטראָפן $450,000,000 און די צאָל מענטשן וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט דערביי— ביז 80,000.

די איינפירונג פון עלעקטרישע קראַפט האָט אויסגעבריייט דעם קאָמוניסטישן פאַרצער אויף דעם פאַרברויך פון קראַפט אויף אַלע צווייגן פון דער מענטשלאַכער אַרבייט. די גרעסטע מעלה פון עלעקטרישע קראַפט איז, וואָס מען קען זי פּראָדוצירן אין איין צענטראַלן פּלאַץ און אריבערטראָגן אויף צענדליקער מיילן, אין יעדן פּלאַץ וואו מען האָט זי נויטיק.

אַן אַנדער מעלה וואָס די עלעקטרישע קראַפט האָט איז וואָס איר קענט זי איינטיילן אין קליינע חלקים, אַזוי פיל וויפיל איר באַדאַרפט. מיט אַ סטים־אינדזשין קענט איר דאָס אַזוי לייכט ניט טאָן: איר קענט ניט פאַרבינדן אַלע פאַבריקן אין איין בנין מיט איין פּאַראָווע מאַשין, איר קענט העכסטענס אויסבויען אַ גרויסע הויז, וואָס זאָל פאַרנעמען אַ גאַנצן קוואַרטאַל.

מיט דער עלעקטרישע קראַפט האָט איר קיין שום שוועריקייטן ניט: איר דאַרפט נאָר האָבן אַן עלעקטרישן דראָט אין אייער פאַבריק און איר קענט נוצן אַזוי פיל, אָדער אַזוי ווע־ניק קראַפט, ווי עס איז נויטיק פאַר אייער אַרבייט.

ווי גרויס עס איז דער פּאָרטשריט פון דער אַנווענדונג פון עלעקטרישע קראַפט, האַלטן מיר נאָך פאָרט גאָר ביים אָנהויב, ווייל עלעקטרישע קראַפט קאָסט נאָך צו טייער. דאָס קומט הויפּט־זעכטלאַך דערפון, וואָס אַפילו צו פּראָדוצירן עלעקטרישע קראַפט מוז מען נאָך רק אַנקומען צו סטים. די איינפירונג פון עלעקטרישע קראַפט האָט אַבער געשאַפן די מעגלאַכקייט ווידער אומצו־קערן זיך צו וואַסער־קראַפט. מען דאַרף איצט ניט בויען די פּאַבריקן ביים וואַסער, ווי גאָר אין דעם אַנפאַנג פון דער קאַפּי־טאַליסטישער אינדוסטריע.

עס איז נאָר נויטיק אויפצובויען אַן עלעקטרישע צענטראַל־סטאַנציע ביים וואַסער, און פון דער סטאַנציע קען די עלעק־טרישע קראַפט געליפערט ווערן אין זעהר אַ ברייטן ראיאָן. דער־ווייל האָט מען זיך נאָך זעהר ווייניק באַנוצט מיט דער וואַסער־

קראפט. לויט דעם ווי ספעציאליסטען שאצען די גאנצע וואסערקראפט פון די פאראייניקטע שטאטען ווערט באנוצט העכסטענס פינף פראצענט דערפון. ווען מען וועט זיך דא אין אמעריקע נעמען מערער צו די „ווייסע קוילען" צו פראדוצירען עלעקטרישע קראפט, וועט זי ווערען ביליגער און דעמאלט וועט מעגלאך ווערען צו באנוצען זיך מיט איר אין דער פארמעריי און פאר אלע ארבייטען אין דער היים, וואו דער פרייז מאכט נאך דערווייל אוממעגלאך צו באנוצען זיך מיט עלעקטרישע קראפט.

איך מוז זיך נאך אפשטעלען אף איין זאך, וואס עס וועט זיך אייך אפשר אויסווייזען א מאדנער איינפאל דאס צו באצייכענען אלס קאמוניסטישען פארצער, איך מיין די פאלקס־שולען (פאבליק־סקוהלס) שא, היילט זיך ניט. ערסטענס זייט איר נאך ניט אזוי לאנג פון רוסלאנד, איר זאלט האבען פארגעסען דעם מלמד מיט די חדר־אינגלאך, מיט דעם מלמד'ס ווייב און קינדערלאך זאלען לאנג לעבען, אלע צוזאמענגעשפארט אין איין שטוב, צוזאמען מי טדי הינער אונטער'ן קאטוך, און אמאל מיט דער ציג אויך; אדער דעם לערער וואס גיט אוראקען אין באלעבאטישע הייזער. דאס איז אינדיווידועלער פארברויך. און ווייסט איר אז אין דער צייט פון דער אמעריקאנער רעוואלוציע איז דא אויך געווען אזוי? דער אנהייב פון די פרייע פאבליק־סקולס איז ארום 1830; דאס איז געווען דער רעזולטאט פון דער פראפאגאנדע פון ראבערט אועז און זיינע תלמידים און פון דער טעטיקייט פון דער ערסטער ארבייטער־פארטיי, וואס איז געגרינדעט געווארען אין דער שטאט ניו יארק אין 1827. ווייטער, ווען איר וועט שטודירען די קאמוניסטישע אוטאפיעס, וועט איר געפינען, אז די עפענטליכע ערציהונג פון די קינדער איז איינער פון זייערע וויכטיקסטע פונקטען. די אמעריקאנער פאבליק־סקול וואס ערציט דאס קינד א האלבען טאג פון זעקס ביז פערצען יאר, איז א היפשער שריט אף דעם וועג פון קאמוניסטישער ערציהונג. און דאס איז נאך ניט דער ענד. אט הויבען זיך אן צו פארברייטען קינדער־גארטענס, וואו די קינדער ווערען אריינגענומען פון פיר יאר אן, ווייטער. חוץ אונטעריכט קריגען די קינדער ביכער און פאפיר פריי. די צאל קינדער, וואס האבען גענאסען דעם קאמוניזם אין די סקולס אין 1907 איז געווען נאהענט פון 17,000,000 און די צאל לערער 475,000.

און פאר איין גאנג לאָמיר שוין אריינכאפּען די פּאָבליק־לייב־רערים (עפענטליכע ביבלאָטעקען) אויך. אין דער צייט פון דער אמעריקאנער רעוואָלוציע איז אין אמעריקע ניט געווען קיין איינ־ציקע פּאבליק־לייברערי. די גרעסטע פּריוואט־ביבליאטעק איז באַ־שטאַנען פון 4,000 ביכער, אין 1903 זיינען אין 149 שטעט מיט איבער 25,000 איינוואָהנער געווען פּאָבליק־לייברערים, די קלענסטע — אין אטלאנטיק סיטי — האָט געהאט 3,000 ביכער און די גרעסטע — אין ניו יאָרק — 1,750,000. כמעט 6,000,000 ביכער זיינען אין דער צייט פו ןדעם יאָר ארויסגעגעבען געוואָרען א היים און כמעט 3,000,000 ביכער זיינען געלעזען געוואָרען אין דער ביבליאטעק. דאס הייסט דורכשניטלאַך האָבען יעדען בוך גענוצט פינף מענטשען א יאָר. די אויסברייטונג פון דעם מין קאָ־מוניסטישען גענוס איז אויך מעגלאַך געוואָרען נאָר דורך די ענט־וויקלונג פון מאַשין־ארבייט אין דעם דרוקער פאַך.

ביז אהער האָבען מיר באטראכט נאָר אזעלכע מינים פון קאָמוניסטישען פארברויך, וואו עס זיינען באטייליקט גרויסע מאַ־סען פון קאָנסומענטען. חוץ דעם אָבער טרעפט איר אָן אמאָל אין איין שטאָט, אמאָל אין אנאנדערער, אלערליי ביישפּילען פון קאָמוניזם אף א קלענערען פוס. ווען איר קוקט נאָר אף דעם הייג־טיקען טאָג, טו קען זיך אייך אויסווייזען אז דאָס זיינען ניט מער ווי אויסנאמען, וואָס האָבען גאָר א קנאַפּע באדייטונג אין פאר־גלייך מיט די טויזענטער זאכען וואָס יעדער איינער געניסט פאר זיך אינדיווידואליסטיש. איר מוזט אָבער דערביי געדענקען, אז עס איז נאָך ניט אזוי לאנג צוריק, ווען דער קאָמוניסטישער פאר־ברויך פון וואסער, ליכט און אזוי ווייטער איז אויך געווען אן אויסנאם. אָט די היינטיקע אויסנאמען שטעלען די פראגע, צי איז דער קאמוניזם באשרענקט אף די דאָזיקע „פּאָבליק יוטיליטיז“, וואָס עס זיינען פאראן היינט־צו־טאָג, אָדער ער קען זיך ווייטער ענטוויקלען און פארכאפּען אנדערע באדערפעניסען, וואָס היינט ווייזט זיך אונדז אויס פאר גאנץ „נאטירליך“, אז זיי דארפען באפרידיקט ווערען ניט אנדערש ווי אינדיווידואליסטיש.

וואוהין־זשע פירט אונדז דער וועג פון ענטוויקלונג? לאָ־מיר באטראכטען די סמנים.

עלעקטרע ווערט שוין היינט באנוצט פאר באלייכטונג. מען

וואָלט געקענט הייצן הייזער אויך מיט עלעקטרע, ווי מען הייצט היינט די וואַגאָנעס אף די עלעקטרישע אייזענבאַנען, דערווייל איז עס אבער נאָך צו טייער, ווייל עלעקטרע ווערט פּראָדוצירט פון קוי־לען. אָבער עס וועט ניט לאַנג נעמען, ביז מען וועט אָנהויבען אָנצואווענדען די וואַסער־קראַפט אף צו פּראָדוצירען עלעקטרע. דער אינדיווידואַליסטישער אויוועו וואָס יעדערע בעל־הבית'טע דאַרף ביי זיך באַזונדער הייצען, אָדער וואָס יעדער דזשעניטאָר דאַרף באַזונדער הייצען, אין די הייזער מיט סטים־היט, וועלען אָפּ־געשאַפט ווערען, אַנשטאָט זיי וועט איינגעפירט ווערען די קאָ־מוניסטישע הייצונג.

דער זעלבער דראָט וואָס ברייננגט דעם עלעקטרישען שטראָם פאַר באַלייכטונג, קען אויך ברייננגען עלעקטרישע קראַפט פאַר אַלע סאָרטען הויז־ארבייט. מען דאַרף נאָר צופּאַסען די נויטיקע מאַשין. כל־זמן מען האָט געטריבען די מאַשינען מיט סטים, איז געווען אונמעגלאַך צו האָבען מעכאַנישע קראַפט אין אַ פּריוואַטער דירה. די פרויען פון דעם מיטעל־קלאַס זיינען ניט צופרידען צו באַגראָבען זיך אין קיך. זיי ווילען זיין פריי צו געניסען דעם לע־בען. האָבען זיך די עלעקטרישע אינזשענערען גענומען טראַכטען וועגען אַזעלכע נייע ערפינדונגען, וואָס זאָלען איינשפּאָרען דער פרוי די ארבייט אין הויז. און זיי האָבען באַוויזען אמת'ע וואונ־דער.

איך וויל אייך באַשרייבען אין קורצען די עלעקטרישע היים, וואָס די עדיסאָן קאָמפּאַניע האָט אויסגעבויט אין דעם מאַנופאַק־טור פּאַלאַץ ביי דער וועלט־אויסשטעלונג אין סאַן־פראַנציסקאָ. יעדע ארבייט ווערט דאָרט געטאָן מיט עלעקטרישע קראַפט. די הויז ווערט געהייצט מיט עלעקטרע און אייז־קרים ווערט אויך געמאַכט מיט עלעקטרע. ניטאָ מער קיין „אייז־באָקס. אַנשטאָט דעם איז פאַראַן אַ „קולער" וואו אַ קעלט ווערט געמאַכט דורך עלעקטרע. ניטאָ קיין בעזימער, די הויז ווערט אויסגעקערט מיט אַ „וואַקואום־קלינער", וואָס ווערט געטריבען דורך עלעקטרע. אַלץ ווערט געקאָכט אין אַן עלעקטרישען אויווען. ווילט איר אָנוואַרעמען עפּעס, פאַרשפּאָרט איר צו געהן אין קיך : אַ דרעה־געטאָן דעם קראַן און איר קענט עס אָנוואַרעמען אף'ן טיש. וואַשען די געשיר דאַרפט איר ניט, — די מאַשין טוט עס פאַר אייך מיט עלעק־

טרע. וואשען גרעט דארפט איר ניט, — די עלעקטרישע מאשין וואשט עס פאר אייך. פרעסען, — פרעסט פאר אייך אן עלעקטרישער אייזען.

זייט איר א פיין־שמעקער און איר ווילט מאכען אייגענע פוטער, האט איר אן עלעקטרישע מאשין דערצו, איר דארפט גארנישט ניט טאן דערביי, — א דרעה געטאן איין מאל און אין א פערטעל שעה האט איר פארטיקע פוטער.

מיט די אלע איינריכטונגען דארף אייך נעמען ניט מער ווי א פאר שטונדען אין טאג פארטיג צו ווערען מיט דער גאנצער הויז־ארבייט.

אמת, דערוויילע קאסט עס נאך צו טייער פאר דעם ארבייטער אדער דעם קליינעם מיטעל־קלאס מענטשען, אבער מען קען זיך ריכטען, אז פילע זאכען וועלען אין א יאר צען־צוואנציק ארום די לענדלארדס אליין מוזען איינפירען. איך געדענק נאך אין 1893—1895 האב איך געוואהנט אין שיקאגא אין א הויז אן גען, — וואו געפיט איר היינט אזא הויז ? חוץ דעם וועט מען קענען א סך פון דער עלעקטרישער קליינווארג קויפען אף אויסצאלונג, ווי מען קויפט אלצדינג וואס איז נויטיק אין הויז.

דא האבען מיר צו טאן מיט דעם פארטשריט פון טעכניק, היינט לאמיר זיך ווענדען צו דער מעדיצינישער וויסענשאפט. אין דער לעצטער צייט האט מען זיך אין אמעריקא אנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט דעם צושטאנד פון דער עפענטליכער געזונט דאס קומט מיט דעם וואוקס פון די גרויסע שטעט. אין א קליין שטעטעל, ווא ו אלע וואהנען שיטער, מעג זיך יעדער קרענקען וויפיל ער וויל, עס הארט דעם אנדערען זעהר קנאפ. אבער אין א שטאט פון א פאר מיליאן איינוואהנער, וואס זיינען געפאקט געדיכט אין די טענעמענט הייזער, וואס אין יעדער דירה וואהנט היינט דער און מארגען אן אנדערער, איז יעדענס געזונט שוין גאר ניט קיין „פריוואט זאכע", אין דער שטאט ניו יארק מאכט די באארד אף העלטה אליין סערום געגען דיפטעריט און גיט עס פריי יעדען, ווער עס באדארף. אין וואשינגטאן האב איך עס געמוזט קויפען און באצאלען דערפאר 10 דאלאר. דאס איז אינדיווידואליזם, און אין ניו־יארק האט איר קאמוניזם. מילא, די צאל קינדער וואס ווערען קראנק מיט דיפטעריט איז קליין אין

פארגלייך מיט די קינדער וואָס שטארבען פון אונגעזונטע מילך. עס איז באוויזען געוואָרען אז א גרויסער פראָצענט פון די בהמות וואָס זייער מילך ווערט געליפערט אין די גרויסע שטעט, זיינען קראַנק מיט טובערקולאזיס (די דער). היינט אויב מען וויל קעמפּ־פען געגען טובערקולאזיס, מוז מען אָנהויבען פון די מילך. ווען די שטאַט קען פארטיילען רפואות געגען דיפטעריט, טו ווער קען וויסען צי עס וועט ניט קומען די צייט, אז די שטאַט וועט נעמען פארקויפען פאסטעריזירטע מילך, וואָס היינט טוט דאָס א פילאנטראָפּ נתן שטרויס ?

מיינט ניט אז דאָס איז א חלום. מיט צען יאָר צוריק האָט די נײשיאנאַל סיוויק פעדערעישאָן געשיקט א גאנצע קאָמיסיע קיין אייראָפּא צו שטודירען די פראגע פון „מיוניסיפּאל אָונערשיפּ“. דאָס הייסט מוניציפּאל סאָציאליזם. אין דער קאָמיסיע זיינען געווען פארביסענע געגנער פון מוניציפּאל סאָציאליזם צוגלייך מיט אזוינע וואָס זיינען דאפיר. די סיוויק פעדערעישאָן, ווי איר ווייסט, איז גאָר ניט סאָציאליסטיש. נו האָט אָבער די קאָמיסיע אין 1907 אין איר באריכט כמעט איינשטימיק אָנגענומען דעם פּרינציפּ אז ווען פון ערגעץ אן אינדוסטרי הענגט אפּ די געזונט פון דעם פאָלק, דארף אזא אינדוסטרי געפירט ווערען פון דעם שטאַט. אָדער פון דער שטאָט. דאָס טרעפט צו אף דעם פארקויף פון מילך און פארוואָס שוין ניט אריינעמען פלייש אויך, וואָס עס איז באוויזען געוואָרען אז דער פלייש־טראָסט קוילעט קראַנקע בהמות און פארשפּרייט טובערקאליזם און אנדערע קראַנקהייטען צווי־שען מיליאָנען מענטשען ? אין אייראָפּא זיינען פאראן שטעט וואָס האָבען קהל'שע שעכט־הייזער און אלע בהמות מוזען גע־שאָכטען ווערען דאָרטען. פארוואָס קען עס דערצו ניט קומען אין אמעריקע אויך ?

נעמט ווייטער, למשל, א הויז וואו א קינד איז קראַנק גע־ווען מיט דיפטעריט, אָדער מיט סקארלאטינע, — די שטאַט נעמט אף זיך אויסצורייניקען די הויז, איידער דאָס קינד מעג ארויס־געהן פון הויז. ביי אונדז אין מינסק האָב איך דערפון קיין מאָל ניט געהערט : אויסרייניקען מיין הויז איז מיין אייגענער עסק, ווער האָט זיך דאָ וואָס אריינצומישען ? — דאָס איז אינדיווידואליזם, פארקערט די פּראַקטיק פון דער אמעריקאנער

**באַרד און העלטה איז קאָמוניסטיש. לאָמיר אָבער מאַכען אין**
שריט ווייטער און שטעלען זיך די פראַגע : אויב די שטאָט קערט
אוים די גאַסען און ראָמט אוף פון זיי די מיסט צוליב דער עפענט־
ליכער געזונט, טו פאַר וואָס זאָל מען איבערלאָזען יעדע בעל־הבית׳־
טע אַצוקלייבען שטויב אין איהר דירה, וואָס דאָס איז דאָך פונקט
אזא סכנה, ווי א בלאָטיקע גאַס ? די מאַשין וועט דאָ אויך מאַכען
אַן איבערקערעניס. עס זיינען שוין היינט פאַראַן מאַשינען וואָס
שמאַקצען אוים דעם שטויב פון א הויז : דערווייליע ווערען
אַזעלכע מאַשינען גענוצט נאָר אין די אַריסטאָקראַטישע אַפּאַרט־
מענט־הייזער, אַזאַ זאַך וועט זיך אָבער זיכער אויסברייטען. עס
זיינען שוין פאַראַן קאָמפּאַניעס, וואָס רייניקען אוים די פּלעטס
פון שטויב, אַזוי ווי קיין בעל־הבית׳טע מיט א בעזים איז דאָס ניט
אימשטאַנד צו טאָן, דערווייליע קאָסט עס נאָך צו טייער, און עס
איז נאָר פאַר רייכע לייט. עס קען אבער זיין, אַז די שטאַט
וועט זיך אליין נעמען דערצו, אין דעם ווייטערען גאַנג פון דעם
קאַמפף געגען טובערקולאַזים.

היינט לאָמיר געהן נאָך ווייטער. עס איז שוין א יאָר פינף
און צוואַנציק, זינט עס האָט זיך אָנגעהייבען די אַגעטאַציע גע־
גען דעם אונגעזונטען צושטאַנד פון די טענעמענט הייזער אין
די גרויסע שטעט, די לעדזשיסלייטשור פון דעם סטעיט ניו־
יאָרק האָט אויסגעקליבען א קאָמיסיע צו אונטערזוכען די פראַגע;
דער רעזולטאַט איז געווען א נייער געזעץ און א סך נייע שטעלען
פאַר טענעמענט־הויז אינספּעקטאָרס. די נייע טענעמענטס זיינען
א קאַפּעצקע בעסער, אָבער די אַלטע זיינען געבליבען און הונ־
דערטער טויזענטער וואָהנען נאָך היינט אין פינצטערע קאַמערען
אָן לופט, אָן וואַנעס, פול מיט מיקראָבען, פון אַלערליי קראַנ־
קייטען, איינער קלייבט זיך ארוים אין אַ בעסערע, נייערע הויז,
שלעפּט ער מיט זיך אריין די מיקראָבען אהין אויך, און די אַלטע
הויז בלייבט ניט שטעהן ליידיק. די שטאָט גלאַזגאָ אין סקאָט־
לאַנד האָט געגען דעם געפונען א רפואה : זי האָט אויסגעבויט
שטאָטישע טענעמענט־הייזער. קען דער פּלאַן אַמאָל ניט אָנגעווענדעט
ווערען אין ניו־יאָרק אויך ? וואָלט עס געווען אונמעגלאָך
פאַר דער שטאָט אָפּצוקויפען די הייזער אין די נעדיכטע קוואַרטאַ־
לען און איבערבויען זיי אף אזא פּלאַן, ווי צום ביישפּיל, די בער־
לינער הייזער, מיט א גרויסען הויף פאַר די קינדער, וואו זיי וואָל־

טען זיך קענען שפילען, און מיט ליכטיקע חדרים פוןביידע זייטען? אזא באוועגונג געהט אן איצטער אין די בורזשואזנע רעפארמאטארשע קרייזען. אין 1909 איז אין ניו־יארק געווען אן אויסשטעלונג וועגען דעם.

פלעצער פאר קינדער וואו צו שפילען זיך („פלעי גראונדס") זעהען מיר, ווערען שוין היינט איינגעריכט אין פארשידענע שטעט. וואס איז דאס אזוינס? אין א קליין שטעטעל איז וועגען דעם גאר קיין פראגע ניטא: לאנד האט א קליינעם ווערט, ארום יעדער הויז איז פאראן, גענוג פלאץ פאר די קינדער, אפילע אין ניו־יארק געפינט איר אף׳ן עק שטאט א סך אפענע פלעצער וואו די קינדער קענען ארומלויפען. אבער יעדע גרויסע שטאט וואקסט, לאנד ווערט טייערער, אלע פלעצער ווערען פארבויט מיט הייזער און פאר די קינדער בלייבט קיין ארט ניט. כדי דער יונגער דור זאל אין גאנצען ניט אויסשטארבען אין די גרויסע שטעט איז דער איינציקער מיטעל — עפענטליכע „פלעי גראונדס". דער אינדיווידואליסטישער יארד (הויף) איז אפגעשאפט געווארען דורך דעם וואוקס פון דער גרויסער שטאט, אף זיין שטעל קומט דער קאמוניסטישער „פלעי גראונד".

אז ס׳איז געקומען צו רייד וועגען קינדער, דארף מען שוין דא דערמאנען די פראגע וועגען הונגעריקע קינדער אין די סקולס. די לערערינס האבען אויסגעפונען אז א סך קינדער פון ארעמע עלטערן לערנען זיך שלעכט, ווייל זיי קומען פון דער היים הונגעריקע. עס איז געמאכט געווארען א פארשלאג, אז די קינדער זאלען קריגען איבערבייסען אין סקול. נאטירליך, די קאנסערוואטיווע פרעסע שרייט גוואלד, דאס איז „פאטערנאליזם". אבער מיט וואס זיינען פרייע ביכער און פרייע פאפיר וויניקער „פאטערנאליזם", ווי פרייע עסען? דערווייל אבער זיינען נאך די אמעריקאנער רעפארמער אליין אויך ניט אזוי ראדיקאל, זיי ווילען נאר איינפירען אז די קינדער זאלען קריגען אין סקול א הייסען לאנטש פאר א ביליקען פרייז, וואס די מערסטע עלטערן זאלען בכח זיין צו צאלען. די סאציאליסטישע מוניציפאליטעטען אין פראנקרייך האבען שוין ביי זיך איינגעפירט, אז די קינדער קריגען עסען אין די פאלקס־שולען גאר אומזיסט. צי אזוי צי אזוי עס וועט אודאי אין גיכען קומען דערצו, אז די קינדער וועלען דא היע

אויך קריגען עסען אין סקול. דאָס הייסט, אנשטאָט יעדע קינד זאָל אינדיווידואַליסטיש עסען (אָדער הונגערען) פאַר זיך, וועט קומען איין קאָמוניסטישע סעודה א טאָג פאַר מיליאָנען קינדער.

איך האָב דאָ ניט אין זינען צו מאָלען צוקונפטס-בילדער. זאָגען נביאות היינטיקע צייטען איז זעהר ריזיקירט, ווארום ווער ווייסט וואָס עס קען אונדז ברייננגען דער פאָרטשריט פון דער טעכניק? אויף דער פּאַריזער וועלט-אויסשטעלונג אין 1889 האָט מען נאָך געמאַכט עקספּערימענטען מיט עלעקטרישע וואַזאָנעס, אין 1879 האָט מען נאָך געמאכט עקספּערימענטען מיט עלעקטרישע לאָמפּען, דער טעלעפאָן איז אין גאנצען פערציק יאָר אַלט. אין 30 יאָר ארום קען מען זיכער זיין וועט די וועלט אויסזעהן גאָר אנדערש ווי היינט. אָבער די איינצעלנע סמנים, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכענט לאָזען אונדז שליסען, אז די ווייטערע ענטוויקלונג פון דער טעכניק וועט אויסברייטען דעם קאָמוניזם אף נייע געביטען. דערווייל אָבער לאָמיר מאכען דעם סך-הכל וואו מיר האַלטען שוין היינט מיט דעם קאָמוניזם.

פון א ספּעציעלען נומער פון דעם מאָנאַטליכען זשורנאַל פון דער דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַניע, וואָס זי האָט ארויסגעגעבען צוליב דער וועלט-אויסשטעלונג אין סאַן-פראַנציסקאָ, דערוויסען מיר זיך אז אקוראט א העלפט פון דער מעכאַנישער קראַפט. וואָס איז באנוצט געוואָרען לויט דער לעצטער סטאַטיסטיקע אין די פאראייניקטע שטאַטען, ווערט אָנגעווענדעט אף די אייזענבאַנען, די עלעקטרישע ליניעס און אין די צענטראַלע עלעקטרישע סטאַנציעס. דאָס הייסט אין די אינדוסטריען וואָס דינען דעם קאָמוניסטישען פאַרברויך ליגט אַן ערך אזוי קאַפּיטאַל ווי אין אינדוסטריען וואָס דינען דעם אינדיווידואַליסטישען פאַרברויך*).

---

*) עס איז אויך פאַראַן א סטאַטיסטיקע פון דעם קאַפּיטאַל וואָס ליגט אין די פארשידענע צווייגען פון דער אמעריקאַנער אינדוסטרי. אָבער אף די ציפערען קען מען זיך ניט זעהר שטארק פארלאָזען. אָט זיינען זיי:

לאמיר איצט נעמען די צאָל מענטשען, וואָס זיינען דערביי באשעפטיקט:

| | |
|---|---|
| שטאָט־באנען | 200,000 |
| אייזענבאנען | 1,600,000 |
| פּאָסט | 180,000 |
| טעלעגראַף | 30,000 |
| טעלעפאָן | 80,000 |
| עלעקטרישע צענטראל־סטאנציעם | 30,000 |
| פאָלקס־שולען | 495,000 |
| צוזאמען | 2.595,000 |

אלזא די צאָל מענטשען, וואָס ארבייטען אין דער היינטיקער געזעלשאפט פאר דעם קאמוניסטישען פארברויך איז איבער דריטאלבען מיליאָן. די צאָל קאָנסומענטען אָבער איז פיל מאָל גרעסער: צענדליקע מיליאנען שטאָטישע איינוואָהנער קענען ניט לעבען אָן דעם קאָמוניסטישען קאָנסום פון וואסער, שטאָט־באנען און אזוי ווייטער.

---

דאָלאר.

| | |
|---|---|
| וואסער ווערק | 600,000,000 |
| גאזווערק | 700,000,000 |
| עלעקטרישע סטאָנציעס | 500,000,000 |
| שטאָט־באָנען | 2,000,000,000 |
| אייזענבאנען | 14,000,000,000 |
| טעלעגראַף | 200,000,000 |
| טעלעפאָן | 450,000,000 |
| צוזאמען | 18,350,000,000 |

אַלזאָ, אין דעם קאָמוניסטישען פארברויך ליגט אַ קאָפּיטאַל פון איבער $18,000,0000,000. דער קאָפּיטאָל וואָס ליגט אין אַלע פאבריקען (חוץ גאז־ווערק) האָט אין 1905 באַטראָפען ווייניקער ווי $13,000,000,000.

## 4.

## די באדייטונג פון שטאַטס-סאָציאַליזם.

דער קאָמוניסטישער קאָנסום איז אויסגעוואקסען אין אונדזער געזעלשאפט גרעסטענטיילס אָן דעם געזעלשאפטליכען באַוואוסטזיין.*) אזוי ווי א ווילדער עפּעל־בוים וואקסט אוים אין א וואלד אָן א גערטנער, טיילווייז אָבער אויך אלס רעזולטאט פון דער באוואוסטזיניקער טעטיקייט פון דער געזעלשאפט. די געזעלשאפט אליין, דורך די אָרגאַנען וואָס דרוקען אוים איר ווילען, האָט געגרינדעט פּאָסט־אָפּיסעס און פאָלקס־שולען פאר דעם עפענטליכען געברויך. די געזעלשאפט אליין האָט געבויט סיוערס, געדונגען ארבייטער צו רייניקען די גאסען, באדונגען זיך מיט גאז און עלעקטרישע קאָמפּאניעס זיי זאָלען באלויכטען די גאסען. די געזעלשאפט אליין האָט אין פילע שטעט איינגעפירט וואסערווערק און עלעקטרישע באלייכטונג פאר דעם עולם.

זאָל היינט איינגעפירט ווערען שטאַטס־באטריב אף די אייזענבאנען שטאַט־באַנען און צענטראלע עלעקטרישע סטאנציעס. וועט א העלפט פון דער גאנצער מעכאנישער קראפט פון דער אינדוסטרי געפינען זיך אין דעם רשות פון דעם שטאט. דערביי איז כדאי צו וויסען, אז די אייזענבאנען אליין פארברויכען צוויי מאָל אזוי פיל מעכאנישע קראפט ווי אלע פאבריקען. איר

*) אין 1881 איז ערשינען העגרי דזשארדזשעס בארימטער בוך: „פּראָגרעס און דלות“. זינט יענער צייט האָט מען אָנגעהויבען צו רעדען וועגען דעם אז די שטאט דארף אליין זיין די בעל־הבית׳טע איבער אירע וואסער. אבער פריהער פאר יענעם יאָר האָבען 72 שטעט שוין געהאַט אויסגעבויט אייגענע וואסערווערק און נאָך דרייצען אנדערע האָבען זיי אויסגעקויפט ביי די מאָנאָפּאָליסטען. אַלזא, איז שוין „מוניציפאל סאציאליזם“ געווען אין דער פראקטיקע נאָך איידער דער וואָרט איז געשאפען געווארען, איידער העגרי דזשארדזש, איידער בעלאמי זיינען געפאלען אפ׳ן געדאנק צו שרייבען וועגען סאָציאָליזם.

זעט דערפון וואָס פאר א גרויסע ענדערונג אין דעם אינדוס־טריעלען לעבען עס מאכט דער איבערגאנג פון די אייזענבאנען און עלעקטרישע סטאנציעס אין קהל׳שע הענט.

דער שטאטס־סאציאליזם אָדער דער מוניציפּאל־סאציאליזם, באדייט אלזא, אז די געזעלשאפט ארגאניזירט אליין באוואוסט־זיניק דעם קאָמוניסטישען פארברויך.

דער אלטער ליבקנעכט מיט זיין גלייכווערטעל וועגען „שטאַטס־קאפּיטאליזם“ האָט פּשוט באוויזען, אז די ראַליע פון דעם קאָמוניסטישען פארברויך אין דער היינטיקער געזעלשאפט איז עם געבליבען אונבעקאנט. ער האָט נאָר געזעהען איין זייט, די פּראָדוקציאן מיט איר קאפּיטאליסטישען כאַראַקטער. די אינ־דוסטריען, וואָס דינען דעם קאמוניסטישען קאָנסום, האָט ער באַ־טראכט נאָר פון געזיכטס־פּונקט פון די פּאָר מיליאָן ארבייטער, וואָס זיינען באשעפטיקט אין יענע אונטערנעמונגען, ניט פון די צענדליקע מיליאנען קאָנסומענטען (אגב צו א היפּשען טייל אויך ארבייטער), פון׳ם שטאַנדפּונקט פון די ארבייטער אין יענע אינ־דוסטריען איז ביי עם אויסגעקומען, אז עס איז פּאר זיי אלץ איינס, צו דיזע אינדוסטריען זיינען פּריוואט־קאפּיטאַליסטישע, צי שטאַטס־קאפּיטאליסטישע אונטערנעמונגען. און דעריבער איז ער געווען צופרידען צו לאָזען זיי בלייבען אין פּריוואט־קאפּיטאליסטישע הענט ביז יענער צייט, ווען די גאנצע שטאַטס־מאכט וועט זיך געפינען אין די הענט פון דעם פּראָלעטאריאט. דאָס איז ביז דעם היינטיקען טאָג נאָך דער שטאנדפּונקט פון דער אמעריקאנער סאָ־ציאליסטישער פּארטיי. פארקערט, די אמעריקאנער באוועגונג פאר דעם מוניציפּאל־סאָציאליזם, אָדער „פּאָבליק אונערשיפּ“, דריקט אויס דעם ווונטש פון די מיליאָנען קאָמוניסטישע קאָנסומענטען צו נעמען אין זייערע אייגענע הענט די פּראָדוקציאן פון די ארטיק־לען פון זייער קאָמוניסטישען פארברויך, וואָס ווערען נאָך היינט פּראָדוצירט פון פּריוואט־קאפּיטאליסטען, פאר זיי איז ניט אלץ איינס, צי די פּראָדוקציאן פון יענע ארטיקלען געפינט זיך אין פּריוואט־קאפּיטאליסטישע הענט, צי אין די הענט פון דער גע־זעלשאפט פון קאָנסומענטען. די פּראָדוקציאן פון די ארטיקלען פון דעם קאמוניסטישען פארברויך איז וואָס די אמעריקאַנער עקאָנאמיסטען רופען א „נאטירליכע מאָנאָפּאָליע“. עס קען ניט זיין קיין קאָנקורענץ צווישען שטאָט־באנען אף דער זעלבער גאס ווי

עס איז פאַראַן צווישען קעבס. די פּראָדוקציאָן פון דיזע „פּאַבליק סערוויסעס" (קהל'שע באַדינונג) ליגט אין די הענט פון פּריוואַט קאַפּיטאַליסטישע קאָרפּאָרעישאָנס, וואָס שינדען די הויט פון דעם עולם. ווען די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטען זאָל, למשל, איבערנעמען אַלע עקזיסטירענדע צענטראַל־סטאַנציעס און אויסבויען נייע, וואו מען באַדאַרף, וועט די רעגירונג קענען פאַרקויפען עלעקטרישע קראַפט אַזוי ביליג, אַז יעדער איינער זאָל זיך קענען מיט איר באַנוצען. איבערבייטען די פּריוואַט־מאָנאָפּאָליע אויף אַ שטאַטס־מאָנאָפּאָליע הייסט אַלזאָ, פאַר דעם קאָנסומענט די באַפרייאונג פון אַ דעספּאָטישער אָליגאַרכיע, וואָס האָט די מאַכט צו באַשטייערען די נויטיקסטע זאַכען, אָן וועלכע ער קען ניט אויסקומען, און איינפירען אויף איר פּלאַץ אַ דעמאָקראַטישע פאַרוואַלטונג איבער וועלכע דער קאָנסומענט האָט אַ דעה.

מיט דער איינפירונג פון דער עלעקטרישער קראַפט האָבען מיר דערגרייכט דעם פּונקט, ווען — ווי קאַרל מאַרקס האָט פאָראויסגעזאָגט, — דער פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם ווערט אַ שטערונג פאַר דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטרי. דער פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם אין דער פּראָדוקציאָן פון עלעקטרישע קראַפט מוז אָפּגעשאַפט ווערען, כדי די אינדוסטרי זאָל זיך קענען באַנוצען מיט די לעצטע ערפינדונגען פון דער טעכניק. אין דעם זיינען פאַראינטערעסירט אַלע קאָנסומענטען איינערזייטס, — די באַלעבאַטעס, די רייכע און אָרעמע, און אַנדערער זייטס, די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוצענטען אין אַלע אַנדערע צווייגען פון דער אינדוסטרי.

אויב עס איז ריכטיק, אַז ביז דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט ווערען די הערשענדע מאַכט אין דער געזעלשאַפט, האָט ער זיך ניט וואָס צו היילען מיט דער איינפירונג פון קהל'שען אייגענטום איבער דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל, טו הייסט עס אַז איי: דעם איצטיקען מאָמענט איז די טרייבענדע קראַפט פון דער באַוועגונג פאַר דעם שאַטס־סאָציאַליזם די מאַסע קאָנסומענטען אָן אונטערשיד פון קלאַס : זייערע אינטערעסען פאַרלאַנגען, עס זאָל געמאַכט ווערען אַ סוף צו דעם ווידערשפּרוך צווישען דעם קאָמוניזם אין דעם גענוס און דעם פּריוואַט־אייגענטום אין דער פּראָדוקציאָן פון די „עפענטליכע ניצליכקייטען".

## צענטער קאפּיטעל:

# די ענטוויקעלונג פון די טראַסטס.

### 1.

אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען טראַסט זיינען באַקאַנט פאַרשידענע פאַראייניקונגען פון קאַפּיטאַליסטען. די טראַסטס האָבען דורכגעמאַכט אַ גאַנצע רייהע ענטוויקעלונגען און האָבען דערגרייכט דעם העכסטען גראַד דאָ אין אַמעריקע.

די איינפאַכסטע אָרגאַניזאַציע פון קאַפּיטאַליסטען איז אַ פאַראייניקונג אין איין געשעפטס־צווייג, וואָס קומט זיך צוזאַמען יעדען יאָר איינצופירען איין פעסט־געזעצטען פּרייז פאַר זייערע וואַרען. אַזעלכע „אַסאָסיעישאָנס“ זיינען דאָ פאַראַן הונדערטער. אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע בלייבט נאָך יעדער געשעפטס־מאַן פאַר זיך אַ בעל־הבית, יעדער ארבייט אוים וויפיל ער וויל און סטאַרעט זיך צו פאַרכאַפּען אַלע קונדען פאַר זיך, און עס געהט עס גאָר ניט אָן וועגען דעם אַנדערען. מען פאַראייניקט זיך נאָר וועגען דעם פּרייז. ווער עס וויל פאָלגט דעם באשלוס. אויב איינער מיינט, אַז ער קען מאַכען בעסערע געשעפטען, ווען ער זאָל ארונטעררייסען דעם פּרייז. ברעכט ער דעם באשלוס. מען מוז איינער דעם אַנדערען גלויבען אַפ'ן וואָרט, ווייל אַזעלכע פאַראייניקונגען ווערען באַטראַכט אַלס אונגעזעצליך און מען קען ניט אָנגעבען אין קאורט צו צווינגען איינעם האַלטען דעם באשלוס. דערפאַר האַלטען זיך אַזעלכע פאַראייניקונגען ניט לאַנג אָן.

עפּעס אַ שטאַרקערע פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע איז אַ „פּול“. אַ געוויסע צאָל אונטערנעמער מאַכען אָפּ צווישען זיך, אַז אַ געוויסער פּראָצענט פון פאַרדינסט מוז ווערען איינגעלייגט אין זייער חברה'שע קאַסע, צום סוף יאָר ווערט די געלט צוטיילט צווישען זיך אין פּראָפּאָרציע צו די געשעפטען, וואָס יעדער האָט געמאַכט. דאָ בלייבט נאָך אַלץ יעדער אַ פולער בעל הבית איבער זיין געשעפט ווי בעפאַר. ער אַרבייט אוים אין זיין פאַבריק וויפיל ער וויל און פאַרקויפט וואו און ווען ער וויל. דאָ אָבער האָט שוין יעדער אַ שטיקעל אינטערעס אין דעם, אַז דער אַנדערער זאָל אויך מאַכען

גוטע געשעפטען, כדי יעדען איינעם זאָל אָנקומען מער אף זיין חלק. אף דעם אופן זוכט מען צו צווינגען יעדען איינעם צו האַלטען איין פּרייז. אַזעלכע „פּולס" אָבער האַלטען זיך אויך ניט איין. אַז איינער רעכענט אויס, אַז אויב ער זאָל האַנדלען געגען די אַנדערע חברים קען ער מאַכען מער ווי עס קען אויסקומען אף זיין חלק פון דער קאַסע, דאַן לאָזט ער אַרונטער דעם פּרייז און זוכט דורך דעם צו פאַרכאַפּען די קונדען פון יענע, וואָס האַלטען דעם אָפּמאַך. האַנדעלשאַפט איז ניט קיין ברודערשאַפט!

נאָך א שריט ווייטער, צוטיילט מען דעם מארק אף קרייזען: איינער באַקומט למשל ניו־יאָרק, דער אַנדערער פילאַדעלפיע, דער דריטער שיקאַגאָ, א. אז. וו. קיינער טאָר ניט פאַרקויפען אין אַ פרעמ־דען קרייז. דאָס איז די ערסטע אמת'ע פּראָבע, צו רעגולירען די פּראָדוקציאָן און אויך דעם פאַרקויף פון די פּראָדוקטען. ניט אַלע מאָל איז דאָס אָבער מעגלאָך. נעמט, למשל, די פאַבריקאַציע פון פּרויען־קליידער (דער קלאָוק טרעיד), וועלכער איז כמעט אין גאַנ־צען קאָנצענטרירט אין ניו־יאָרק. פון גאַנץ אַמעריקע קומען קונים אין ניו־יאָרק איינקויפען קלאָוקס. אין אַזעלכע פעלע איז אונמעגלאָך אָפּצוטיילען יעדען איינעם א באַזונדערען קרייז, דאַן מאַכט מען אָפּ צווישען זיך וויפיל יעדער איינער מעג אויסאַרבייטען.

אַנדערע באַקומען אָפּטרעט־געלט, מיט דעם תנאי, אַז זיי זאָ־לען האַלטען זייערע פאַבריקען געשלאָסען. געוועהנטלאָך זיינען דאָס די קלענערע פאַבריקען מיט די אַלטמאָדישע מאַשינערי.

אין דעם פאַל האָבען מיר שוין אַ שטיקעל געזעלשאַפטליכע באַשטימונג, ניט נאָר וויפיל יעדער קען אויסאַרבייטען און פאַר־קויפען, אָבער אויך אף וועלכען אופן די אַרבייט קען געפירט ווע־רען. דאָך בלייבט יעדער געשעפט עקסיסטירען ווי פריהער; אַזוי לאַנג ווי דער אָפּמאָך ווערט אַנגעהאַלטען, מעג זיך אפילע אויסוויי־זען, אַז קאָנקורענציע איז טויט, אָבער זי דרעמעלט נאָר, זי קען זיך אופכאַפּען יעדע מינוט, ווען די פאַראייניקונג זאָל געהען צו גרונד. כל־זמן דער פאַבריקאַנט האַנדעלט אליין מיט זיינע קונדען. איז קאָנקורענציע אימער מעגלאָך.

צו מאַכען אַ סוף צו קאָנקורענציע איז נויטיק אָפּצוזונדערען דעם פאַבריקאַנט פון די קונדען. צו דעם צוועק גרינדעט מען אַ „ווערהאוז" (אַ סקלאַד), מען שטעלט אָן אַ פאַרוואַלטער אין וועד־

האוז און מען מאכט אָפּ, אז יעדער פאבריקאנט מוז דאָרט ליי־
פערען אלץ אף קאָמיסיע, וואָס ער אַרבייט אויס. אין אזא אָרגאַ־
ניזאציע איז קאָנקורענציע אין גאַנצען אָפּגעשאַפט. די אָרגאַניזאציע
באַשטימט וויפיל יעדער מעג אויסארבייטען. די אָרגאַניזאציע באַ־
שטימט דעם פּרייז, די פאַבריק ווערט אין גאַנצען אָפּגעזונדערט פון
מארק.

די אַלע סאָרטען פאראייניקונגען עקסיסטירען אויך אין איי־
ראָפּע. אין דייטשלאנד הייסט עס „קארטעל", אין פראַנקרייך און
אין רוסלאנד „סינדיקאט", די העכסטע שטופע פון א „קארטעל"
איז די יעניקע וואו דער האַנדעל איז צענטראַליזירט אונטער
איין פאַרוואַלטונג. דער „קארטעל" אָבער קאָנטראָלירט נאָר דעם
האַנדעל, ווייטער ניט, ווייל די פאבריקען בלייבען נאָך אימער איז
די הענט פון די אייגענטימער. אָן אמת'ער אמעריקאַנער „טראָסט"
געהט אַ שריט ווייטער. ער זאָגט דעם איינצעלנעם פאַבריקאנט:
„לך לך".

דער ערסטער מאָדעל פון א טראָסט איז דער סטענדאַרד אויל
טראָסט. אין 1882 זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די גרעסטע
פאַבריקאַנטען פון קאראסין, געזאַלין א. אז. וו. און מען האָט אָפּ־
געמאכט צו פאראייניקען אַלע פאבריקען אונטער איין פאַרוואַלטונג.
מען האָט אָבער ניט געטרויט איינער דעם אַנדערען, האָט מען אויס־
געקליבען א באַשטימטע צאָל טראָסטיס (פארטרויענס־מענער) און
מען האָט אף זיי איבערגעשריבען דעם קאַפּיטאל פון יעדער פאַב־
ריק. די טראָסטיס האָבען ארויסגעגעבען יעדען אקציאָנער א „טראָסט
סערטיפיקעט" (שטר) אף זיין חלק קאפּיטאל. אף דעם אופן
זיינען די טראָסטיס געוואָרען די גאַנצע בעלי בתים איבער אַלע
פאַבריקען. זעלבסטפארשטענדלאָך, נאָר אַלס טראָסטיס, ד. ה. פאַר
די נוצען פון די וואָס האָבען פון זיי באַקומען סערטיפיקעטס. יע־
דער איינער וואָס האָט געהאט א סערטיפיקעט איז באַרעכטיקט גע־
ווען צו א חלק פון דעם פּראָפיט אין דעם געשעפט, אָבער אין דער
געשעפטס־פירונג האָט ער שוין קיין שום דעה ניט געהאט. אף'ן
פּאַפּיר האָט מען די פריהעריקע קאָנקורענטישע פאבריקען געלאָזט עקזיסטי־
רען ווייטער, כדי אויב עס וועט צוגעהן שלעכט, זאָל מען קענען
אָפּמעקען דעם אָפּמאך און נעמען זיך צוריק פאבריצירען אפ'ן אַל־
טען אופן. אָבער עס איז ניט געקומען דערצו.

די סטענדארד אויל קאָמפּאני האָט געמאכט גלענצענדע געשעפטען. באלד האָבען זיך געגרינדעט נאָך עטלאכע טראָסטס אף דעם זעלבען פּלאן. דער מיטעלקלאס האָט זיך איבערגעשראָקען און גענומען אגיטירען געגען מאָנאָפּאָל. עס איז זיי געלונגען דורכצופירען א גאַנצע רייהע געזעצען אין קאָנגרעס און אין די פארשידענע שטאַטען, וועלכע האָבען ערקלערט אלע אַזעלכע „טראָסטס" פאר אונגעזעצלאך. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז די טראָסטען האָבען זיך רעאָרגאַניזירט: אנשטאָט יעדען טראָסט, וועלכער איז געווען א פאראייניקונג פון עטלאכע קארפּאָרעישאָנס, האָט זיך געגרינדעט איין קאָרפּאָרעישאן, וועלכע האָט אָפּגעקויפט דעם גאַנצען אייגענס פון יעדער קאָרפּאָרעישאָן, די פאַבריקען מיט די געשעפטען אַלץ צוזאמען. דער געזעץ פארווערט קיינעם ניט צו גרינדען אַ קאָרפּאָרעישאָן מיט 50 אָדער מיט 100 מיליאָן דאָלאר; דער געזעץ פארווערט ניט קיין קאָרפּאָרעישאן אויסצוקויפען דעם אייגענס פון אנדערע, אָדער צו קויפען „שערס" (חלקים) אין אַנדערע קאָרפּאָרעישאָנס. קורץ גערעט, דער געזעץ האָט ביז 1913 ניט פארווערט, אז אלע פאבריקען פון אַ געוויסער וואַרע, דער גאַנצער געשעפט זאָל זיין פאראייניקט אין איין איינציקע קאָרפּאָרעישאָן. און דאָס האָט טאַקע פּאַסירט.

מיר זעהען אַלזאָ, אז די געזעצען וואָס דער מיטעלקלאס האָט דורכגעפירט צו באקעמפּפען מאָנאָפּאָלען האָבען געהאט נאָר איין רעזולטאַט. זיי האָבען גיכער געבראַכט די פארשמעלצונג פון יעדער אינדוסטרי אין איין מאָנאָפּאָליסטישע אָרגאַניזאציע.

בלשון בירזשע רופט מען עס היינט „קאָנסאָלידעישאָן". די קאָנסאָלידאַציע האָט זיך אָנגעפאַנגען באלד נאָך 1890, און דער קאָנגרעס האָט ארויסגעגעבען א געזעץ געגען טראָסטס. ביז 1898 איז זי אָבער געגאַנגען פּאמעלאך. פון 1898, דאָס הייסט באלד נאָך דעם ווי מעקינלי איז געוואָרען פּרעזידענט, האָט זיך אָנגעפאנגען אַ גאנצער יריד. פון דעם 1טען יאנואר 1898 ביז דעם 1טען יאנואר 1901 האָבען זיך געגרינדעט צוויי מאָל אזוי פיל קאָנסאָלידאציעס, ווי אין דער גאנצער צייט פאר 1898.

וויפיל עס באטרעפט דער קאפּיטאל פון די קאָנסאָלידירטע טראָסט קען מען גענוי ניט וויסען. עס זיינען דאָ עטלאכע חשבונות, עס ווענדעט זיך אבער אָן דעם, וואָס מען באטראכט פאר א טראָסט.

דער צענזוס פון 1900 האָט גערעכענט ס"ה 183 טראָסטס מיט א קאפיטאל אין ערך פון 3,000,000,000 דאָלאר.

אין דערין זיינען אָבער ניט איינגערעכענט גאז־קאמפּאניעס און נאָך פארשידענע אנדערע. לויט דעם חשבון פון אנדערע ספּע־ציאַליסטען איז דער זעלבער צייט, האָט דער קאפיטאל פון אלע טראָסטס באטראָפען איבער 9,000,000,000 דאָלאר. אין דער צי־פער זיינען נאָר אריין קאָנסאָלידירטע טראָסטס. אזעלכע אָבער וואָס ווערען באצייכענט אין דייטשלאנד מיט דעם נאָמען „קארטעל" זיי־נען אין קיין חשבון ניט אריינגערעכנט.

א חוץ דעם אָבער איז יעדע אייזענבאן פאקטיש אויך א מאָנאָ־פּאָל. דער קאפיטאל פון אלע אייזענבאנען האָט אין דער זעלבער צייט אויסגעמאכט איבער 11,500,000,000 דאָלאר. אלזאָ אלעם צו־זאמען האָבען אלע מאָנאָפּאָליסטישע אונטערנעמונגען געהאט א קאָ־פּיטאל פון 14,000,000,000 ביז 21,500,000,000 דאָלאר, א חוץ די קארטעלען.

דיזער קאפיטאל איז אָבער געוועזן ווייניקסטענס א העלפט „וואסער". אין יעדער קאָמפּאניע ווערט דער קאפיטאל איינגעטיילט אין „פּריפערד סטאק", „קאָממאָן סטאק" און „באָנדס". א באָנד איז אן הלואה, אויף וועלכע די קאָמפּאניע צאָלט צינזען. דער פּרי־פוירד סטאק איז אַזאַ חלק קאפּיטאל, אויף וועלכען די קאָמפּאניע גאַ־ראנטירט א געוויסען פּראָצענט פּראָפיט אָדער דיווידענדען. גע־וועהנטלאך פון 6 ביז 7 פּראָצענט, אויב דער געשעפט וועט טראָגען. דער פּראָצענט מוז אויסגעצאָלט ווערען פון די ערסטע פּראָפיטען. אז עס קלעקט ניט איין יאָר ווערט עס ארופגערעכענט אויף דעם נעקסטען יאָר. אזוי לאנג ווי מען איז אינטערעסירט אין די פּראָ־צענטען וואָס עס קומט אויף די פּריפּוירד סטאק, קען די קאָממאָן סטאק ניט באקומען קיין „דיווידענד". מען קען פארשטעהן, אז אונטער אזעלכע באדינגונגען איז דער ווערט פון דעם קאָממאָן סטאק נאָר באגרינדעט אויף ספּעקולאציע.

אין דער ווירקלאכקייט ווערט דער עסק געמאכט אזוי: בשעת דער געשעפט ווערט קאָנסאָלידירט, שאצט מען אָפּ יעדען געשעפט וואָס ער איז ווערט, מען זשאַלעוועט ניט אין אָפּשאצען אן איבע־ריקען מיליאָן דאָלאר, ווייל מען צאָלט ניט מיט געלט. יעדער פאבריקאנט באקומט באצאָלט מיט פּאפּירלאך — פּריפוירד סטאק

פון דער פאַראייניקטער קאַמפּאַניע. אַ חוץ דעם שיינקט מען יעדען נאָך אַ מאָל אַזוי פיל קאַממאַן סטאַק. דער קאַממאַן סטאַק איז אַלזאַ ניט מער ווי „וואַסער“. עס טרעפען זיך קאַמפּאַניעס, וואָס ניט מער ווי אַ פינפט־חלק פון זייער קאַפּיטאַל איז ראַיעל. נאָך דעם צענזוס נאָך, איז אונגעפער די העלפט פון דעם קאַפּיטאַל ראַיעל, די איבעריגע איז „וואַסער“.

די ריכטיקע מאָס מיט וועלכע מען קען מעסטען דעם ווערט פון יעדען קאַפּיטאַל, איז דער קורס אַף דער בירזשע. צווישען די קאַמפּאַניעס זיינען פאַראַן אַזעלכע, ווי די „סטענדאַרד אויל קאַמפּאַניע“, פון וועלכער מען קען ניט קויפען אַן „אַקציע“ (שער) אונטער אַכט הונדערט דאָלאַר. (דער גערדרוקטער פּרייז אַף דער אַקציע איז הונדערט דאָלאַר). עס זיינען אָבער אויך דאָ אַנדערע טראַסטס, וועמעס אַ הונדערט־דאָלאַרדיקע אַקציע מען קען קויפען פאַר 4 דאָלאַר. דורכשניטלאָך האַלט דער קורס פון פּריפּוירד סטאַק אַן ערך 70 פּראָצענט, און קאַממאַן סטאַק איבער 40 פּראָצענט; ביידע צוזאַמען — אַן ערך 50 פּראָצענט.

2.

## די אייזענבאַנען און די טראָסט.

די ערסטע גרויסע קאַמפּאַניעס מיט מיליאָנען דאָלאַר קאַפּיטאַל, שטאַמען פון די אייזענבאַנען. איידער מען האָט זיך גענומען בויען אייזענבאַנען, האָט מען אין אַמעריקע פון קיין מיליאָנערען ניט געוואוסט, אָבער אַף צו בויען אַן אייזענבאַן פאָדערט זיך מיליאָנען קאַפּיטאַל. קיין איינציקער קאַפּיטאַליסט האָט דאָס אין יענע צייטען מיט זיינע אייגענע מיטלען ניט געקענט אויספירען, איז מען געפאַלען אַף אַ פּלאַן צונויפלייגען זיך און גרינדען קאַמפּאַניעס אַף „שערס“ (חלקים, אַקציעס). אַזוי זיינען געבאָרען געוואָרען אין דער וועלט די ערסטע מיליאָנען געשעפטען. שפּעטער זיינען די אייזענבאַנען אויך געווען די ערסטע, פון וועלכע עס האָט זיך אָנגעהייבען די ענטוויקלונג פון מאָנאָפּאָליע.

פון אָנהויב האָט מען דאָ באַטראַכט אַן אייזענבאַן, אַזוי ווי יעדען אַנדערען געשעפט. עס האָבען זיך געגרינדעט קליינע קאַמפּאַ־

ניעס אַן אַ שיעור, און מען האָט געבויט קורצע ליניעס. באַלד האָ־בען זיי זיך אָבער אָנגעהייבען צו פאַריינינקען אין גרעסערע גע־שעפטען. דאָך זיינען באַשטאַנען און זיינען געבליבען עד היום פילע באַנען, וואָס פאַרבינדען די זעלביקע פונקטען און קענען אונטער זיך קאָנקורירען.

צו פאַרמיידען אָט די קאָנקורענץ איז שוין זייט צענדליקע יאָרען אַן אופגאַבע, איבער וועלכע עס ברעכען זיך די קעפּ די אייזענבאַן־קעניגע. דער געזעץ ערלויבט צו פאַראייניקען אַזעלכע באַנען, וואָס שטעלען צוזאַמען איין דירעקטע ליניע; צום בייר שפּיל, מען מעג פאַראייניקען אַ ליניע, וואָס געהט פון ניו־יאָרק קיין באָפאַלאָ מיט אַנאַנדערער, וואָס געהט פון באָפאַלאָ קיין שיקאַגאָ. אָבער מען טאָר ניט קאָנסאָלידירען צוויי ליניעס, וואָס געהען ביי־דע פון ניו־יאָרק קיין שיקאַגאָ. מען וויל דוקא אופהאַלטען קאָנקו־רענץ. עס לאָזט זיך אָבער ניט. אַף פאַרשידענע וועגען פּרובירען די בעלי הבתים פון די אייזענבאַנען אַפּצושאַפען, אָדער וויניקס־טענס צו באַשריינקען די קאָנקורענץ. ווי ווייט דער געזעץ ער־לויבט, האָט די קאָנסאָלידאַציע פון אייזענבאַן קאָמפּאַניעס געמאַכט גרויסע פאָרטשריטע: אין 1881 זיינען צוויי דריטעל פון אַלע לי־ניעס געווען קירצער ווי טויזענט מייל און סך הכל איין דריטעל לענגער ווי טויזענט מייל. אין 1901 זיינען שוין כמעט צוויי דרי־טעל געווען לענגער ווי טויזענט מייל און עפּעס מער ווי איין דרי־טעל קירצער ווי טויזענט מייל. פון 1891 ביז 1901 האָט מען וויניק אַזוינע באַנען געבויט: אין גאַנצען איז צוגעקומען 18,000 מייל. צו דער זעלבער צייט איז צו די גרויסע באַנען (לענגער ווי טויזענט מייל) צוגעקומען אַן ערך 20,000 מייל. פון די נייע באַנען זיינען אַן ערך 5,000 מייל געווען קורצע ליניעס, אַלזאָ זיינען צו דעם גרעסערען קלאַס צוגעקומען ניט מער ווי 13,000 מייל נייע ליניעס. די איבעריקע 7,000 זיינען צוגעקומען דורך פאַרשמעלצונג פון קלע־נערע ליניעס.

אָבער דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט. דער געזעץ ערלויבט ניט צו פאַרשמעלצען פאַרשידענע קאָמפּאַניעס, אָבער קיינעם איז ניט פאַרוואָרט צו קויפען די שערס פון פאַרשידענע קאָמפּאַניעס. און אַזוי האָבען זיך די אייזענבאַן מאַגנאַטען געגעבען אַן עצה; די סופּ־רים־קאָורט פון די פאַראייניקטע שטאַטען זאָגט, אַז מען טאָר ניט

מאַכען קיין אַסאָסיעישאן צו רעגולירען דעם פּרייז פון פּראכט, — גאַנץ שעהן; אָבער די זעלביקע פּריוואַט פּערזאָנען מעגען דאָך אַנקויפען די מערצאָל פון שערס פון יעדער קאָמפּאַני און אויסקלייבען די זעלביקע דירעקטאָרען פאר אַלע קאָמפּאַניעס. נו, אז די זעלבע פּערזאָן איז אַ דירעקטאָר אין זעקס אייזענבאַנען, קען מען שוין ווי עס איז דורכקומען מיט דעם פּרייז, אַז ער זאָל איבעראַל זיין דער זעלבער. היינט צו־טאָג זיינען דורך דיזע מעטאָדע דריי־פערטעל פון דער גאנצער לענג פון אַלע אייזענבאַנען פאראייניקט אין עֶטלאַכע „סיסטעמס“. אונטער פּרעזידענט ווילסאָנס אדמיניסטראַציע האָט דער קאָנגרעס געמאַכט אַ נייעם געזעץ, וואָס ערלויבט ניט דעם זעלביקען מענטש צו זיין אַ דירעקטאָר אין עטלאַכע קאָרפּאָרעישאָנס. דאָס איז אָבער אַ קאַלטע רפואה, ווייל דערמיט איז נאָר פאַרמערט געוואָרען די צאָל „דאָממי־דירעקטאָרס“, דאָס הייסט קליינע בעאַמטע, וואָס מען מאַכט פאר כלומרשט־דירעקטאָרס און מען הייסט זיי שטימען אַזוי ווי די אמת'ע בעלי־בתים דיקטירען זיי.

ווייטער, צווישען די סיסטעמס באשטעהען „אָפּמאכען פון עהרען־מענער“ (דזשענטעלמענס אגרימענטס), וועלכע מען האַלט ביז וואַנען עס לאָהנט צו זיין אַ פיינער מאַן. אמת, דער יצר הרע איז אָפּטמאָל צו גרויס אפילע פאר אַ פיינעם מאַן. די פּראַקטיקע אָבער האָט שוין מיט יאָרען צוריק געבראַכט די אייזענבאַן־מאַכערס צו דער איבערצייגונג, אַז „וואו פאראייניקונג איז מעגלאך, דאָרטען איז קאָנקורענציע אונמעגלאך“, און דעריבער הערט מען שוין אין די לעצטע יאָרען מער ניט פון אייזענבאַן־מלחמות, ווי אין אמאָליקע צייטען.

די אייזענבאַנען זיינען היינט צו טאָג די גרעסטע מאכט אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. אייזענבאַנען האָבען אויסגעבויט גרויסע שטעט מיט הונדערטער טויזענטער איינוואָהנער, און אייזענבאַנען האָבען רואינירט אַנדערע שטעט. דער פּרייז פון פּראַכט שפּילט אַ הויפּט ראָלע אין דעם פּרייז פון יעדער סחורה. ווען די אייזענבאַן לאָזט אַראָפּ דעם פּרייז פון פּראַכט פאַר איין קונד און שלאָגט אַרויף פאַר אַן אַנדערען, טו ווערט דער לעצטער רואינירט און יענער פאַרכאַפּט דעם גאַנצען מסחר.

דאָס איז דער פונדאמענט, אַף וועלכען דער סטענדארט אויל טראַסט האָט אויפגעבויט זיין אונגעהויערע מאכט. נאָך מיט א יאָר צען פריהער, פאר דעם ווי עס האָט זיך געגרינדעט דער טראַסט, האָט ראקעפעלער מיט נאָך א פּאָר פון זיין חברה געמאכט קאָנט־ראַקטען מיט די אייזענבאנען, דורך וועלכע די באַנען האָבען זיך פארפליכטעט צו פירען קאראסינע פאר יענע חברה פאר א נידע־ריקערען פרייז, איידער פאר זייערע קאָנקורענטען. א חוץ דעם זיי־נען די חברה בארעכטיקט געווען צו דעם גאַנצען אונטערשיד, וואָס די באַן פלעגט מאכען אַן זייערע קאָנקורענטען. דער קאָנטראקט איז געמאכט געוואָרען אים נאָמען פון א קאָמפּאַניע, וועלכע איז גע־גרינדעט געוואָרען בכיון פאר דעם צוועק. באלד נאָך דעם ווי מען האָט געמאכט דעם קאָנטראַקט, האָבען די אייזענבאנען געהעכערט דעם פרייז אַף פראכט פון $1.25 א פאס ביז $2.84 פאר אלעמען, חוץ יענע קאָמפּאַניע, דורך דעם האָט זי אַלזאָ געשפּאָרט $1.59 פארדינסט פון יעדע פאס, וואָס אירע קאָנקורענטען האָבען גע־בראַכט אין ניו־יאָרק. דאָס הייסט, ראקעפעללערס קאָמפּאַניע האָט געקענט פארקויפען מיט מער, ווי $3.00 ביליקער פאר אירע קאָנקור־רענטען און נאָך דערביי פארדינען! מען פלעגט אירע קאָנקורענטען גאָר ניט געבען קיין וואגאָנעס, אָדער מען פלעגט בכיון פאר־האלטען זייערע פעסלאַך אַף דער אייזענבאַן, זיי זאָלען פארשפּעטיקען אַף'ן מארק, און נאָך טויזענט אַנדערע נידערטרעכ־טיקע שטיק. אַזוי איז אופגעבויט געוואָרען די מאכט פון דעם „סטענדערד אויל טראַסט". דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען מיט דעם פלייש טראַסט און נאָך פילע אנדערע.

אין 1888 איז דערוויזען געוואָרען דורך עדות פאר א קאָמיטע פון סענאַט, אז די אייזענבאנען פלעגען אויסצאָלען אַף אַזאַ אופן פון 50,000,000 ביז 100,000,000 דאָלאר צו פארשידענע טראַסטס אין א יאָר.

עס איז לייכט צו פארשטעהן וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזען פון זייערע קאָנקרוענטען.

אין פענסילווייניא האָבען די אייזענבאנען אליין אפגעקויפט כמעט אלע קוילען־גרובען. מען האָט דאָס אויסגעפירט אַף דעם פאָלגענדען וועג: די אייזענבאנען פלעגען ניט געבען קיין וואגאָ־נעס אַף ארויסצופירען די קוילען, אָדער מען פלעגט פארהאלטען די קוילען אַף ערגעץ א סטאַנציע ביז וואַנען עס איז געווען צו

שפּעט צו ליפערן. אַזוי זיינען מערערע קאָמפּאַניעס רואינירט גע־וואָרען און די אייזענבאַנען האָבען אָפּגעקויפט זייערע קוילען־גרובען בחנם.

אַ קאַפּיטאַליסט, ווען מען גרייפט אַן זיין קעשענע, שווייגט ניט. עס האָט זיך אופגעהויבען אַן אונגעהייערע אַגיטאַציע געגען טראַסטס און אייזענבאַנען, און מען האָט אויסגעפירט, אַז דער קאָנגרעס, און איינצעלנע שטאַטען האָבען געמאַכט געזעצע געגען טראַסטס, עס איז פאַרבאָטען געוואָרען די אייזענבאַנען צו מאַכען אַן אונטערשיד אין דעם פּרייז פאַר פראַכט צווישען פאַרשידענע קונדען. דער קאָנגרעס האָט אופגעשטעלט אַ שטענדיקע קאָמיסיע, די „אינטערסטעיט קאמערס קאָמישאַן", וועלכע האָט געדאַרפט אַכ־טונג געבען, אַז עס זאָל זיין איין פּרייז אַף די אייזעבאַנען פאַר אַלעמען. אַ צייט מיט יאָרען איז דער געזעץ געבליבען נאָר אַפּ'ן פּאַפּיר. אין דער פּראַקטיקע האָבען די אייזענבאַנען געהאָלפען די טראַסטס, ווי פאַר דעם געזעץ, שפּעטער איז די מאַכט פון דער אינטערסטעיט קאמערס קאָמישאַן פאַרשטאַרקט געוואָרען. דער־ווייל אָבער האָבען זיך די גרעסטע טראַסטס פאַרזאָרגט מיט איי־גענע אייזענבאַנען. ווען דער שטאָל טראַסט, צום ביישפּיל, זאָל רע־כענען פאַר זיינע אייגענע אייזען דעם זעלבען פּרייז פאַר פראַכט ווי פאַר פרעמדע, טו געהט עס נאָר פון איין קעשענע אין די אַנדערע. זייערע קאָנקורענטען אָבער מוזען צאָלען מזומן. דאָס באַווייזט, אַז ווען מען זאָל זיך אפילע ערנסט נעמען צו די אייזענבאַנען, טאָ קען מען מיט יענע טראַסטס, וואָס האָבען זייערע אייגענע באַנען גאָר נישט אויספירען. עס לאָזט זיך אַלזאָ אויס פון די געזעצע געגען טראַסטס אַ תכלית פאַר די יעניקע פון זיי, וואָס זיינען שטאַר־קער צענטראַליזירט.

3.

## טראַסטס און פּרייזען.

ווען איר לייענט די אמעריקאַנער ליטעראַטור וועגען טראַסטס, געפינט איר, אַז הגם, קיינער חוץ די טראַסט־קעניגע צווייפלען ניט, אַז יעדער סטאַרעט זיך צו פאַרכאַפּען אַ מאָנאָפּאָליע אין מאַרק,

איז נאָך פאַראַן אַ מיינונג, אַז קיין טראַסט קען דאָס ניט אויספירען, אַז קיין פאָלקאָמענע מאָנאָפּאָליע איז ניטאָ און קען גאָר ניט זיין. פון איין זייט באהויפּטען אַזוי די טראַסט־מאַגנאַטען, וועלכע ווילען פאַררעדען די צעהנער דעם עולם; פון דער אַנדער זייט אָבער באהויפּטען דאָס זעלבע די קאַפּיטאַליסטישע געגנער פון די טראַסטס, וועלכע ווילען דורכאויס באווייזען, אַז דער קליינער קאַפּיטאַליסט קען קאָנקורירען מיט דעם טראַסט. עס איז אפילע ניט גאַנץ לאָגיש צו שרייען „קאַראול! ראַטעוועט!“ און צו דער זעלבער צייט לייקענען, אַז דער טראַסט איז שטאַרקער פאַר זיינע קאָנקורענטען, אָבער יעדער אַרגומענט ווערט געברויכט ביי אַ באַזונדערער געלעגענהייט און דערפאַר איז דער ווידערשפּרוך ניט אַזוי קענטיק. ווען עס קומט צו רייד, אַז מען דאַרף באַשרענקען די מאַכט פון די טראַסטס, שרייען זיינע קאָנקורענטען: „גוואַלט, האָט רחמנות, די גזלנים האָבען דאָך אין גאַנצען גע'הרג'עט די קאָנקורענציע!“ ווען מען ענטפערט אויף דעם: „אויב די קאָנקורענציע איז שוין גע'הרג'עט, טו ווי אַזוי קען מען איר ווייטער לעבעדיק מאַכען?“ כאַפּען זיי זיך גלייך צוריק: „סטייטש, ווער זאָגט עס, אַז די קאָנקורענציע איז שוין דער'הרג'עט? זיי האָבען שוין גע'הרג'עט די קאָנקורענציע? ניט דערלעבען זאָלען זיי. קאָנקורענציע קען מען ניט אויסראָטען!“ אויף דעם זאָגט דער טראַסט־מאַגנאַט: „אמן! די קאָנקורענציע קען מען ניט אויסראָטען! קאָנקורענציע וועט אימער עקזיסטירען“. און, נאַטירליך, ער לאַכט זיך גוט אויס פון דער קאָמעדיע.

ווי שטעהט די זאַך אין דער אמת'ן? עס איז טאַקע ריכטיק, אַז ביז אהער איז נאָך קיין טראַסט ניט געלונגען צו פאַרכאַפּען דעם גאַנצען מאַרק, אפילע דער סטאַנדאַרט אויל קאָמפּאַניע אויך ניט. אָבער דאָס הייסט ניט, אַז עס איז ניטאָ קיין מאָנאָפּאָליע. כדי עס זאָל עקזיסטירען אַ מאָנאָפּאָליע איז גאָר ניט נויטיק, אַז אַ טראַסט זאָל האָבען פאַרטריבען זיינע קאָנקורענטען פון יעדען ווינקעלע, עס איז גענוג אַריינצוכאַפּען אַן ערך 75 פּראָצענט פון דעם מאַרק, דערמאָלט קען ער שוין באַשטימען דעם פּרייז. און אַזוי ווייט האָט שוין כמעט יעדער טראַסט געבראַכט. געוועהנטלאַך ווערט עס געמאַכט אַזוי: ווען עס יאַוועט זיך ערגעץ וואו אַ קאָנקורענט, וואָס איז אימשטאַנד צו ליפערען אַזוי פיל ווי אַ געוויסער געגענט קען פאַרברויכען, לאָזט דער טראַסט אַראָפּ דעם פּרייז אין יענעם גע־

גענט. ווען מען דארף אפילע עפּעם דאַרטען צולעגען, בלייבט דאָך אַנדערס־וואו דער פּרייז דער אַלטער, און דער פאַרדינסט טראָגט געגוג צו דעקען דעם פאַרלוסט. מיט דעם קאָנקורענט פון טראַסט איז אָבער אנדערש: ער ווערט אָן דעם גאַנצען רוח און האָט ניט פון וואַנען גוט צו מאַכען זיין היזק. סוף כל סוף מוז ער אָפּטרעטען.

נאַטירלאַך, ווען דער קאָנקורענט פון טראַסט וואָלט געקענט ברענגען זיין סחורה אין יעדען מאַרק, וואָלט דער טראַסט געצוואונגען געווען אראָפּצולאָזען דעם פּרייז אומעטום און זיין פאַרלוסט וואָלט געווען נאָך גרעסער איידער דער פאַרלוסט פון זיינע קאָנקורענטען. ניט ריידענדיק שוין אָבער פון געלט, דאַרף עס געוועהנטלאַך נעמען אַ פּאָר יאָר צייט, איידער דער „אונאָפּהענגיקער קאַפּיטאַליסט“ וועט זיין אימשטאַנד צו ליפערען גענוג פאַר׳ן מאַרק, מען זאָל קענען אויסקומען אָן דעם טראָסט. דערווייל איז דער קונה געצוואונגען צו קויפען ביי דעם טראָסט. דער קונה וויים עס און דער טראָסט וויים עס אויך, און דערפאַר קען ער אין אַזאַ פאַל רוהיק רעכענען דעם אַלטען פּרייז, און ניט נאָר דאָס, ער קען אפילע פאַרווערען זיינע קונים, זיי זאָלען ניט וואַגען צו קויפען ביי זיינע קאָנקורענטען. אזוי האָט דער טאבאק טראָסט און פילע אנדערע געטאָן, די קונים זיינען געצוואונגען צו קויפען ביים טראָסט, הגם זיי וואָלטען געקענט קריגען אביסעל ווארע אנדערס־וואו צו ביליקערע פּרייזען.

אַף דעם זיינען די געגנער פון די טראַסטס שטאַרק בייז. די טראַסט־מאַגנאַטען לייקענען דאָס געוועהנטלאַך גאר אָפּ: „זיי זאָלען טאָן אזא עולה? ווי קענט איר דאָס גאָר גלויבען? מען קען נאַטירלאַך ניט עורב זיין פאר יעדען מענטשען אין אָפּיס: אפשר האָט אימעצער פון די משרתים זיך יע ערלויבט אַזאַ זאַך צו טאָן, אָבער אויב יע, האָט ער עס געטאָן אָן דעם וויסען פון די דירעקטאָרס פון דעם טראַסט“.

איין איינציקער עדות פאר דעם אינדאָסטריאַל קאָמישאָן, וואָס פּרעזידענט מאַק־קינלי האָט אָנגעשטעלט אין 1899 האָט געהאַט דעם מוט ארויסצוריידען דעם אמת, דאָס איז געווען האַוועמייער, דער פּרעזידענט פון דעם צוקער טראַסט. אַז מען האָט עם געפרעגט צי דער סאָרט קאָנקורענץ איז אין הסכם מיט דער סוחר׳שער מאָראַל, האָט ער געענטפערט: „איך וועל קיין צוויי פּענים ניט

געבען פאר אייער מאראל, איך וויים ניט ווי מיט איר אומצוגעהן זיך".

מען מוז נאך נעמען אין אנבאטראכט, אז פילע פון די קונים פון די טראסטס זיינען געשעפטס-לייט, וואס קויפען איין די וואר־רע אום זי צו פארקויפען. ווען דער טראסט העכערט זיי דעם פרייז, העכערען זיי) דעם פרייז פאר זייערע קויפערס (צום ביישפיל אף פלייש). פאר זיי איז דערפאר פיל וויכטיקער צו באקומען די ווארע צוגעשטעלט אין צייט, איידער אפצושפארען א סענט פאר'ן קונה. נאטירלאך, לוינט זיך פאר זיי ניט איינצורייסען מיט דעם טראסט, כל זמן זיי זיינען ניט זיכער, אז דער קאנקורענט וועט אימשטאנד זיין אויסצושטעהן געגען דעם טראסט.

די יעניקע, וואס עס ווילט זיך זיי ניט אנדערש אויסצופירען, אז די קאנקורענץ מוז אייביק באשטעהן, האבען אף דעם א תירוץ, דער פרייז, זאגען זיי, ווערט אימער רעגולירט דורך קאנקורענץ, אפילו ווען עס איז פאראן נאר איין סוחר אין מארק. ווי אזוי? דער ענטפער איז, אז עס ווייזט זיך נאר אויס, אז עס איז כלומרשט ניטא קיין קאנקורענציע: עס זיינען אימער פאראן פרייע קאפיטא־לען, וואס ליגען אין די באנקען און ווארטען נאר אף א געלעגענהייט: זאל נאר א טראסט פרובירען צו העכערען דעם פרייז איבער דער געוועהנטלאכער מאס, וועלען באלד ווערען נייע פאבריקען און עס וועט ווערען קאנקורענציע!

דער אמת איז, אז עס רעט זיך נאר אזוי גיך, מיט חיינטיקע מאשינערי מוז עס נעמען א פאר יאר איידער די נייע פאבריקען קענען איינגעארדערט ווערען, און דאן וועט דער טראסט אראפלא־זען דעם פרייז. אלזא וועט דער נייער קאנקורענט ניט פראפיטירען פון העיכע פרייזען. יעדער קאפיטאליסט וויים דאס און דערפאר איז די מעגלאכקייט פון קאנקורענציע אין אזא פאל ניט מער ווי א חלום.

אט אזוי קומט אויס, אז ווען א טראסט פארכאפט אונגעפער 75 פראצענט פון מארק, קען ער שטעלען דעם פרייז אזוי הויך, ווי עס לוינט זיך עם אמבעסטען. אמאל קומט אויס, אז עס לוינט זיך אפילו אראפצולאזען דעם פרייז און מאכען א קלענערען פראפיט אף יעדען פונט, ווען מען קען דורך דעם מער לייזען און מער פארדינען. יעדענפאלס הענגט עס אפ אין גאנצען פון דעם טראסט

אליין, פון זיינע אייגענע חשבונות. וואָס פאַר א ווירקונג האָט עס אַף די פרייזען? אין 1899 האָט די סיוויק פעדערעישאַן פון שי־קאַגאָ ארויסגעשיקט בריף צו פאַרשידענע געשעפטס־לייט, אום אויסצוגעפינען די ריכטיקייט וועגען דעם איינפלוס פון די טראָסטס אַף די פרייזען. עס זיינען אָנגעקומען אַן ערך 500 ענטפערס. 450 אַרטיקלען זיינען געשטיגען אין פרייז און סך הכל 25 זיינען גע־פאַלען. די אַנטי־טראָסט־ליג האָט געמאַכט אַן ענלאַכע אונטערזו־כונג צו דערזעלבער צייט אין ניו־יאָרק. זי האָט ארויסגעשיקט איר רעפּאָרטער צו האָלסעילערס אויסצוגעפינען די פרייזען פון אלערליי אַרטיקלען פאַר דעם און נאָך דעם ווי עס האָט זיך געגרינדעט א טראָסט. דער רעפּאָרטער האָט ניט געפונען קיין איינציקען פאַל, וואו דער פרייז זאָל האָבען געפאַלען. אין גאַנצען האָט ער גע־בראַכט ענטפערס איבער 165 אַרטיקלען און פון זיי זיינען מער ווי העלפט געשטיגען אין פרייז 25% און העכער. עס זיינען גע־ווען 13 אַרטיקלען, וואָס זיינען געשטיגען מער ווי דאָפּעלט.

אַף אַזעלכע פאַקטען ענטפערט יעדער מאָנאָפּאָליסט: „אסור אויב איך האָב דאָס געטאָן. עס איז גאָר יענער". די טענה איז נעמלאָך, אַז דער פרייז איז געשטיגען, ווייל דער מאַטעריאַל איז טייערער געוואָרען. גוט, ווער מאַכט אָבער דעם מאַטעריאַל? אויך א טראָסט; על כן, אויב ניט איין טראָסט, איז אַנאַנדערער, אָבער עפּעס א טראָסט האָט עס יע ארופגעבראַכט.

ווייטער אָבער איז די גאַנצע מעשה פאַלש: מען קען אָנווייזען סחורה, צב"ש בלעך, וואָס איז געשטיגען פריהער ווי די מאַטע־ריאַלען, פון וועלכע די בלעך ווערט געמאַכט.

כמעט יעדער פרייז היינט צו טאָג איז א מאָנאָפּאָליסטישער פרייז. דער פרייז פון יעדען אַרטיקעל ווערט באַשטימט דורך עפּעס א פאַראייניקונג; קאָנקורענציע, קען מען זאָגען, איז טויט אין די פאַראייניקטע שטאַטען.

## 4.

## די פאַראייניקונג פון טראָסטס.

מיר ווייסען, אַז דורך די מאָנאָפּאָליעס איז געוואָרען אַף אַלצדינג א יקרות. ווער זשע צאָלט דעם מאָנאָפּאָליסטישען פרייז?

לאמיר אַ קוק טאָן וואָסערע ארטיקלען זיינען מאָנאָפּאָליזירט.

דער צענזוס אָפּיס אין וואשינגטאָן האָט אין זיין רעפּאָרט אי־בער די פאבריק־אינדוסטרי אין 1900 אויסגערעכענט 183 טראָסטס מיט מער ווי 2,000 פאבריקען. עפּעס מער ווי אַ דריט־חלק פון זיי האָבען פאבריצירט עסענוואַרג, קליידונג, באַלייכטונג, א. אַז. וו. וואָס יעדער האָט נויטיק, די איבעריקע האָבען פּראָדוצירט האלב־פאבריקאטען און מאטעריאלען, וועלכע ווערען באנוצט אין די פאבריקען. אַט די וואַרען ווערען געקויפט פון די קאַפּיטאליסטען.

זינט מען האָט געמאכט א טראָסט אין וואלענס, דאַרף דער קליידער־פאבריקאנט באצאָלען מער פאר די טוך, און העכערען דעם פּרייז פאר די קונים לאָזט די קאָנקורענציע ניט צו, מאכט אַלזאָ דער פּרייז־אונטערשיד א לאָך אין זיין קעשענע. ווען מען הייסט אַ געוועהנטלאכען קונה באצאָלען א העכערען פּרייז, קרעכצט ער און צאָלט פאר נויט. ווען אבער קאפּיטאַליסטען זיינען געצוואונגען צו צאָלען פאר זייערע מאטעריאלען מיט 25, מיט 50 אדער 100 פּראָ־צענט מער ווי פריהער, טו קענען זיי זיך געבען אן עצה. זיי מא־כען זיך אן אייגענעם טראָסט צו באקעמפּפען דעם טראָסט.

אַלזאָ, די אָפּשאפונג פון קאָנקורענציע אין יעדען איינצעלנעם צווייג ברייגנגט צו אַ מלחמה צווישען פארשידענע צווייגען, אף וועל־כע די ארבייט איז צוטיילט אין דער געזעלשאפט. די מלחמה טרייבט יעדען איינציקען טראָסט צו א מאָנאָפּאָליסטישער פאראייניקונג אום צו פארזארגען זיך מיט א מאָנאָפּאָליע פון מאטעריאלען, וואָס ער נוצט אין זיין געשעפט. דורך דעם וויל מען זיך ערסטענס בא־פרייען פון דעם דרוק פון אנדערע טראָסטס, און צווייטענס, פאר־צאמט מען דעם וועג אלע קאָנקורענטען. די אינטערנעישאָנאל פּעי־פּער קאָמפּאני (דער פּאָפּיר טראָסט) צום ביישפּיל, האָט ניט פּראָסט אָפּגעקויפט כמעט אלע פאבריקען, זי האָט נאָך צוגלייך ארייגגע־קראָגען אין אירע הענט די נאָהענטסטע וועלדער אין וואשינגטאָן. אף וועלכע מען קען שטעלען מילען, אירע וועלדער פארנעמען אין די פאראייניקטע שטאטען 40 ענגלישע מייל אין דער לענג און 40 אין דער ברייט און אין קאנאדא 50 מייל אין דער לענג און 40 מייל אין דער ברייט. אין גאנצען איז דאָס גרעסער איידער די שטאַטען ראָד־איילאנד און דעלאווער אין איינעם, אָדער ווי קאלישער גו־בערניע די גרויס, אָדער ווי האלב בוקאָווינע.

ווי באלד אבער יעדער טראַסט פּרובירט זיך צו פארזיכערען מיט מאַטעריאל, טו מוז אונבאדינגט קומען צו קאָנקורענציע צוויי־שען טראַסטס. רויהע אייזען ווערט געברויכט צו מאַכען שטאָל, בלעך, דראָט, רעלסען א. אַז. וו. אין יעדען פון דיזע געשעפטען, איז פאָרגעקומען אַ פאַראייניקונג, די פאַראייניקטע קאָמפּאַניעס אבער האָבען זיך באַגעגענט אין מארק אלס קויפער פון אייזען. אום צו פארמיידען קאָנקורענציע, וועלכע וואָלט נאַטירליך געהעכערט דעם פּרייז, האָט מען זיך פריהער געאייניקט איינצוטיילען צווישען זיך די אייזען. סוף כל סוף האָט זיך אבער אויסגעלאָזען פון דעם אַ פאראייניקונג פון די טראַסטס אין איין לויתן־טראַסט, די יוניי־טעד סטעיטס סטיל קאָרפּאָרעישאָן מיט אַ קאַפּיטאל פון 1,400,000,000 דאָלאר. דער שטאָל־טראַסט גראבט אויס אליין פון אייגענע אייזען־גרובען 60 פּראצענט פון אלע אייזען וואָס מען גראבט אויס אין די פאַראייניקטע שטאַטען. ער טראַנספּאָרטירט די אייזען אין אייגענע שיפען און איבער אייגענע אייזענבאַנען פון זיי־נע גרובען ביז זיינע אייגענע מילען (פאַבריקען). ער שמעלצט אליין די אייזען און מאכט פון איר אייזען פאר „הימעל־קראצער“, שטאָל, בלעך, רעלסען, דראָט און אַז. וו. ענדלאך טראַנספּאָרטירט ער אליין אף זיינע אייגענע שיפען די וואָרע איבער׳ן ים אין אייראָפּע. מיט איין וואָרט פון גרוב ביז צו דעם מארק באגעגענט ער אין ערגעץ ניט קיין קאָנקורענציע.

פאראייניקונג אין פּראָדוקציאָן ברענגט נאָך זיך פאראייני־קונג אין האנדעל. דער טראַסט האלט זיך מער אונאבהענגיק געגען דעם גרויס־הענדלער און שנייט אראָפּ זיין פּראָפיט ווי ווייט מעג־לאָך. דורך דעם זיינען די גרויס־הענדלער געצוואונגען צו פאראיי־ניקען זיך געגען דעם טראַסט, כדי ניט צו לאָזען זיך טרעטען מיט די פיס. און אַזוי פארברייטען זיך די טראַסטס וואָס ווייטער אלץ רק מערער, פון איין ליניע צו דער אנדערער.

דורך די מאכט פון מאָנאָפּאָליע, דורך די שינדעריי פון די קונים מאַכען די טראַסטס אונגעהייערע פּראָפיטען. אין דער צייט פון זעקס יאָר האָט דער סטענדארט אויל טראַסט אויסגעצאָלט זיינע אקציאָנערען אף יעדע 100 דאָלאר די פאָלגענדע דיווידענדען: פון 1896 ביז 1899 עפּעס איבער 30 דאָלאר א יאר, אין 1900 און אין 1901 — 48 דאָלאר א יאָר. דאָס הייסט אין זעקס יאָר האָט דער

טראַסט אויסגעצאַלט דעם גאַנצען קאַפּיטאל און נאָך אמאָל אַזוי פיל אין רווח.

דער סטענדאַרט אויל טראַסט איז נאַטירליך אַן אויסנאַם. פון די איבעריקע טראַסטס האָבען פילע ניט אויסגעצאַלט קיין סענט דיווידענדען, דאָס זיינען דאָס רוב אַזוינע, וואָס זיינען ניט לאַנג אין געשעפט, אין גאַנצען האָבען אלע טראַסטס אין איינעם אין 1901 אויסגעצאָלט 240,000,000 דאָלאַר אין דיווידענדען.

פרעגט זיך א קשיא: וואָס זאָל מען טאָן מיט די הונדערטער מיליאָנען יערלאַכען פּראָפיט? אופעסען, קויפען א לוסט־יאַכט, מנדב זיין אַ נייעם אוניווערסיטעט? ציהט דאָס אַלעם ארונטער איז די סומע אַזוי גרויס, אז מען קען איר גאר ניט פאַרצערען, עס בלייבט נאָך פאָרט מיליאָנען קאַפּיטאל וואָס מען מוז זיי אריינלעגען אין געשעפט. דאַכט זיך מען דאַרף זיך ניט ברעכען די קעפ ווי אַזוי צו מאַכען א געשעפט, אז מען האָט אַ פאָר מיליאָן אין באַנק, אמת? עס דאַכט זיך אבער נאָר אַזוי. כל זמן, פאַרשטעהט איר, עס איז געווען קאָנקורענציע האָט יעדער קאַפּיטאַליסט רק געזוכט, ווי צו פאַרכאַפּען פאַר זיך אליין אויב מעגלאַך, דעם גאַנצען מאַרק. אין דעם שטענדיקען נאַכלויפען נאָך נייע קונים, איז יעדער געצוואונגען געווען צו פאַרגרעסערען זיין קאַפּיטאַל. ווי גרויס דער אייגענער קאַפּיטאָל האָט געקענט זיין, איז ער דאָך אימער געווען צו קליין צו ליפערען גענוג פאַר אלע קונים אין מאַרק. עס פלעגט אלע מאָל נאָך בלייבען גענוג פּלאַץ אויסצובריימען זיך: איי וואָס דעם אנדערען פלעגט דאַדורך אויסקומען צו קורץ, טו ווער דאַגה'ט פאַר דעם אַנדערען? זינט אבער עס איז געוואָרען אוים קאָנקורענציע, האָט זיך דאָס אלץ איבערגעביטען: דער צוועק פון מאָנאָפּאָליע איז צו רעגולירען די ארבייט נאָך דעם באַדאַרף פון מאַרק, על כן קען דער טראָסט ניט אריינלייגען זיין רווח אין איינענעם געשעפט און איז געצוואונגען צו זוכען אַנאַנדער פעלד פאַר דעם אנגעקליבענעם פּראָפיט. אַף דעם אופן מוז זיך די מאָנאָפּאָליע פאַרשפּרייטען רק אַף נייע צווייגען פון געשעפט. א ביישפּיל קען מען זעהען אין דעם סטענדאַרט אויל טראָסט, וועלכער האָט אינטערעסען אין דעם שטאָל טראָסט, אין דעם זילבער טראָסט, אין דעם קופּער טראָסט, אין דעם טאַבאַק טראָסט א. אז. וו. דער צוקער טראַסט האָט נעהאַט 30,000,000 דאָלאַר אין גראָסערים, שטאַט־באַנען און אז. וו. אלזאָ.

**דורך די אונגעהייערע דיווידענדען ווערען מערערע טראַסטס ווייטער פאראייניקט אין די זעלביקע הענט.**

5

## דער געלט-טראַסט

יעדער קאַפּיטאַליסטישער געשעפט מוז האָבען אַ געוויסע סומע מזומנים צו קערעווען זיך. אַ חוץ דעם ווערט די מאַשינערי מיט דער צייט אָפּגעניצט און מען מוז איינריכטען נייע. אף דעם לעגט מען אוועק געוועהנטלאַך אַ געוויסען פּראָצענט פון ריוח און עס קלייבט זיך אָן ביסלאַכוויִיז ביז וואנען מען דאַרף עס אויסגעבען. נאַטירליך אין אַן ענטוויקעלטע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד קלייבט מען די געלט ניט ביי זיך, מען טראַגט עס אריין אין באַנק אף אַ קליינעם פּראָצענט. פון וואנען נעמט די באַנק צו צאָלען פּראָצענט? זי לייט אויס די געלט צו פאַרשידענע געשעפטס־לייט, וואָס דאַרפען געלט, אָדער זי קויפט אָן פּאַפּירען פון קאָרפּאָרעישאָנס (אַקציען־געזעלשאַפטען) וועלכע ברייגנען דיווידענדען, אָדער זי ספּעקולירט אף דער בירזשע (סטאַק־עקסטשענדזש).

ווען צענדליקע און הונדערטער קאַפּיטאַליסטישע געשעפטען ווערען פאראייניקט אין איין טראַסט, קלייבען זיך אָן אף זייער רעכענונג אין די באַנקען מיליאָנען דעפּאַזיטס. די טראַסטס ווערען דאַדורך די בעלי בתים פון די באַנקען.

דער צענטער פון דעם באַנק־געשעפט אין אַמעריקע איז אין ניו־יאָרק. דער צענטער פון אַלע טראַסטס איז אויך אין ניו־יאָרק*). דער סטענדאַרד אויל טראַסט איז דער בעל הבית פון אַ צענדליק באַנקען אין ניו־יאָרק, וואָס האָבען צוזאַמען עטלאַכע הונדערט מיליאָן דעפּאַזיטס.

דער קעניג פון די אַמעריקאַנער באַנקירען איז דזש. פּיערפּאָנט מאָרגאַן, ער איז דער הויפּט מאַכער פון דעם שטאָל־טראַסט, פון

---

*) פילע פון זיי זיינען כלומרשט אָרגאַניזירט אין ניו־דזשוירזי און האָבען קליינינקע אָפּיסלאַך אין דזשוירזי סיטי, אָבער זייערע הויפּט קאַנטאָרען זיינען אין ניו־יאָרק און זייערע געלט ליגט אין ניו־יאָרקער באַנקען.

פילע אייזענבאנען און אז. וו. ער האט זיין אייגענעם באנק געשעפט אין ניו־יארק מיט צווייגען אין פילאדעלפיע, לאנדאן און פאריז. און א חוץ דעם איז ער דער בעל הבית פון עטלאכע גרויסע ניו־יארקער באנקען. איינע פון זיי, די ערסטע, האט אנגעפאנגען מיט אן אייגענעם קאפיטאל פון א האלבען מיליאן דאלאר און א צייט מיט יארען פלעגט זי אויסצאלען צו אירע אקציאנערען 100 פראצענט דיווידענד יערלאך און א חוץ דעם האט זי אנגעקליבען א קאפיטאל פון 10,000,000 דאלאר. יעדע „שער“, וואס האט פון אנהויב געקאסט $100 איז מיט דער צייט געשטיגען ביז $4,500. דעמאלט האט מען פארגרעסערט דעם קאפיטאל ביז $10,000,000, דאס הייסט מען האט איבערגעביטען די אלטע „שערס“ אף נייע. די נייע זיינען באלד געשטיגען ביז $700 א שטיק. מארגאנס באנקען באטרעפען אויך א פאר הונדערט מיליאן דאלאר.

אז דער רייכטום פון דיזע באנקען הייננט אפ אין גאנצען פון די טראסטס, באווייזט די פאלגענדע רעכענונג: סוף 1900 האבען אלע ניו־יארקער באנקען צוזאמען געהאט אף 884,000,000 דאלאר דעפאזיטס, פון דער סומע איז 500,000,000 געלעגען אין אכט באנקען, וואס זיינען ענג פארבונדען מיט טראסטס. די דעפאזיטס אין די אכט באנקען האבען באטראפען אין 1900 דריי מאל אזוי פיל ווי אין 1896, ווערענד אין אלע איבעריקע באנקען זיינען די דעפאזיטס אנגעוואקסען אין דער זעלבער צייט סך הכל 50% און טאקע אין די פיר יאר גופא איז פארגעקומען די העכסטע ענטוויקלונג פון די טראסטס.

די באנקען זיינען די פירער אין יעדער „קאנסאלידיישאן“ (פאראייניקונגען פון קאמפאניעס אין א טראסט). געוועהנטלאך, אז מען מאכט א טראסט באקומט יעדער פאבריקאנט באצאלט אין שערס פון דעם טראסט. עס זיינען אבער פאראן אנדערע וואס אמפערען זיך און ווילען ניט ארייננעהן אין דעם טראסט. אזעלכע מוז מען אויסצאלען אין מזומנים זיי זאלען אפטרעטען. ווייטער באדארף דאך דער טראסט מזומן צו פירען דעם געשעפט. די געלט קריגט ער אין די באנקען, וועלכע נעמען זיך אן ארויסצולאזען די שערס אפ׳ן מארק. דאס איז א גלענצענדער געשעפט פאר די באנקען. זיי מאכען אן דעם א היבשע שטיק געלד. אבער מען בעדארף אף דעם א בארג מיט געלט: ווען עס האט זיך נעגרינדעט דער שטאל־

טראַסט האָט קארנעגי באקומען אויסגעצאָלט 100,000,000 דאָ־לאר אין מזומנים אין פיר צאָלונגען א חוץ באַנדס*).

אום צו קענען אויסלייען 100,000,000 דאָלאר, מוז מען האָ־בען גרויסע דעפּאָזיטס, — קיין באנק האָט ניט אזא קאפּיטאל איר אייגענס. געוועהנטלאך נעמען דאָס איבער עטלאכע באנ־קירען אין שותפות, מען רופט עס א „סינדיקאט“. אף דעם וועג קומען זיי נענטער צוזאמען און דאָס פירט ענדלאך צו א פאר־שמעלצונג פון איינצעלנע באנקען.

אין אמעריקע ווערט נאר א קליינער טייל געשעפטען געמאכט מיט מזומנ׳ע געלט. יעדער איינער, וואָס איז עפּעס א שטיקעל ביז־נעסמאַן, לעגט אריין זיין געלט אין באנק און צאָלט מיט טשעקס. אין דעם יאָר 1910 זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען טשעקס אין די פאראייניקטע שטאַטען אף $167,000,000,000, דאָס הייסט אף 54 מאָל אזוי פיל, ווי עס איז פאראן מזומנ׳ע געלט אין לאנד. דער־פון קענט איר שוין פארשטעהן די באדייטונג פון די באנקען אין א קאפּיטאליסטישע לאנד, ווי אמעריקע.

דער געשעפטס־מאַן, וואָס באקומט באצאָלט מיט א טשעק לעגט עס אריין אין זיין באנק, ס׳הייסט אף איינצוקאסירען. די באנק נעמט אלע טשעקס, וואָס קלייבען זיך ביי איר אָן פאר א טאָג און שיקט זיי אריין דעם זעלבען טאָג נאָך אין די „קלירינג־הויז“, אין אָפיס וואו אלע באנקען רע־כענען זיך אָפּ איינע מיט די אנדערע. דאָרטען לעגט מען פאַ־נאנדער אלע טשעקס און מען שיקט צוריק צו יעדער באנק די טשעקס וואָס זיינען אף איר ארויסגעגעבען געוואָרען פון אירע דעפּאָזיטאָרס. מען פירט א רעכענונג וויפיל יעדע באנק האָט ארויסגעשיקט טשעקס און ווי פיל זי האָט באקומען צוריק־גע־

*) באָנדס, אָדער אבליגאציעס ווי מען רופט זיי אין איוראָפּא, זיי־נען פּאַפּירען, וועלכע ברייגנען אַ באשטימטען פּראָצענט, צי די קאָמפּאַניע מאַכט פּראָפיטען, צי ניט. דערפאר אָבער זיינען זיי ניט בארעכטיקט צו קיין גרעסערען פּראָפיט ווי דער באַשטימטער פּראָצענט.

שיקט. פון צייט צו צייט רעכענט מען אויס דעם באלאנס וואָס יעדע דאַרף גוט מאכען.*)

הייגט וואָס איז א טשעק? אן אנווייזונג אף א באנק, אז זי זאָל צאָלען די סומע, וואָס איז אויסגעשטעלט אין דעם טשעק. דאָס איז אלזאָ א קרעדיט־געשעפט. דאָס הייסט אז דער גאַנ־צער געשעפט אין די פאראייניקטע שטאַטען איז אופגעבויט אף א סיסטעם פון קרעדיט**).

---

*) אין דער ניו־יאָרקער קלירינג הויז קערען זיך איבער אין א יאָר א ערך אף 100,000,000,000 דאָלאר טשעקס און וויניקער ווי 5% פון דער סומע מוז געדעקט ווערען ביי דער אָפּרעכענונג.

**) לאָמיר זאָגען איר זייט א ביזנעסמאַן און איר מאַכט גע־שעפטען נאָר אף מזומן'ע, איר קויפט נאָר אף מזומן'ע, איר זיינט קיינעם ניט שולדיק, און איר פארקויפט אייער סחורה אויך נאָר אף מזומן'ע, איר האָט אַלזאָ קיינע חובות ניט איינצומאָנען. עס ווייזט זיך אייך אויס, אז איר האָט מיט דעם קרעדיט־סיסטעם גאָרנישט וואָס צו טאָן. אין דער אמת'ן אָבער זייט איר פונקט אַזוי אָפּהענגיק פון דעם קרעדיט־סיסטעם, ווי יענער, וואָס פירט זיין געשעפט מיט געבאָרגטע געלט און פארקויפט זיין ווארע אף קרעדיט. איר האָט דעפּאָנירט אייער געלט אין א באַנק און איר צאָלט מיט טשעקס, דאָס הייסט איר האָט אַנטליען אייער געלט דער באַנק און איר צאָלט מיט א וועקסעל. זאָל די באַנק באַנקראָטירען, פארלירט איר אייער געלט און איר בלייבט א בעל־חוב צו יענעם וואָס האָט גענומען אייער טשעק אין צאלונג. און אף דעמזעלבען אופן, ווען איר נעמט אַ טשעק אין צאלונג, הייסט דאָס, אז איר טרויט אייער קונד און נעמט פון עם א וועקסעל. ער קען זיך זיין אויך א מענטש וואָס האַנדעלט נאָר אף מזומן'ע, אבער זאָל זיין באַנק אָפּשטעלען די צאלונגען קומט דער טשעק צו אייך צוריק. איר בלייבט א בעל־חוב אין אייער באַנק, וואו איר האָט דעם טשעק דעפּאזיטעט און דער קונד ווערט אייערער א בעל־חוב. דאָס האָט פּאסירט מיט א סך ביזנעס־לייט אין דער צייט פון דעם קריזיס אין 1907־1908.

עס זיינען פאראן אין די פאראייניקטע שטאטען נאהענט פון 25,000 באנקען און די דעפאזיטס אין די באנקען באטרעפען מער ווי $15,000,000,000, דאס הייסט יעדער דאלאר קערט זיך איבער אן ערך איין מאל אין 5 וואכען. די דעפאזיטס ווערען אויסגעליהען פון די באנקען אף הלוואות צו זייערע קליענטען. די הלוואות פון אלע באנקען באטרעפען צוזאמען אן ערך $13,000,000,000. שטעלט זיך זשע פאר, אז די באנקען זאלען ווען איינציהען אלע חובות, וואס עס קומט זיי, אדער די דעפאזיטארס זאלען אלע מיט אמאל ווען ציהען זייערע געלט, — דער גאנצער סיסטעם פון קרעדיט וואלט געדארפט איינפאלען ווי א קארטען־הויז. דער סיסטעם האלט זיך אין גלייכגעוויכט נאר דערפאר, ווייל דורכשניטלאך ווערט געצויגען נאר א געוויסער פראצענט פון די דעפאזיטס און צו דער זעלבער צייט ווערען אריינגעטראגען אנדערע דעפאזיטס, און דאס זעלבע איז אויך מיט די חובות, — איינער צאלט איין, דער אנדערער קריגט אן הלוואה, און זעהר אפט איז עס דער זעלבער בעל־חוב. זאל זיך ערגעץ אפשטעלען א רעדעל, מוז עס באלד זיך אפרופען אף דעם גאנצען מעכאניזם. דאס איז א פינאנציעלער קריזיס.

די באנקען זיינען היינט־צו־טאג פארבונדען איינע מיט די אנדערע. צוויי דריטעל פון אלע טשעקס ווערען אויסגעשטעלט אף די באנקען פון דער שטאט ניו־יארק. דאס הייסט, אז צוויי דריטעל פון אלע געשעפטען פון לאנד הענגען אפ פון די ניו־יארקער באנקען. די באנקען אין לאנד בארגען געלט אין די ניו־יארקער באנקען. ווען די ניו־יארקער באנקען באשרענקען דעם קרעדיט פון די באנקען אין לאנד, מוזען די דאזיקע באנקען אויך באשרענקען דעם קרעדיט פון זייערע קונדען. די גרעסטע באנקען אין ניו־יארק זיינען פארבונדען צווישען זיך דורך די ניו־יארקער „קלירינג־הויז". די אנדערע באנקען „קלירען" זייערע טשעקס דורך ערגעץ א באנק, וואס באלאנגט צו דער „קלירינג הויז". ענלאכע „קלירינג הייזער" עקזיסטירען אין די גרעסערע שטעט פון די פאראייניקטע שטאטען.

די קלירינג הויז האט א גרויסע מאכט איבער די באנקען, וואס זיינען אירע מיטגלידער: זי קען פארווערען א מיטגליד צו קלירען פאר אנאנדער באנק, וואס איז ניט קיין מיטגליד, זי קען אפילע ארויסווארפען א מיטגליד. און א באנק וואס קען ניט קלירען די טשעקס, וועלכע ווערען ביי איר דעפאזיטעט, און וואס אירע טשעקס

ווערען ניט אַנגענומען אין „קלירינג הויז" קען, נאַטירליך, ניט עקזיסטירען. אף דעם אופן קענען די גרעסערע באנקען באשרענקען דעם גרינדען פון נייע באנקען און רואינירען א באנק, ווען עס לוינט זיך פאר זיי.

דאָס וואָלט־שוין אליין געווען אן אונגעהייערע מאכט. די ענטוויקעלונג פון די טראַסטס האָט נאָך דערצו געשטעלט די קלירינג־הייזער אונטער דער קאָנטראָלע פון די טראַסטס. יעדער געשעפט האָט היינטיקע צייט א געוויסע סומע מזומנים אף צו קערעווען זיך, — מען דאַרף צאָלען געהאלט, מען דאַרף צאָלען דיווידענדען, און דערגלייכען. פון דער אנדער זייט לייזט מען געלט אין געשעפט. היינט־צו־טאָג ווערט דאָס אלץ געטאָן דורך טשעקס.

אין דער אַמעריקאנער בוכהאלטונג ווערען טשעקס גערעכענט פאר מזומן. א טראַסט וואָס האָט שטענדיק עטלאכע מיליאָן דאָלאר מזומנים, דאַרף צו קיין פרעמדער לאסקע ניט אַנקומען: ער קען גרינדען אן אייגענע באנק. די טראַסטס זיינען ווידער ענג פארבונדען צווישען זיך, עטלאכע טראַסטס דעפּאזיטען געוועהנטלאך זייערע געלט אין דערזעלבער באנק. אף דעם אופן האָבען זיך אויסגעבילדעט עטלאכע „קייטען" באנקען, וואָס ווערען קאָנטראָלירט פון געוויסע קליקעס טראַסט־מאַגנאַטען. עס זיינען פאראַן מארגאנס באנקען, סטענדארד אויל באנקען און דערגלייכען. דיזע באנקען, נאַטירליך, ערוועהלען זייערע פארטרעטער אין די קלירינג־הויז קאָמיטע — די קאָמיטע באשטעהט פון פינף מיטגלידער. אף דעם אופן באהערשען די טראַסטס דעם גאַנצען אמעריקאַנער באנקגעשעפט. זיי קענען רואינירען יעדען געשעפטס־מאַן, זיין געשעפט מעג זיך זיין גאַנץ סאליד*).

אין דער צייט פון דער אונטערזוכונג, וואָס דער קאָנגרעס האָט אַנגעפירט איבער דעם געלט־טראַסט, איז פּראָפעסאר לאפלין פון

*) אַ ביישפּיל האָט איר מיט דעם זשורנאל „וואן־נאָרדען'ס מאגאזין", דאָס איז געווען אַ פּראָגרעסיווער זשורנאל, וואָס האָט געמאַכט אויסגעצייכענטע געשעפטען, אָבער ער האָט אָנגעגריפען געוויסע טראָסטס. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מען האָט עם ענטזאגט קרעדיט אין אַלע באַנקען, אפילע אף די זיכערסטע משכנות און נאָך אַ קורצען קאמף האָט דער זשורנאל באַנקראָטירט.

דעם שיקאגער אוניווערסיטעט, וואָס ווערט געהאַלטען פאַר אַ גרויסען קענער אין דער געלט־פראַגע, ארויסגעטראָטען מיט אַן ערקלערונג, אַז קיין געלט־טראַסט איז ניטאָ און קען ניט זיין. עס איז אמת, מען קען ניט אנטאַפּען ערגעץ אַ באַנק און זאָגען: אָט דאָס איז דער געלט־טראַסט, — ווי מען קען זאָגען, למשל, אַז די סטענדארד אויל קאָמפּאַני איז אַ טראַסט. דער געלט־טראַסט איז אַ פאַראייניקונג פון געוויסע אינטערעסען, וואָס קאָנטראָלירען די וויכטיקסטע באַנקען און דורך די מאַכט, וואָס זיי האָבען איבער דעם גאַנצען קרעדיט־סיסטעם פון לאַנד, באַהערשען זיי די אינדוסטרי. וואָס הענגט אָפּ פון דעם קרעדיט.

לאָמיר אייך איצטער געבען עטלאַכע צאָלען, וואָס וועלען אייך ווייזען, ווי גרויס עס איז די מאַכט פון דעם געלט־טראַסט.

די אונטערזוכונגס־קאָמיטע פון קאָנגרעס האָט אויסגערעכענט וויפיל עס פאַרמאָגען צוזאַמען אכצען פון די גרעסטע באַנקען און פינאַנסיסטען אין אמעריקע, וואָס זיינען ענג פארבונדען צווישען זיך. דאָ זיינען אריינגערעכנט מארגאַן, די נאַשאָנאַל סיטי באַנק, (די גרעסטע באַנק פון דעם סטענדארד אויל טראַסט), קוהן, לויב ענד קאָמפּאַניע (דזשייקאָב שיפ'ס פירמע) און עטלאַכע אַנדערע. עס ווייזט זיך אויס, אַז זייערע דעפּאָזיטס באַטרעפען צוזאַמען נאָהענט פון $3,000,000,000, דאָס הייסט אַ פינפט־חלק פון אַלע דעפּאָזיטס אין אַלע באַנקען אין אמעריקע. חוץ דעם האָבען זיי נאָך אָף $1,000,000,000 פאַרמעגען. הייגט איז די פראַגע, וואָס טוען זיי מיט די געלט? אַ היבשער טייל פון דער סומע ליגט אין פּאַפּירען פון פאַרשידענע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

ווען אַ גרויסע באַנק־פירמע האַלט די „סטאָקס“ (אקציעס) פון ערגעץ אַן אייזענבאַן, אָדער פון אַ גאַז קאָמפּאַני, אָדער איז אַנאַנדער קאָרפּאָרעישאַן, טו קענט איר זיין זיכער, אַז אירער אַ פּאַרטנער ווערט זיין אַ דירעקטאָר אין דער קאָרפּאָרעישאַן. דאָס גיט די מעגלאַכקייט אַ קליקע געלט־מאַגנאַטען צו ווערען די בעלי־הבתים איבער דער גאַנצער קאָרפּאָרעישאַן.

די אכצען באַנק־הייזער, וואָס איך האָב דערמאָנט פריהער, האַלטען אָף דעם אופן אין זייערע הענט אַלערליי געשעפטען מיט אַ קאַפּיטאַל פון $25,000,000,000. אַ העלפט דערפון זיינען אייז־

זענבאנען: עס קומען אהער אריין צוויי דריטעל פון דער גאנצער לענג פון אלע אמעריקאנער אייזענבאנען. ווייטער קומען עקספּרעס־קאָמפּאַניעס, טראָסטס און עלעקטרישע קאָמפּאַניעס און אז. וו.

„טהאַטזעכליך, זיינען די ניו־יאָרקער באַנקען א טראָסט וואָס שטיצט זיך אַף די סטענדארט אויל קאָמפּאַניע", — האָט פּראָפּעסאר קאמאנז געזאָגט אין 1899 ביי א קאָנפערענץ וועגען די טראָסטס אין שיקאַגאָ. „מיט דער הילף פון דעם באנק־טראָסט פארשלינגט זי אנדערע געשעפטען. צוליב דער באנק־מאָנאָפּאָליע סטאַרעוועט זיך יעדע קאָרפּאָרעישאָן צו קריגען א דירעקטאָר וואָס באַלאַנגט צו דער זעלבער צייט צו דער סטענדארט אויל קאָמפּאַני. אַזאַ דירעקטאָר האָט איינער אליין א גרעסערע דעה פאר אלע איבעריקע דירעקטאָרען. זיי ווייסען, אז ער האָט די בייטש אין האנט: פון עם הייננט אָפּ זייער קרעדיט, וועלכער איז פאר זיי אַזוי נויטיק, ווי דער אָטעם, אָדער נאָך בעסער, פון עם הייננט אָפּ דער קרעדיט פון זייערע קאָנקורענטען. עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, אז אנוסטען האָט אַן אונאָבהענגיקער טאַבאַק־פאַבריקאַנט ניט געקענט קריגען געבאָרגט געלט אין ניו־יאָרק אפילע אַף רעגירונגס־באנדס, און איז געווען געצוואונגען צו פארקויפען זיינע פאבריקען צום טאַבאַק־טראָסט. צווישען די דירעקטאָרס פון דעם טאַבאַק־טראָסט איז פאַראַן איינער וואָס באלאַנגט צו דער סטענדארד אויל קאָמפּאַני, דאדורך זיינען אלע ניו־יאָרקער באַנקען געווען פארשלאָסען פאר דעם פאבריקאנט. ביז דאַנען איז ער נאָך אים־שטאַנד געווען צו קאָנקורירען מיט'ן טאַבאַק־טראָסט, אָבער, אז ער האָט זיך „אנגעשטויסען" אַפ'ן באנק־טראָסט, איז ער געגאַנגען צו גרונד.

א העלפט פון די דעפּאָזיטס פון די גרויסע ניו־יאָרקער באַנקען ווערט אויסגעליהען צו בראָוקערס (מעקלערס) אַף צו שפּילען אַף דער בירזשע. (אַף דעם סטאָק־עקסטשענדזש). דאָס רופט מען אַף ענגליש „קאָל מאָני", ס'הייסט, אז דער בראָקער מוז איינצאָלען צו יעדער צייט ווען די באנק פארלאַנגט. פאר א משכן לענט ער אריין פּאַפּירען, וואָס ווערען אָנגענומען אַף דעם סטאָק־עקסטשענדזש. אַף אַזעלכע הלוואות קריגען די באַנקען גוטע פּראָצענטען, געוועהנטלאָך ניט ווייניקער ווי 6%, אָבער ווען עס איז זעהר ענג אין געלט שטייגט דער צינז אמאָל ביז 100%.

ווי איר זעט, איז דאָס פאר די באנקען א **גאנץ גוטער** געשעפט.

די באנקען אין די קלענערע שטעט, וואו עס איז ניטאָ קיין בירזשע, זוכען אויך צו פּראָפּיטירען דערפון. לויט דעם געזעץ, מוז יעדע נעשאָנאל בענק האלטען אין דער קאסע 25% פון אירע דעפּאזיטס, אָבער זי מעג זיי ווידער דעפּאָנירען אין נעישאָנאל באנקען אין ניו־יאָרק, שיקאגא און סענט־לואיס. א דעפּאזיט קען מען צו יעדער צייט ארויסציהען, ווען מען האט נויטיק די געלט. נו, טו שיקען די פּראָווינציעלע באנקען אָט די דעפּאזיטס אין די ניו־יאָרקער באנקען ספּעציעל אף אויסצולייען „אן קאָל“. פּאקטיש אלזא האלטען זיי אין דער קאסע ווייניקער ווי 10% פון זייערע דעפּאזיטס, די איבעריקע 15% פון דעם פארזיכערונגס־פאָנד. וואָס דער געזעץ פארלאנגט, ווערט באנוצט אף צו ספּעקולירען אף דער בירזשע.

היינט, לאָמיר באטראכטען, וואָס זיינען אייגענטלאך די דעפּאזיטס אין די באנקען. ווי געזאָגט דארף יעדער געשעפטסמאן האָבען מזומן'ע געלט, מיט וואָס צו קערעווען זיך. לעגט ער עס אריין אין באנק און שטעלט ארויס טשעקס געגען די דעפּאזיטס. דאָס איז, וואָס מען רופט אין דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט, „צירקולירענדער קאפּיטאל“. עס איז נאָך פאראן חוץ דעם „פיקסער קאפיטאל“, — דאָס איז דער קאפּיטאל, וואָס ליגט אין הייזער, אין מאשינען און דערגלייכען, און איז פארבונדען אף א צייט מיט יאָרען. דער פיקסער קאפּיטאל מוז אויך צוריק־קומען צום קאָפּיטאָליסט, וואָרים א מאָשין איז דאָך ניט אייביק, זי ווערט אַלט און צום סוף דאָרף מען זי אַרויסוואַרפען. ווען דער פאבריקאנט פארקויפט זיין סחורה, מוז ער אריינרעכענען א געוויסען פּראצענט פאר דעם אָפּניצען פון זיין פיקסען קאפּיטאל. די געלט טראָגט ער אוועק אין באנק ביז ער וועט זי דאַרפען. היינט, ווען אָט די אלערליי געלטען ווערען אויסגעבארגט אף משכנות און ווערען באנוצט אף ספּעקולאציעס, טו ווערט דער צירקולירענדער קאפּיטאל פארוואנדעלט אין פיקסען קאפּיטאל, וואָס מען קען ניט האָבען צו יעדער צייט, סיידען ווען מען פאָדערט די חובות זאָלען איינגעצאָלט ווערען אפ'ן שטעל. עס פעלט אלזאָ אויס געלט און עס ווערט א יקרות אף געלט. א סך פאר'משכנ'טע פּאפּירען מוזען תיכף פארקויפט

**ווערען, און דאס פירט, נאטירליך, דערצו, אז דער קורס זייערער פאלט.**

די ניו־יארקער „טיימז" האט אויסגערעכענט, אז אין דעם יאר 1907 איז דער ווערט פון די פאפירען, וואס צירקולירען אף דעם סטאק־עקסטשיינדזש, געפאלען אף 3,000,000,000$. איר קענט זיך פארשטעלען, וואס פאר אן ענגשאפט אזא פארלוסט האט גע־שאפען. די בערזיאנער (ווי דער טייטש זאגט) האבען זיך דער־מאלט אזוי פארספעקולירט, אז פון דעם מאנאט מארט איז שוין געווען ענג אין געלט. ווען איך זאג איך האט פארספעקולירט, זוייסט איר דאך נאך אייגענטלאך נים, וואס דאס מיינט, — וועל איך אייך געבען א ביישפיל. דעם פופצעטען מארט האט מען פארקויפט מער שערם פון דעם קופער טראסט איידער עס האבען אין גאנצען עקזיסטירט, דאס הייסט, אז איין העלפט פון דעם גאנצען קאפיטאל איז אין יענע טעג אי־בערגעגאנגען פון איינע הענט אין די צווייטע, און, די אנדערע העלפט האט דעם זעלביקען קונץ געמאכט צוויי מאל אין איין טאג, איידער די ספעקולאציע האט זיך צוהיצט, פלעגט מען פארקויפען אף דער ניו־יארקער בירזשע, דורכשניטליך א וואך פון 2,000,000 ביז 3,500,000 שערס*). אין די ערסטע צוויי וואכען פון מארט האט מען פארקויפט שערס אף 1,800,000,000$, דאס הייסט 9,000,000 שערס א וואך. עס מאכט אוים דריי־פיר מאל אזוי פיל ווי אין געוועגלאכע צייטען.

ווי געזאגט, האט געמוזט ווערען ענג אין געלט. צו דער אמע־ריקאנער געלט־טראסט האט אונטער אזעלכע אומשטענדען געהאט די קראפט צו פארהיטען א צוזאמענפאל פון דער פינאנציעלער קארטען־הויז, וועגען דעם זיינען די מיינונגען צוטיילט. איין זאך איז אבער זיכער, און דער טראסט האט אויסגענוצט די לאגע צו שאפען א פאניקע, כדי צו פראפיטירען פון די זינקענדע פרייזען.

עס האט זיך אנגעהויבען פון א מלחמה, וואס די הערשענדע פינאנציעלע אינטערעסען האבען אנגעפירט געגען דעם קעניג פון

*) דער פרייז וואס איז אויסגעשטעלט אף א שער, איז געווענהנ־לאך הונדערט דאלאר, אבער דער קורס בייט זיך נאטירליך.

דעם אייז־טראַסט, דעם באַנקיר מאָרס, וואָס איז שפּעטער פאַר־משפּט געוואָרען צו געפענגנים און איז נאָך אַ פּאָר יאָר זיצען באַ־גנאַדיגט געוואָרען פון פּרעזידענט טאַפט. מיינט אבער ניט, אַז די מלחמה איז געפירט געוואָרען דערפאַר, וואָס ער האָט באַגאַנגען גרעסערע עבירות ווי די אנדערע באַנדע. עס האָט זיך פּשוט געהאַנ־דעלט אום צו רואינירען אַ קאָנקורענט אין געשעפט, וואָס האָט גע־האַט די העזה ניט צו בוקען זיך פאַר דער מאַכט פון די גרעסערע מאָנאַרכען און האָט געהאָלפען מיט די פינאַנסען פון זיינע באַנקען די קאָנקורענטען פון זייערע טראַסטס. איין פרימאָרגען, ענדע אָק־טאָבער 1907 האָט די קאָמיטע פון דער ניו־יאָרקער קלירינג־הויז אַרויסגעגעבען אַן אוקאַז, אַז קיינע טשעקס פון דער ניקערבאָקער טראַסט קאָמפּאַני זאָלען ניט אָנגענומען ווערען אין דער קלירינג הויז. די ניקערבאָקער טראַסט קאָמפּאַני איז געווען איינע פון די גרעסטע באַנקען, זי האָט געהאַט דעפּאָזיטס אויף צענדליקע מיליאָ־נען דאָלאַרס. טויזענטער געשעפטען זיינען אָפּהענגיק געווען פון איר, צענדליקער טויזענטער אַרבייטער האָבען געמאַכט אַ לעבען, אַרבייטענדיק אין יענע געשעפטען. אבער דער גרעסטער מאָכער אין יענער באַנק איז געווען מאָרס, אַלזאָ, צו געבען אַ קלאַפּ מאָרס'ן האָט מען דערלאַנגט אַ קלאַפּ די צענדליקע טויזענטער אונ־שולדיקע מענטשען, וואָס זיינען געווען דירעקט אָדער אינדירעקט פאַרבונדען מיט זיין באַנק. וואָרים איר פאַרשטעהט דאָך, אַז ווען מען האָט ביי דער באַנק אָוועקגענומען די מעגלאַכקייט אויסצו־גלייכען אירע רעכענונגען, דאָס הייסט, פירען געשעפטען מיט אַנ־דערע באַנקען, האָט זי געמוזט שליסען אירע טירען און אָנמאַכען אַ שטערונג אין די געשעפטען פון אַלע אירע קליענטען. מיינט איר אפשר די באַנק איז געווען באַנקראָט? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. ווען זי האָט אין עטלאַכע חדשים אַרום אָפּגעוויקעלט אירע געשעפ־טען דורך די קאָורטס, האָט יעדער איינער, וואָס האָט מיט איר געהאַט וועלכע־עס־איז געשעפטען, געקראָגען באַצאָלט יעדען סענט. וואָס עס האָט עס געקומט, און עס האָט זיך נאָך אָפּגעשטעלט אַזאַ גרויסער פּראָפיט, אַז אַנאַנדער באַנק, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער דערשענדער קליקע, די קאָלאָמביאַ טראַסט קאָמפּאַני, האָט זיך פאַר־שמאָלצען מיט דער ניקערבאָקער אין איין נייער קאָמפּאַני, די קאָ־לאָמביאַ־ניקערבאָקער טראַסט קאָמפּאַני.

געוועהנטלאַך, דער עולם האָט בשעת מעשה ניט געוואוסט,

וואָס עס טוט זיך הינטער דעם פאָרהאַנג, אין דער קדשי קדשים פון דער קלירינג־הויז: אַז מען האָט דערהערט, אַז אַזאַ קאָלאָסאַלע באַנק ווי די ניקערבאָקער האָט געשלאָסען די טירען, האָט מען געגלויבט, אַז זי איז באַנקראָט, און עס איז געוואָרען אַ טומעל. מען האָט גענומען לויפען נאָך דעפּאָזיטס אין אַנדערע באַנקען, יעדער פאַרשטעהט, אַז ווען אַלע דעפּאָזיטאָרס זאָלען מיט אמאָל קומען אין אַ באַנק און פאַרלאַנגען זייער געלט, מוז די ראַיעלסטע באַנק פאַלען. אום אויסצוהעלפען די באַנקען, האָט די קלירינג־הויז ארויסגעגעבען „לאָאַן סאַרטיפיקייטס", דאָס הייסט, הלוואות צו געקליבענע באַנקען. אָבער דערמיט האָט זי געקראַגען אַ בייטש אין אירע הענט געגען יענע באַנקען. וואָס די חברה האָט אָפּגעטאָן קענט איר זעהען קלאָר פון דער געשיכטע מיט דער אָריענטאַל באַנק, וואָס האָט געהאַט אַ סך אידישע דעפּאָזיטאָרס. די אָריענטאַל באַנק איז נעווען אַ יחסנ'טע אַ מיטגליד פון דער קלירינג־הויז. זי האָט געקלירט פאַר עטלאַכע קלענערע באַנקען. מיט אַ פּאָר טעג פאַר דער פּאַניקע האָט די קלירינג הויז קאָמיטע איר געהייסען, זי זאָל מער ניט קלירען פאַר די קלענערע באַנקען. זי האָט פּראָטעסטירט דאַגעגען און האָט געפאָדערט אַז די קאָמיטע זאָל שיקען ספּעציאַליסטען בוכהאַלטערס, צו אונטערזוכען אירע געשעפטען. די אונטערזוכער זיינען געקומען און האָבען געפונען די געשעפטען פון דער אָריענטאַל אין דער בעסטער אָרדענונג. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען. דער אוקאַז איז געבליבען. און די אָריענטאַל האָט געמוזט אופהערען אַנצונעמען די טשעקס פון די באַנקען, מיט וועלכע זי האָט יאָרענלאַנג געהאַנדעלט.

דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז יענע באַנקען האָבען געמוזט שליסען זייערע געשעפטען און די אָריענטאַל האָט זיי געמוזט אומקערען זייערע דעפּאָזיטס. איצטער איז שוין די אָריענטאַל אליין געוואָרען ענג אין געלט, און זי האָט געמוזט באָרגען ביי דער קלירינג הויז $2,500,000 אין לאָאַן־סערטיפיקייטס. מיט צוויי מאָנאַט שפּעטער האָט די קלירינג הויז אריינגעשיקט אַ פאָדערונג צו דער אָריענטאַל זי זאָל אָפּ'ן שטעל באַצאָלען די $2,500,000. דאָס הייסט פּשוט, די קלירינג הויז קאָמיטע האָט פאַראורטיילט די אָריענטאַל באַנק צום טויט. די אָריענטאַל באַנק האָט געשלאָסען אירע געשעפטען. ווען אירע געשעפטען זיינען אָפּגעוויקעלט געוואָרען האָבען אירע דעפּאָזיטאָרס געקראָגען יעדען סענט, וואָס עס

האָט זיי געקומט. די סטאָק־האָלדערס האָבען געקראָגען צוריק זייער קאַפּיטאַל נאָך מיט אַ היפּשען פּראָפיט, חוץ דעם וואָס די מעטראָ־פּאָליטאַן טראַסט קאָמפּאַני האָט געמאַכט $400,000 קאָמיסיאָנע פון ליקווידירען די געשעפטען פון דער אָריענטאַל.

עס איז ניט געווען אַזוי ווי אין די אַמאָליקע קריזיסען, ווען די באַנקען האָבען ווירקליך באַנקראָטירט. ניין, די באַנקען וואָס זיינען געשלאָסען געוואָרען זיינען מיט אַ פּאָר אויסנאַמען געווען גאַנץ סאָ־ליד. די טראַסט קאָמפּאַני אָוו אַמעריקאַ, למשל, האָט פאַרקויפט איר גאַנצען סטאָק, דאָס הייסט, איר גאַנצען קאַפּיטאַל צו דער עק־וויטייבעל אינשורענס קאָמפּאַני צו $275 פאַר יעדע $100, — דאָס רופט מען ניט באַנקראָט? און פונדעסטוועגען האָט זי געמוזט אַפּטרעטען פון וועג, ווייל די עקוויטייבעל, אַ גובערניע אין מאָר־גאַנ'ס מדינה האָט געדאַרפט די קונדען פון דער טראַסט קאָמפּאַני אָוו אַמעריקאַ אין איר אייגענעם געשעפט.

דער קיצור איז, אַז דורך די פּאַניקע איז דער באַנק־געשעפט נאָך מער קאָנצענטרירט געוואָרען אין די לאַפּעס פון דעם געלט־טראַסט.

די אונטערזוכונג פון קאָנגרעס האָט קלאָר געמאַכט פאַר דעם גרויסען עולם דאָס, וואָס פאַך־לייט האָבען שוין לאַנג געוואוסט, נעמלאָך, אַז פינף מאַן פון דער קלירינג הויז קאָמיטע, וואָס רעפּ־רעזענטירען די אינטערעסען פון דער מאָרגאַן־ראָקעפעלער פינאַנץ־קליקע, האָבען אַ סאַמאָדערזשאַווניע מאַכט איבער דעם גאַנצען אַמעריקאַנעם געלט־סיסטעם.

די פאַראייניקונג פון די באַנקען, וועלכע האַלט אין אירע הענט אַלע פאַרבינדונגען פון דעם געלט און קרעדיט געשעפט ווערט די הויפּט מאַכט אין דער גאַנצער פאָלקס־ווירטשאַפט.

## 6.

## די ממשלה איבער די טראַסטס.

מיר האָבען געזעהען ווי עס בילדען זיך טראַסטס אין יעדען צווייג פון געשעפט און ווי יעדער טראַסט סטאַרעט זיך צו פאַר־

אייניקען פארשידענע צווייגען פון געשעפט, וועלכע האבען זיך פריהער געפירט באזונדער: קוילען-גרובען, מעטאל-גרובען, אייזענבאנען, שיפען, אלערליי פאבריקעם און אז. וו. דאס איז אבער נאך ניט דער סוף. אין דער ווירקליכקייט זיינען אלע טראסטס ווייטער פאראייניקט אין די הענט פון א קליינער צאל מאגנאטען פון קאפיטאל.

דער רעדאקטאר פון אן אמעריקאנער אייזענבאן-צייטונג האט אויסגערעכענט אין 1902 אין וואס פאר א געשעפטען די זעלביקע פערזאנען זיינען געוועזן אנגעשטעלט פאר דירעקטארען. עס ווייזט זיך אויס אזוי:

| געשעפטען: | צאל: | קאפיטאל (דאלארס): |
|---|---|---|
| באנקען — — — — — — — — | 30 | 158,000,000 |
| אינשורענס קאמפאניעס — — — — | 6 | 836,000,000 |
| טראסטס — — — — — — — — — | 10 | 1,862,000,000 |
| אייזענבאנען — — — — — — — | 42 | 6,192,000,000 |
| צוזאמען — | 88 | 9,048,000,000 |

לעגט נאך צו אהער די דעפאזיטס אין די באנקען, קומט אויס צוזאמען $10,000,000,000, און איבער די סומע האבען די זעלביקע 15 פערזאנען א דעה. אהער קומען אריין מער ווי א העלפט פון די ליניעס פון אלע אייזענבאנען, אלע וויכטיקסטע ניו-יארקער באנקען, די וויכטיקערע לעבענס-פארזיכערונגס-קאמפאניעס, די ניו-יארק, די עקוויטייבעל און די מיוטשעל, איינע פון די צוויי אמעריקאנער טעלעגראף קאמפאניעס, דער סטענדארד אויל טראסט, דער שאל טראסט און דער קופער טראסט.

די דירעקטארען ווערען געוועהלט מיט א מאיאריטעט פון דעם קאפיטאל, וואס איז פארטראטען ביי דער יערלאכער פארזאמלונג. די מאיאריטעט ווערט גערעכענט ניט נאך די פערזאנען, אבער נאך די איינגעלעגטע געלט נאך. אין דער פראקטיקע אבער דארפען זיי גאר ניט האבען קיין מאיאריטעט פון דעם איינגעלעגטען

קאפיטאל, וואָרים די הונדערטער טויזענטער קליינע סטאק־האָל־דערס, וואָס האָבען יעדערער אף אָ פּאָר צענדליק טויזענט דאָלאר סטאקס אין אַ גרויסען טראָסט האָבען פּאקטיש גאָר קיין דעה ניט אין דער געשעפטס־פירונג פון דעם טראָסט.

אפ׳ן פּאַפּיר איז אלצדינג זעהר דעמאָקראַטיש: יעדער סטאק־האָלדער, וואָס וואָהנט ערגעץ אין אריזאָנא און האָט אף אַ פּאָר טויזענט דאָלאר סטאקס אין אַ קאָרפּאָרעישאן מעג זיך דורכ־פּאָרען איין מאָל אין יאָר קיין ניו־יאָרק צו שטימען ביי אַ וואהל פון דירעקטאָרס, אבער, נאַטירליך, ווער וועט עס טאָן? ווען ער זאָל קומען צו דער וואָל, טו וואָס פאר אַ ווערדע וועט זיין שטימע האָבען געגען די מיליאָנען פון די געלט־מאַגנאַטען? די שטימען ווערען גערעכענט לויט די צאָל שערס, (חלקים). ווען די קליינע סטאק־האָלדערס וואָלטען זיך געקענט פאראייניקען און אָרגאניזי־רען, וואָלטען זיי אפשר געקענט אויסקלייבען אייגענע דירעקטאָרען. אָבער זיי זיינען צושאָטען איבער דער גאנצער וועלט און קענען איינער דעם אנדערען ניט. אלזאָ זיי שטימען פּשוט ניט. א גוטער ביישפּיל איז די קאָנסאָלידעיטעט געז קאָמפּאני, אין דער שטאָט ניו־יאָרק, דאָס הייסט, דער גאז און עלעקטרישער טראָסט.

אין אַ באריכט, וואָס איז פארעפענטליכט געוואָרען פון דער פּאָבליק סערווים קאָמישאן מיט עטלאכע יאָר צוריק, געפינט איר, אז פון איבער 4,000 סטאקהאָלדערס האָבען כמעט אַ העלפט אין גאנצען ניט געשטימט. יעדער איינער פון זיי האָט דורכשניטלאך געהאט 123 שערס, דאָס באטרעפט $12,300. פּערזענליך האָבען געשטימט די אייגענטימער פון 1½ פּראָצענט פון אלע שערס. די איבעריקע האָבען ארויסגעגעבען „פּראָקסים" (דאָס הייסט א דאָוועריִנאסט) צו איין איינציקען מאַן, ער זאָל זיי פארטרעטען ביי די וואַלען. איר וועט פרעגען: פון וואַנען נעמט זיך אזא צו־טרויען פון אַ פּאָר טויזענט מענטשען צו איין מאַן? עס איז זעהר פּראָסט. פאר יעדער וואהל שיקט ארוים די באָארד אָוו דירעק־טאָרס צו אלע סטאק־האָלדערס פּראָקסים, וואָס זיינען שוין ארויסגעשטעלט אף דעם נאָמען פון ערגעץ א דירעקטאר. דער סטאק־האָלדער דאַרף נאָר געבען זיין אונטערשריפט. געוועהנטלאך שרייבט ער אונטער, אָדער ער וואַרפט עס אריין אין קאָרב. צי אזוי, צי אזוי, האָבען די דירעקטאָרס א מאָיאָריטעט.

ווען עס וואלטען זיך געפונען אזעלכע עקשנים, וואס וואלטען זיך ארגאניזירט און געשיקט אייגענע קאנדידאטען, וואס געפינען זיך ניט אף דעם אפיציעלען שטימצעטעל, דאן וואלט עפעס מער ווי א דריטעל פון דעם גאנצען קאפיטאל געוועזן גענוג צו קאנטראלירען א וואהל. אבער איר מוזט ניט פארגעסען, אז א גרויסער טייל פון אלע שערס ווערען געקויפט נאר צוליב ספעקולאציע: ניט מער ווי 8% פון אלע שערס, וואס ווערען געקויפט, ווערען אנגעמעלדעט אין די ביכער פון די קארפארעישאנס, די איבעריקע 92% ווערען געקויפט אף צו ספעקולירען און ווערען פארקויפט, ווען דער פרייז שטייגט: ווען איינער האלט די סטאקס פון א קארפארעישאן נאר אום זיי צו פארקויפען, ווען סע וועט זיך עס לוינען, טו וואס הארט עס עם ווער עס וועט פאר עם שטימען?

אלזא אף דעם אופן האבען א פאר הונדערט קאפיטאליסטען די גאנצע דעה איבער טויזענטער מיליאנען קאפיטאל. אזוי ווייט האבען שוין די קאפיטאליסטען געמאכט יד אחת.

עס איז אינטערעסאנט צו הערען, וואס קאפיטאליסטען אליין קלערען פון דעם. אט וואס די ניו־יארקער „דזשוירנאל אף קאמערס“ האט געשריבען אין 1899, גאר אין אנפאנג פון דער עפאכע פון טראסט:

„דאס איז די גרעסטע פון אלע רעוואלוציעס וואס זיינען באקאנט אין דער געשיכטע פון דער וועלט־אינדוסטרי. עס איז א וואונדער ווי פלוצלונג זי איז געקומען און ווי ווייט זי האט זיך פארשפרייט. זי האט איבערגעקעהרט אלצדינג וואס די געלערנטע עקאנאמיסטען האבען ביז היינט געהאלטען פאר זעלבסט־פארשטענדליך. דאס הייסט א סוף פון פרייען האנדעל צווישען פאבריקאנטען און סוחרים. פאר יעדע אינדוסטרי איז באשאפען געווארען אן ארגאניזאציע וועלכע צווינגט אלעמען איר צו פאלגען.

„די גאנצע אינדוסטרי איז איינגעריכט ווי א רייהע פון מלוכות, יעדער צווייג איז א באזונדערע מלוכה און אלע צוזאמען האבען זיי די מאכט פון א קיסר איבער דעם געשעפט פון לאנד.

„איידער דאס איז געשעהען, וואלט קיינער ניט געגלויבט אז אונדזערע סאלידערע און געניטערע קאפיטאליסטען זאלען מאכען אזא שפרונג אין דער פינסטער. אבער עס איז איצטער א פאקט. אונדזער גאנצער קאפיטאליסטישער סיסטעם שטעהט איצט אויף א מאנאפאליסטישען פונדאמענט“.

אין אנדער קאפיטאליסטישער זשורנאל האט מיט צוויי יאר שפעטער געשריבען דאס פאלגענדע:

„די פארברייטונג פון מאנאפאליע איז די מעכטיקסטע ערשיינונג פון אונדזער צייט. עס איז נאך ווייט ניט דער סוף. עס הויבט זיך נאר אקארסט אן. אלץ וואס מען האט ביז איצטער געטאן איר צו באשרענקען, האט איר נאך געהאלפען, ווייטער צו וואקסען".

7.

## די טראסטס און דער מארק.

די געגנער פון טראסטס לייקענען אפ, אז דער וואוקס פון „קאמביניישאנס" און מאנאפאליעס איז א נאטירליכער. נאך זייער מיינונג נאך, קומט אויס, אז די טראסטס וואקסען נאר צוליב דעם וואס דער געזעץ געגען זיי איז ניט שטרענג גענוג, און וואס די רעגירונג פירט אפילו די געזעצע ניט אויס וואס זיינען יע פאראן.

דער עיקר אבער איז די פראגע: צי קענען די טראסטס פארקויפען וועלוועלער פון זייערע קאנקורענטען, צי ניט?

„קאמביניישאן" הויבט זיך אן פון האנדעל. נעמט אזא פאראייניגונג וואו מען באשרענקט זיך סך הכל מיט דערמיט, וואס מען צוטיילט צווישען זיך דעם מארק און יעדער באקומט צוגעטיילט א באזונדערען דיסטריקט וואו קיין אנדערער טאר זיך ניט מישען. שוין דערמיט אליין שפארט מען אין פראכט. אנשטאט צו שיקען ווארע פון איין עק וועלט אין דעם אנדערען, קען יעדער פאבריקאנט רוהיק שיקען זיין ווארע אויפ'ן נאהענטסטען מארק. אף אנדערע סארטען סחורה מאכט דאס אויס א היבשע ביסל. למשל, איידער עס האט זיך געגרינדעט דער ביר־טראסט אין שטאט קליוולענד, פלעגט יעדע ביער־ברויערייי ארומפירען ביר איבער גאנץ קליוולאנד און אן ערך 20 מייל אויסער שטאט. זינט די ברויערייען האבען זיך פאראייניקט, פירט יעדערער אין זיין רייאן. דורך דעם האבען זיי פארקלענערט די צאל פערד, וואגענס און פורלייט. אן אנדער ביישפיל איז דער זאלץ טראסט. אין דעם פרייז פון זאלץ איז פון 30 ביז 60 פראצענט פראכט. איידער עס איז געווארען א טראסט, פלעגט מען פירען זאלץ פארקויפען פון קענסאס קיין מישיגאן און פון מישיגאן קיין קענסאס. די פראכט פלעגט

אפּקאָסטעז מער איידער די זאַלץ אַליין אפּ'ן פּלאַץ וואו זי ווערט געמאַכט. זינט עס איז געוואָרען אַ קאָמבינייישאָן, פּירט יעדער פאַבריקאַנט נאָר אויף דעם נאָהענטסטען מאַרק.

ווייטער, זינט עס האָבען זיך אַנגעהויבען צו גרינדען טראַסטס, האָבען טויזענטער דראַמערס און סיילסלייט (אַגענטען און רייזענ־דע) אַנגעוואָרען זייערע שטעלען. צום ביישפּיל, דער בלעך טראַסט האָט ענטזאָגט 90 פּראָצענט פון די סיילסלייט, דער טראַסט פון קאַווע 75 פּראָצענט א. אַז. וו.

דער פּרעזידענט פון דעם פאַרבאַנד פון סיילסלייט האָט אויס־גערעכענט אַז דורך די טראַסטס זיינען 35,000 סיילסלייט גע־בליבען אָן שטעלען, און 25,000 האָט מען געגעבען שטעלען אין אַפּיס אויף קלענערע געהאַלט. אין גאַנצען האָבען די סיילסלייט אַנגעוואָרען $114,000,000 אַ יאָר. וואָס די סיילסלייט האָבען אַנ־געוואָרען, האָבען נאַטירליך די טראַסטס געוואונען.

וואָס זאָגען דערצו די געגנער פון טראַסטס?

זיי טענה'ן אַז דאָס איז אַ פאַלשער חשבון, אַז מען שיקט ניט ארויס קיין דראַמערס איבער'ן לאַנד, פאַרגעסט זיך דער קרע־מער צו מאַכען אַ באַשטעלונג, און אַז ער שלאָפט זיך שוין אויס אין דער סיזאָן אַוועק. דאָס איז אפשר אמת, ווען עס האַנדעלט זיך פון פיינערע ארטען סחורות, וואָס מען קען אָן זיי אויסקו־מען; וואָס איז שייך אָבער אַזעלכע זאַכען ווי זאַלץ, צוקער, קאַווע, בראַנפען, טאַבאַק, קאַראָסינע, איז דאָס ניט אַזוי. קען אַ דראַמער איינריידען אַ אידענע זי זאָל מערער זאַלצען די פליישׁ?

ווייטער, פילע טראַסטס מאַכען מאַטעריאַלען פאַר פאַבריק־קאַנטען. נעמט, כאָפּט אָנעט, דעם וואָולען־טראַסט. כל זמן עס איז געווען קאָנקורענציע צווישען טוך־פאַבריקאַנטען, האָט זיך יע־דערען געלוינט ארויסצושיקען פאַרקויפערס, כדי אפּצושלאָגען פון'ם קאָנקורענט, זינט אָבער עס איז ניטאָ קיין קאָנקורענץ האָט עס מער קיין זין ניט.

ווי מיר ווייסען, זיינען די טראַסטס גרעסטענטיילס אָרגאַ־ניזירט טאַקע גופא אין יענע צווייגען, וואָס ארבייטען אויס מאַטע־ריאַלען פאַר פאַבריקאַנטען.

ווייטער אָבער, לאָמיר נעמען אַזאַ טראַסט וואָס מוז האָבען סיילסלייט, אנדערס וועט ער אַנווערען די קונדשאַפט. כל זמן עס איז פאַראַן קאָנקורענציע, באַפאַלען איין קונד צען פאַבריקאַנטען; ווערט אַ טראַסט, איז געגונג איין דראָמער צו קריגען אַלע באַשטע־לונגען, אַף וואָס מען האָט פריהער געדאַרפט צען.

דאָסזעלבע קען מען זאָגען וועגען אַדווערטייזמענטס (רעק־לאַמע בל"עז). דער סטענדאַרד אויל טראַסט אָדער דער צוקער טראַסט דאַרף גאָר קיין אַדווערטייזמענט ניט. ווען עס זיינען פאַ־ראַן טראַסטס וואָס אַדווערטייזען יע, טו וואו עס זיינען פריהער געוועזען צען אַדווערטייזמענטס פון צען קאָנקורענטען, קלעקט היינט איין אַדווערטייזמענט פון דעם טראַסט. אַלזאָ, דאָ אויך שפּאָרט דער טראַסט געלד.

ווייטער, נעמט דעם פערקויפען אויף קרעדיט. כל זמן עס איז פאַראַן קאָנקורענציע, איז יעדער געצוואונגען צו פאַרקויפען אויף קרעדיט, וואָרים ער רעכענט, אז ער וועט ניט פאַרקויפען, וועט אַן אנדערער פאַרקויפען און ער וועט זיך מוזען האַלטען מיט זיין סחורה; אז עס פאַרליגט זיך ביי אַ פאַבריקאַנט אַ סחורה, געהט זי אַרויס פון מאָדע און איז דאַמאָלס אַזוי גוט ווי פאַר־פאַלען. באַטראַכט ער זיך, איידער ס'זאָל אין גאַנצען פאַרפאַלען געהן, טו איז שוין גלייכער פאַרקויפען אויף קרעדיט. געוועהנט־לאַך ווערען דערביי פילע חובות פאַרפאַלען. עס זיינען פאַראַן אַ סך קליינע סוחרים'לאַך, וואָס נעמען אַן וואָרע און פּרובירען אָפּצו־ציהען די צאָלונג אָדער אַראָפּרייסען פון פּרייז, ווייל ס'האָט כלומרשט געפעלט אָדער ס'איז געווען פאַרדאָרבען, און נאָך אַלער־ליי תירוצים. פאַרשטעהט זיך, דעם קונץ קען מען מאַכען מיט אַ פירמע נאָר איין מאָל, אָבער ס'זיינען פאַראַן אַ סך פירמעס, היינט נאַרט מען אָפּ איינע, איבער אכטאָג אַנאַנדערע און אַזוי געהט דאָס כסדר. כדי אַזאַ חברה־מאַן זאָל קיינמאָל ניט בלייבען שטעהן אין מיטען אָן סחורה, האָט ער געוועהנטלאַך איין פירמע מיט וועלכער ער פירט זיך אָרענטלאַך. סוף כל סוף מאַכט מען אַ קליינעם אָנזעצעל און מען באַצאָלט יענער פירמע אויך ניט.

אז עס ווערט אַ טראַסט, ווערט דאָס אַלץ גאָר אנדערש. דעם טראַסט קען מען אָפּנאַרען איין מאָל, און אגב לאָזט ער זיך אפילו איין מאָל אויך ניט נאַרען. זינט עס איז געוואָרען אַ וואָר־

לען־טראַסט, קומט אַן מיט גרויסע צרות צו קריגען טוך אויף קרעדיט.

דער פרעזידענט פון דעם דראַט טראַסט האָט געזאָגט פאר פרעזידענט מאַק־קינלים אינדוסטריאַל קאָמישאָן, אַז דער טראַסט האָט פארקלענערט דעם היזק פון שלעכטע צאָלונגען פון א ½ פראָ־צענט ביז 4 סענט פון 100 דאָלאר. ווען מען בארעכענט אַז דער טראַסט מאכט געשעפטען אויף צענדליקע מיליאָן דאָלאר מאכט דאָס אוים שעהנע עטלאַכע צענדליק טויזענט א יאָר. דער פרעזידענט פון דעם רעזינאָווען טראַסט האָט ערקלערט אַז אין דעם יאָר 1900 האָט זיין קאָמפּאַני געמאכט געשעפטען אויף $25,000,000 און האָט דערביי אָנגעוואָרען אַן שלעכטע צאָלער סך הכל $1,000. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגערעכענט, וואָלט אַן א טראַסט וועניקסטענס $100,000 פארלאָרען געגאַנגען.

וואָס לאָזט זיך אוים? דורך דעם וואָס דער טראַסט באַ־שרענקט דעם קרעדיט, זיינען מערערע קליינע לייט געצוואונגען ארויסצוגעהן פון געשעפט, איבערהויפּט סטארעט זיך יעדער טראַסט ווי ווייט מעגלאַך אויסצוקומען אַן פארמיטלער און צו פארקויפען דירעקט צו דער מאסע וואָס פארברויכען דעם ארטיקעל. צום ביישפּיל אין אַנהויב פון די נײַנציקער יאָרען זיינען אין ניו־יאָרק באשטאַנען 28 אפטאווע סקלאַדען פון שניט־וואָרע, און אין 1901 זיינען פון זיי געבליבען נאָר פיר, און דאָס זעלבע איז אומע־טום.

נאטירליך, אַז מען באטראַכט די לאַגע פון דעם סוחר, וועלכען עס ווערט רק ענגער און ענגער, איז עס זעהר ניט גוט, אָבער ווען מען באטראַכט די זאַך פון דעם שטאַנדפּונקט פון כלל, הייסט דאָס, אַז דורך פאראייניקונג ווערען פארשפּאָרט א סך האנדעלס־אוים־גאַבען.

אלזאָ, וואָס אנבאלאַנגט פארקויפען די וואָרע, קומט דאָס אוים דעם טראַסט וועלוועלער איידער זיינע קאָנקורענטען און די זעלבע זאַך איז מיט'ן קויפען.

יעדער טראַסט מוז קויפען מאטעריאַל צום פאראַרבייטען. יע־דער ווייס, אַז מען קויפט איין גרויסע מאסען מיט אמאָל, קען מען עס קריגען פאר א נעדעריקערען פרייז. היינט ווען דער טראַסט איז

דער איינציקער קויפער אין מארק, טו פארשטעהט זיך, אז ער קען שטעלען זיין אייגענעם פרייז. א ביישפיל איז דער פלייש־טראַסט. בעת דער פרייז פון פלייש איז געשטיגען איז דער פרייז פון בהמות געפאלען. דער סטענדארד אויל טראַסט האָט זעהר אָפט געצאָלט פאר רויע אויל, פון וועלכע מען מאכט קאראָסין, וויניקער, איידער עס האָט געקאָסט דעם פארקויפער אליין צו קויפען. איר וועט פרע־גען ווי אזוי האָבען זיי עס געקענט אויסהאלטען ? איז דער ענט־פער, זיי האָבען טאקע ניט געקענט ; א סך זיינען געצוואונגען געווען אויסצופארקויפען צו דעם טראַסט.

### .8

## וואו ליגט דער כוח פון מאָנאָפּאָליעם ?

אָנהויבען הויבט זיך אָן די מאָנאָפּאָליסטישע פאראייניקונג אין מארק, אָבער זי רופט זיך באלד אָפּ אין דער פאבריק. די אָפּ־שאפונג פון קאָנקורענץ איז שוין אליין אויך אַ געווינס פאר דער גאנצער געזעלשאפט, וואָרים עס ווערט דאדורך איינגעפירט אָן אר־דענונג אין דער אינדוסטרי. די קאפיטאליסטען באקומען די מעג־לאכקייט איינצוריכטען זיך אין זייערע פאבריקען נאָך דעם, וויפיל עס ווערט פארלאנגט פון זייערע וואַרע אין מארק. דער וויצע־פרעזידענט פון דעם סטענדארד אויל טראַסט האָט דערצעהלט, אז זיין טראַסט באַקומט יעדען טאָג טעלעגראַמען פון דער גאנצער וועלט, וויפיל קאראָסינע ווערט אָנגעבאָטען און ווי פיל ווערט פארלאנגט אויף יעדען מארק און נאָך דעם מארקירען זיי זיך מיט זייערע פרייזען.

דאָס האָט אַ דאָפּעלטען רעזולטאט. ערסטענס, ווערט גע־מאכט נאָר אזוי פיל וואַרע, ווי פיל דער מארק באדארף, אָדער ווי דער טייטש זאָגט: „עס ווערט אויסגעגליכען דער אָנגעבאָט מיט דער נאָכפראגע“. די מאָנאָפּאָליע ערלויבט אלזאָ צו ארבייטען אין די פאבריקען שטענדיק אָן אונטערברעכונג. עס געהט ניט אוועק אין ניוועץ קיין צייט און קיין ארבייט אויף אָנצופילען דעם מארק מיט אזעלכע וואַרען, וואָס קיינער דאַרף זיי ניט און וואָס ווערען מיט דער צייט פארדאָרבען.

צווייטענס, אז מען הערט אוף צו מאכען איבעריקע וואר[e] און די אלע פאבריקען פאלען אריין אין די זעלבע הענט, ווערען געשלאָסען אזעלכע, וואָס זיינען איבעריק, געוועהנלאך ווערען געשלאָסען די יעניקע, וואָס זיינען איינגעאָרדעט אף א'ן אלטמאָדישען אופן. דאָס אליין איז שוין אויך א פאָרטשריט.

דריטענס, דורך דעם וואָס פון אלע קאָמפּאניעס אין אַ געוויסער אינדוסטרי ווערט איין קאָמפּאני, ווערען אלע פּאטענטען פאראייניקט אין די זעלבע הענט. ווי וויכטיק דאָס איז קענט איר זעהן פון דעם, אַז דאָ, אין די פאראייניקטע שטאַטען, ווערען ארויסגעגעבען יעדען יאָר איבער 20,000 פּאטענטען (פּריווילעגיעס) אף אלערליי ערפינדונגען. עס וועט זיך קאָם געפינען אַזאַ זאַך אין וועלכער עפּעס א שטיקעל שרייפעל זאָל ניט זיין פּאטענטירט, וואָס קיינער טאָר עס ניט נאָכמאכען. דאדורך ווערט נאטירליך געשטערט דער פּאָרטשריט פון דער ארבייט. אין א טראָסט קען מען פאראייניקען די בעסטע ערפינדונגען, וואָס זיינען נאָר פאראַן און דאדורך ווערט פארבעסערט די ארבייט. א חוץ דעם שפּאָרט א טראָסט מיליאָנען דאָלאר, וואָס עס ווערען אויסגעגעבען די פּראָצעסען איבער פּאטענטען, וועלכע קאָסטען אָפּ די קאָמפּאניעס גאנצע אייגענסען מיט געלט.

ווען עטלאכע פאבריקען קומען אריין אין די הענט פון א טראָסט, ווערט אין גאנצען איבערגעמאכט די איינריכטונג פון די פאבריקען : די פארשידענע סאָרטען ווארע, וועלכע מ'פלעגט פריהער מאכען אין דער זעלבער פאבריק ווערען איצט צוטיילט צווישען פארשידענע פאבריקען, די ארבייט ווערט מער ספּעציאליזירט און נטאַירליך קאָסט זי זיך אליין ווּעלוועלער. א פאברי־קאנט וואָס דאַרף קאָנקורירען מיט אנדערע אין מארק לוינט זיך ניט אַזוי צו ספּעציאליזירען, וואָרים אף יעדע וואַרע איז פאראַן אַ שטילער סיזאָן, און ווען ער קען עס אויספילען מיט אַנדערע ארבייט, איז פּאָר עס בעסער.

ווייטער איז זעהר וויכטיק אויסצוניצען די זייטיקע פּראָדוקטען וואָס בלייבען ביי יעדער ארבייט. פון דעם וואָס עס בלייבט איבער נאָכדעם, ווי עס ווערט געמאכט קאראָסינע מאכט דער סטענדארט אויל טראָסט צענדליקע פערשידענע זאכען, וואָס זיינען ווערט צוזאמען אזוי פיל ווי די קאראָסינע, די קלענערע קאָנ־

קורענטען פון דעם טראַסט קענען דאָס ניט טאָן, וואָרים ביי זיי פאַרבלייבט ניט גענוג און זיי פאַרקויפען עס פאַר גאָרנישט.

קורץ גערעט, די מאָנאָפּאָליע מאַכט ביליקער דעם אויספאַרטיקען פון יעדער וואַרע און דורך דעם איז זי זיכער מיט דעם זיג געגען אירע קאָנקורענטען.

9.

## די עפענטליכע מיינונג און די טראַסטס.

מיר זעהען אלזאָ, אז דער טראַסט ברייננגט מיט זיך פאָרטשריט. קען דאָס אלע מאָל אזוי בלייבען? די אָפיציעלע פּאָליטישע עקאָנאָמיע זאָגט: ניין. ווען עס וועט שוין אין גאַנצען ניט בלייבען קיין קאָנקורענציע, וועט דער טראַסט ניט האָבען קיין אורזאַכע איינצופירען פאַרבעסערונגען. מ׳ קען שוין דאָס היינט זעהן אָן די אייזענבאַנען. אז מ׳ זאָל איינפירען עלעקטרישע קראַפט אנשטאַט סטים (פּאַרע), וואָלט מען געקענט פאָרען 90 מייל (135 וויאָרסט) א שעה. אזוי זאָגען געניטע אינזשענירען. דאָס הייסט פון פילאַדעלפיא קיין ניו יאָרק וואָלט גענומען סך הכל איין שעה. ווייטער ווען מען דאַרף ניט שלעפען זיך מיט קיין לאָקאָמאָטיוו, דאַרף מען ניט צוזאַמענטשעפּען א צענדליק וואַגאָנעס, יעדער וואַגאָן קען געהן באַזונדער. ווען היינט געהט א צוג פון ניו־יאָרק קיין פילאַדעלפיע יעדע שטונדע, וואָלט מען מיט עלעקטרע געקענט שיקען א צוג יעדע צעהן מינוט. פאָרען פון ניו־יאָרק קיין פילאַדעלפיע וואָלט געווען די זעלבע זאַך, ווי פון דאַון טאַון קיין האַרלעם, אין ניו־יאָרק. שטעלט אייך נאָר פאָר וואָס פאַר א ווירקונג דאָס וואָלט געהאַט אויף דעם האַנדעל און אויף דעם גאַנצען לעבען. אזא פאָרשריט איז שוין מעגליך היינט צו טאָג. נו, טו וואָס? די צרה איז אז עס זיינען פאַראַן עטלאַכע צענדליק טויזענט לאָקאָמאָטיוועז, וואָס זיי קאָסטען ווייניקסטענס $10,000 א שטיק. ווען מען זאָל איינפירען עלעקטרישע באַנען, זיינען די לאָקאָמאָטיוועז ניט ווערט מער ווי אלטע אייזען. דאָס הייסט עטלאַכע הונדערט מיליאָן געהט אַוועק אין ניוועץ. ווילען די אייזענבאַן מאַגנאַטען דאָס ניט טאָן. אז עס וואָלט געווען קאָנקורענציע וואָלט שוין אימיצער איינגעפירט עלעקטרעשע וואַגאָנעס

און די איבריקע וואָלטען נעצוואונגען זיין טאָן דאָס זעלבע. אָבער די אייזענבאַנען זיינען אַ מאָנאָפּאָליע, צווינגען קען מען זיי ניט.

ביז אהער איז דער קאַפּיטאַל געווען פּראָגרעסיוו אין זיין פעלד. דער קאַפּיטאַל האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין יעדען געשעפט. מען קען אָבער ערוואַרטען אַז ווען די מאָנאָפּאָליע וועט זיך פאַרשפּרייטען איבער אַלע געשעפטען וועט די פּראָגרעסיווע ראָליע פון קאַפּיטאַל נעמען אַ סוף. וואָס זשע וועט זיין ווייטער ?

די קראַפט פון די קאַפּיטאַליסטען היינט צו טאָג היינגט אָפּ אין גאַנצען דערפון, וואָס זיי זיינען נויטיק אין דער היינטיקער געזעלשאַפט. יעדער נייער געשעפט ווערט געגרינדעט פון אַ קאַפּיטאַליסט. די קאַפּיטאַליסטען פירען אַלע געשעפטען, זיי אָרגאַניזירען אַלע געשעפּטען. איך מיינט אַז מען וואָלט געקענט אויסקומען אָן די קאַפּיטאַליסטען, איך וועל אייך צוגעבען, אפשר זיינט איר גערעכט, אָבער מיליאָנען מענטשען דענקען ניט אזוי, און ביז וואַנען מיר ביידע וועלען זיי אַמאָל קענען איבעררייִדען, דאַרף מען דאָך דערווייל עסען און טרינקען. און דערפאַר געהען מיר ביידע צו דעם קאַפּיטאַליסט ארבייטען, אלזא, אפילו מיר ביידע דאַרפען עם אויך. ווארום ער גיט אונדז די מעגלאכקייט צו אַרבייטען. מ׳ רעט דאָ ניט פון יושר, מ׳ רעט נאָר פון דער עקאָנאָמישער ראָליע פון קאַפּיטאַל. אלזאָ די קאַפּיטאַליסטען האַלטען זיך דורך זייער פאָרטשריטליכע ראָליע. ווען אָבער זיי ווערען אַ שטערונג צום פאָרטשריט, ווי עס מוז קומען מיט דער צייט דורך די פאַרברייטונג פון מאָנאָפּאָליע, וואָס וועט זיין דעמאָלט ?

די פּאָליטישע עקאָנאָמיע ענטפערט אַף דעם היינט צו טאָג, אַז ווען פּריוואַט־מענטשען קענען ניט באַזאָרגען דעם אינטערעס פון דעם כלל אין אַ געוויסען געשעפט, מוז דעם געשעפט איבערנעמען דער שטאַט. צום ביישפּיל, אין אַלע ציוויליזירטע לענדער ווערען שוין היינט די וועלדער באַטראַכט פאַר אַזאַ זאַך, וואָס דער שטאַט מוז אַף איר אכטונג געבען, ווארים אַ האַלץ־הענדלער וועט, אויסהאַקען אַלע וועלדער צוליב זיין פּראָפיט און דאָס איז אַ היזק פאַר די גאַנצע לאַנד; פעלדער ווערען פאַרשאָטען מיט זאַמד, דער קלימאַט ווערט צו טרוקען, דורך דעם געהט ווייניקער רעגען, תבואה ווערט פאַרברענט, און דער גאַנצער פאָלק ליידעט

צוליב די אינטערעסען פון א קליינע צאל האלץ־הענדלער. כמעט אין יעדער לאנד זיינען ארויסגעגעבען געווארען געזעצע ווי זיך צו באנוצען מיט די וועלדער.

דא אין די פאראייניקטע שטאטען האט די סופרים קארט (העכסטער געריכט) אין וואשינגטאן גע'פסק'ענט אז ווען א געשעפט ווערט א מאנאפאליע, מעג דער שטאט אף עם אכטונג געבען, עם אנווייזען ווי ער זאל זיך פירען. אן אנהויב איז שוין געמאכט געווארען דורך די פילע געזעצע, וואס זיינען ארויסגעגעבען געווארען געגען די טראסטס. וואס זיי זיינען געבליבען אף'ן פאפיר, מאכט ניט אויס, דער פרינציפ אבער איז אין זיי אנערקענט געווארען. פארוואס אבער איז פון די אלע געזעצע גארנישט ניט ארויסגעקומען? זיי זיינען אלע געמאכט געווארען, אום צוליב צו טאן דעם קליינעם קאפיטאליסט, וועלכען דער טראסט שטעלט אין סכנה. דער קליינער קאפיטאליסט וויל אויסראטען די טראסטס און דאס איז נאטירליך אונמעגלאך. ווען א געזעץ שטימט ניט מיט דעם פראקטישען לעבען, וועט זיך אלע מאל געפינען א וועג ווי דורכצוקומען אזוי, אז דער געזעץ זאל בלייבען א געזעץ און מ' זאל קענען טאן וואס מ' וויל. אף דערויף זיינען פאראן אדוואקאטען.

עס זיינען נאך פאראן מענטשען, וואס מיינען, אז די טראסטס באזיגען זייערע קאנקורענטען נאר דערפאר וואס קאנקורענץ איז ניט פריי, און זיי ווילען נאר אז דער שטאט זאל באזייטיקען אלץ וואס באשרענקט די פרייהייט פון קאנקורענץ, ווי למשל די איינפורם צאלען (טאמאזשענע פאשלינעס) אף די ווארען וואס ווערען איינגעפירט אהער אין לאנד. דעמאלט גלייבען זיי וועלען אלע אים שטאנד זיין צו קאנקורירען מיט'ן טראסט. אנדערע פארקערט מיינען אז די מאנאפאליעס זיינען אויסגעוואקסען מיט דער נאטור און דערפאר פארלאנגען זיי, אז דער שטאט זאל נעמען אף זיך צו מאכען „רולס“ (באשטימונגען) פאר די טראסטס, ווי זייער געשעפט זאל געפירט ווערען צום וואל און בעסטען פון דער געזעלשאפט.

פון די מיטלען, וואס וואס ווערען פארגעשלאגען צו באקעמפען די טראסטס, הערט מען עפטער פאר אנדערע די פאדערונג, אז מען זאל ארייןלאזען פריי אויסלענדישע ווארען, וועלכע קענען

קאָנקורירען מיט די היימישע וואַרען, וואָס ווערען געמאַכט דורך א טראַסט, און צווייטענס די רעגירונג זאָל איבערנעמען די אייזענאַבנען.

דער ערסטער מיטעל קען צוניץ קומען אַזעלכע קאָנסומענטען וועלכע זיינען היינט געצוואונגען איבערצוצאָלען די טראַסטס פאַר זייער וואַרע. צום ביישפּיל די פאַבריקאַנטען פון שיף פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל אריינלאָזען פריי פרעמדע לעדער. היינט־צו־טאָג מוז אויסלענדישע לעדער צאָלען א הויכען איינפורס־צאָל. דאָס איז כלומרש'ט געמאַכט געוואָרען צוליב דעם פאַרמערס טובה, אין דער אמת'ן אָבער קומט דאָס צוניץ נאָר דעם פלייש־טראַסט און דעם לעדער־טראַסט. דער פאַרמער פאַרקויפט צוויי־דריי שטיק בהמות א יאָר, ער מאַכט דורך דעם מאַריף עטלאַכע דאָלאַר א יאָר, אָבער ער צאָלט איבער אַזוי פיל און נאָך מערער אף שיך, כאַמוטעס און נאָך אַזוינע זאַכען וואָס ער באַדאַרף אין זיין ווירטשאַפט. דער פלייש־טראַסט אָבער קויפט אָפּ אַלע פעלען און מאַכט זיין אייגענעם מקח, און דער לעדער־טראַסט העלפט עם אונטער. אַלזאָ, ווען מען זאָל אַראָפּנעמען די איינפורס צאָל פון לעדער, קען דער פאַבריקאַנט פון שיך דערפון פּראָפּיטירען. דעם פאַרמער אָבער, וועלכער ווערט באַדריקט פון טראַסט, קען דאָס גאָר ניט העלפען. עס זיינען ווידער פאַראַן אַנדערע פּראָדוקטען, וואָס ווען מען זאָל אַראָפּנעמען פון זיי די איינפורס־צאָל וועט דאָס טאַקע זיין א קלאַפּ פאַר'ן טראַסט, — פאַר זיינע קאָנקורענטען אָבער וועט דאָס זיין נאָך א גרעסערער קלאַפּ. איידער דער טראַסט וועט געבראַכען ווערען, וועלען די קלענערע פאַבריקאַנטען געהן צו גרונד. אַלזאָ ברעכען א טראַסט דורך דעם וואָס מען זאָל אריינלאָזען פריי אויסלענדישע וואַרע, איז א פּוסטע האָפענונג.

ווי מיר האָבען געזעהען, האָבען די אייזענבאַנען פיל געטאָן אופצובויען די טראַסטס און צו דערשטיקען קאָנקורענציע. דערפאַר איז דער פאַרלאַנג היינט זעהר פּאָפּולער, אַז די רעגירונג זאָל איבערנעמען די אייזענבאַנען. מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר צוריק האָט מען דאָס באַטראַכט פאַר שרעקלאַכע אפּקורסות. די פּאָפּוליסטען זיינען געווען די איינציקע פּאַרטיי, וואָס האָט ניט מורא געהאַט אופצושטעלען די פאָדערונג אין איר פּלאַטפאָרמע. היינט פאָדערען עס א סך קליינע און מיטעלערע קאַפּיטאַליסטען, אין דער

אינדאַסטריאַל קאָמישאַן וואָס פּרעזידענט מאַק־קינלי האָט אָנגע־שטעלט נאָך אין 1899 האָט איין מיטגליד אָפּגעגעבען אַ מיינונג צו גונסטען פון דער פאָדערונג. ער איז געווען אַ קליינער פאַברי־קאַנט פון קאַראָסינע, דאָס זעלבע האָבען פאַרלאַנגט פילע עדות, וואָס די קאָמישאַן האָט פאַרהערט, אונטער דער צאָל זיינען געווען עטלאַכע קאַפּיטאַליסטען, וואָס זיינען רואינירט געוואָרען פון דער סטענדאַרד אויל קאָמפּאַני. עטלאַכע פון זיי זיינען אַמאָל ווערט גע־ווען אַן ערך אַ מיליאָן דאָלאַר. די לייט זיינען געוועהנט געווען צו שפּילען אַ ראָליע אַלס פירער אין דעם געשעפטסלעבען פון לאַנד, זיי זיינען געניט געווען אין אָרגאַניזירען אַ געשעפט, זיי זיינען דורכגעגאַנגען דעם חדר פון קאָנקורענציע און זיי האָבען געקענט קעמפּפען.

אין דעם עקאָנאָמישען קאַמפּף זיינען זיי באַזיגט געוואָרען, האָבען זיי זיך גענומען צו דער פּאָליטיק. און זיי ווילען צווינגען די רעגירונג זי זאָל דינען זייערע אינטערעסען, פּונקט אַזוי ווי ביז אהער האָט זי געדינט די אינטערעסען פון די מאָנאָפּאָליסטען. זיי ווייסען ווי מען מאַכט די „עפענטליכע מיינונג" און זיי פאַר־שטעהען צו אַדווערטייזען אַן עסק. די צייטונגען האַלטען מערס־טענס מיט זיי, וואָרים די צייטונגען זיינען אויך פאַראינטערע־סירט אין דעם קאַמפּף געגען די טראַסטס. ערסטענס איז פאַראַן דער פּאַפּיר־טראַסט. דער געשעפטס־פירער פון דער ניו יאָרקער „טיימס" האָט אויסגערעכענט פאַר פּרעזידענט מאַק־קינלי'ס אינ־דאַסטריאַל קאָמישאַן, אַז די אַמעריקאַנער צייטונגען צאָלען איבער אויף פּאַפּיר נאָהענט פון $5,000,000 אַ יאָר מערער ווי עס האָט געקאָסט איידער עס איז געוואָרען אַ טראַסט: ער האָט דער־צעהלט, אַז ער ווייס פון צוויי גרויסע טעגלאַכע צייטונגען, וואָס יעדערע פון זיי צאָלט איבעריקע $300,000.

ווייטער איז פאַראַן די אַסאָשיעיטעד פּרעס, דאָס הייסט דער דעפּעשען־טראַסט, וועלכע געהט האַנט אין האַנט מיט דעם טעלעג־ראַפען־טראַסט. דער נייעס־טראַסט דריקט די קליינע צייטונגען, זיי קענען קיין נייעס ניט קריגען. דערמיט ווערט אופגעהאַלטען די מאָנאָפּאָליע פון די גרויסע מאָרגען־צייטונגען. ענדלאַך דורך די טראַסטס פאַרלירען די צייטונגען זייערע בעסטע אַדווערטייז־מענטס. אַ טראַסט דאַרף ניט אַזוי פיל אַדווערטייזען ווי אַ גע־שעפטסמאַן, וועלכע האָט קאָנקורענטען, און ווען אפילע אַ טראַסט זאָל אַדווערטייזען פּונקט אַזוי פיל ווי יעדער געשעפט האָט אַד־

ווערטייזט פאר דעם, מאכט דאס פארט אויס וויניקער, ווארים פריהער האבען אין א געוויסען נעגענט אדווערטייזט אין א נעד ווייסער צייטונג, למשל, צען פירמעס, יעדע א האלבע זייט, און היינט אדווערטייזט נאר איין טראסט, לאז זיין אפילו א גאנצע זייט, איז דאס פארט ניט מער ווי א פינפט־חלק. אלזא די ציי־טונגען האבען אן אינטערעס צו באקעמפפען די טראסטס.

היינט נעמט גאז. פראפעסאר בימיס האט אויסגערעכענט, אז עס קאסט די קאמפאניעס וועניקער ווי העלפט פון דעם וואס דער קאנסומענט איז געצוואונגען צו צאלען.

ווען איינער האלט א רעסטאראן אדער א לאנדרי און ער איז געצוואונגען צו צאלען מאנאטלאך פופציק אדער הונדערט דאלאר, וואס די שטאט וואלט דאס געקענט ליפערען פאר העלפט פון דעם פרייז, וואלגערט זיך דאס ניט אפ'ן גאס. דאסזעלביקע איז מיט עלעקטרישע באלייכטונג, דאסזעלביקע איז מיט דעם טעלעפאן.

עס איז ניט ווייט די צייט ווען וואסער־קראפט וועט פארנעמען דעם פלאץ פון סטים (פארע). אויב די לאנד וואו עס געפי־נען זיך גרויסע וואסער־פאלען וועט פארכאפט ווערען פון א טראסט, וועט אזא טראסט האלטען אין זיינע הענט די גאנצע אינדוסטרי פון א געגענד. דערפון איז אין דער צייט פון ראזעוועלט'ס צווייטען טערמין אויסגעוואקסען די באוועגונג פאר „קאנסערוועישאן", אונ־טער דער פירערשאפט פון גיפארד פינטשאָ. דאס איז געווען א באַ־וועגונג פון געשעפטסלייט, זייער פאדערונג איז באשטאנען אין דעם, אז די רעגירונגסלענדער, אף וועלכע עס געפינען זיך וואסער־פאלען, זאלען ניט פארקויפט ווערען אין פריוואטע הענט, נאר זיי זאלען קאנסערווירט ווערען, ס'הייסט אפגעהיט ווערען פאר'ן גאנ־צען פאלק, און דער פארטרעטער פון דעם גאנצען פאלק פון די פאראייניקטע שטאטען, זאגען זיי, איז די רעגיערונג.

איר זעט פון דעם, אז עס זיינען פאראן אין דעם קאפיטאליס־טישען קלאס פילע, וואס עס איז זייער אינטערעס, אז אלץ וואס עס רופט זיך „א נאטירליכע מאנאפאליע", זאל באלאנגען צו דעם כלל. עס האנדעלט זיך דא דערוויילע וועגען אזעלכע זאכען, וואס ווע־רען גענוצט פון דעם עולם בשותפות. אבער אין דערין קען מען קיין פעסטען גרענעץ ניט אנציינען. נעמט למשל, קוילען. אין דער

צייט פון דעם גרויסען קוילען־סטרייק אין 1902, האבען פאר־טרעטער פון קאפיטאליסטישע אינטערעסען געפאדערט, אז די רע־גירונג זאל נעמען אין אירע הענט די קוילען־גרובען, מחמת עס האנ־דעלט זיך דא אום אזא סחורה, וואס די אינדוסטרי פון לאנד קען אן איר ניט אויסקומען, און עס איז א געפאר פאר דעם כלל, ווען די גאנצע אינדוסטרי מוז אנקומען צו דער לאסקע פון איין טראסט. אזעלכע רייד האט מען געהערט מיט עטלאכע יאר פריהער אין ענג־לאנד אויך. עס הייסט פשוט, אז די אינטערעסען פון דעם גאנ־צען קאפיטאליסטישען קלאס קומען דא אין א צוזאמענשטויס מיט די אינטערעסען פון איין איינציקען טייל, און כדי צו באווארע־נען די אינטערעסען פון דעם גאנצען קאפיטאליסטישען קלאס, איז קיין אנדער מיטעל ניטא חוץ שטאטס־סאציאליזם.

אנאנדער ביישפיל איז די שטאטס־פאבריק פון שטריק אין קענסאס. קענסאס, פארשטעהט איר, איז א פארמערשער סטעיט. די פארמערס האבען גויטיק שטריקלאך צו בינדען די תבואה, ווען די מאשין שניידט זי. אבער עס האט זיי געדריקט דער שטריק־טראסט. האבען זיי געפונען, אז שטריק איז גאר א „פאבליק־יוטיליטי", און האבען געמאכט א שטאטס־פאבריק פון שטריק. וואו דיזע באוועגונג קען זיך אפשטעלען, איז שווער געניי צו זאגען. א זאך, וואס ווערט היינט באטראכט פאר א געגעשטאנד פון פריוואט־פארברויך, קען מארגען ווערען אנערקענט פאר א „פאבליק־יוטי־ליטי".

די געגנער פון שטאטס־סאציאליזם מיינען, אז אונטער דער היינטיקער רעגירונג וועט דאס נעבען א גרויסארטיקע געלעגנ־הייט צו פאליטישענס צו גאנב'ענען די רעגירונג און די שטאט. דאס איז אמת, אבער טאקי דערפאר קען מען זיין זיכער, אז די פאלי־טישענס וועלען זיך דאגעגען ניט שטארק אמפערען. שטעלט זיך נאר פאר וויפיל נייע שטעלען פאר פאליטישענס וואלט דורך דעם באשאפ־פען געווארען! די דעמאקראטישע פארטיי אין מאססאטשוסעטס האט נאך אין 1900 אריינגעשטעלט די פאדערונג אין איר פלאט־פארמע און ברייען האט זיך נאך אין 1907 אויסגעשפראכען דא־פיר, אז די רעגירונג זאל איבערנעמען די אייזענבאנען.

ווער וועט זיין דאגעגען? לאמיר נעמען די אייזענבאנען. היינט נעהערען זיי צו פריוואט קאמפאניעס. וואס הייסט דאס? עס

הייסט, אַז די אייגענטימער פון די אייזענבאַנען זיינען די סטאָק האָלדערס (די אַקציאָנערען). זייערע דיווידענדען זיינען אָפּהענגיק פון די פּרייזען, וואָס זיי קריגען פאַר פראַכט. נאָך אַ לאַנגען קאַמפּף אין די גענגער פון די אייזענבאַנען געלונגען דורכצופירען אַ געזעץ אין קאָנגרעס, אַז די פראַכט זאָל רעגולירט ווערען דורך די רעגירונג — די אינטערסטעיט קאָמערס קאָמישאָן. וויבאַלד דאָס איז אַזוי, מאַכט שוין ניט אויס פאַר די סטאָק־האָלדערס, צי די אייזענבאַנען וועלען פאַרוואַלטעט ווערען פון די קאָמפּאַניעס, צי פון דער רעגירונג דירעקט. דער פּובליקום טרויט דער רעגירונג מערער אײדער אַז אייזענבאַן קאָמפּאַני, און דערפאַר איז דער קורס פון רעגירונגס־פּאַפּירען שטענדיקער. פאַרוואָס זאָלען יענע וואָס האָבען אייזענבאַן־אַקציעס ניט וועלען זיי איבערבייטען אויף רעגירונגס־פּאַפּירען? דאָס איז ניט גלאַט געשפּונען פון קאָפּ: אַזעלכע מיינונגען זיינען אויסגעדריקט געוואָרען פון אינטערעסירטע פּערזאָנען פאַר פּרעזידענט מאַק־קינלים אינדאַסטריעל קאָמישאָן.

ווער בלייבט דאָגעגען? די קליינע באַנדע דירעקטאָרען, וואָס מאַכען אַלערליי ספּעקולאַציעס אויפ'ן סטאָק עקסטיינדזש (אויפ'ן בירזשע) און באַשווינדלען די קלענערע אַקציאָנערען. זאָל אָבער קומען צו עפּעס, וועלען זיי אויך זיך ניט זעהר שטאַרק שטעלען דאַגעגען. ווי אַזוי איז דאָס מעגלאָך?

ווען עס האָט זיך געגרינדעט דער אייזענבאַן־טראָסט אין די וועסט, די „נאָרדהערן סעקיוריטיז קאָמפּאַני“, האָט איינער פון די דירעקטאָרען אויסגעשפּראָכען זיך צו אַ רעפּאָרטער פון דער ניו־יאָרקער „טיימז“, אַז ער האָט גאָרנישט דאַגעגען די אייזענבאַנען איבערגעהן צו דער רעגירונג, פריהער אָבער מוזען די אייזענבאַנען פאַראייניקט ווערען אין די הענט פון אַ גרויסען טראָסט. די רעגירונג מוז אויסקויפען די אַקציעס פון די אייגענטימער און באַצאָלען נאָך דעם קורס נאָך. פאַרשטעהט זיך די חברה מאָרגאַן, ראָקעפעלער, וואַנדערבילט און אַזוי ווייטער, וועלען שוין פאַרשטעהן ווי צו הויבען דעם קורס אַזוי, אַז זיי זאָלען באַקומען אַ פעטען ביסען.

## 10.

## די קאפיטאליסטישע עפענטלאכע מיינונג.

מיר האבען געזעהען ווי די עקאנאמישע ענטוויקעלונג האקט אריין דעם געדאנק פון שטאטס־אייגענטום אף נאטירליכע און עפענטליכע מאנאפאליעם אפילו אין קאפיטאליסטישע קעפ. אמאל פלעגען די קאפיטאליסטען טענה'ן, אז דער שטאט טאר זיך ניט מישען אין געשעפטען. לאזט נאר אלעמען קאנקורירען פריי, וועט אלץ פון זיך אליין אויסקומען גוט. ווען דער פרייז איז צו הויך, לאזט נאר אלעמען פריי פארקויפען אין מארק, מוז דער פרייז ארונטערגעהן. ווען דער פרייז איז צו נידעריק, איז דאס א סימן, אז עס איז פאראן צו פיל ווארע, לאז מען אופהערען צו מאכען איבעריקע, וועט דער פרייז שטייגען. ווען דער ארבייטס־לוין איז צו נידעריק, איז דאס א סימן, אז עס זיינען פאראן צופיל ארבייטער, זאלען די ארבייטער ניט מקוים זיין די מצוה פרו ורבו, וועט מיט דער צייט ווערען ווייניקער ארבייטער, וועט דער ארבייטס־לוין שטייגען. אין א פרייע לאנד, טאר זיך דער שטאט ניט מישען אין פריוואט־געשעפטען.

היינט קענט איר שוין זעלטען הערען די מיינונג, אז דער שטאט טאר זיך ניט מישען, דאס זאגען די מאנאפאליסטען און זייערע פריינט. סארשטעהט זיך, אז זיי קענען דאס ניט באגרינדען מיט דעם, אז פרייע קאנקורענציע איז א רפואה צו אלע קראנקהייטען, ווארים זיי ווייסען בעסער פאר אלעמען אז קאנקורענציע איז טויט. זיי טענה'ען אבער היינט, אז די עקאנאמישע ענטוויקעלונג האט געבראכט דעם טראסט אף דער וועלט און אז מען זאל עם נאר ניט שטערען ווייטער וואקסען, וועט זיך פאר אלעמען אויסלאזען גוט. איך וויל דא איבערגעבען אן אויסצוג פון אן ארטיקעל וואס איז ע׳־־ שינען נאך אין 1901 אין אן אמעריקאנער מאנאטליכען זשורנאל פאר באנקירען. דער ארטיקעל איז העכסט אינטערעסאנט.

„אין די פאראייניקטע שטאטען לאזט זיך דער גאנצער רעגירונגס־סיסטעם זעהר לייכט קאנטראלירען דורך די ארגאניזירטע געשעפטס־וועלט. די ארגאניזאציאן פון געשעפט איז דא פארטגעשריטען ווייטער איידער אין אלע אנדערע לענדער, און אין דער

צוקונפט קען מען ערוואַרטען, אַלץ זאָל פאַראייניקט ווערען אין נאָך ווייניקער הענט. טעאָרעטיש ווערט אַלעס אין דער פּאָליטיקע באַשטימט דורך וואַלען, אָבער דער גייסט פון אָרגאַניזאַציאָן איז שוין אַזוי אויסגעוואַקסען, אַז היינט צו טאָג קאָנטראָלירט ער די וואַלען גופא. ווען די אָרגאַניזירטע געשעפטס־קרייזען ווילען אַנפירען די רעגירונג, געפינען זיי אימערצו אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, וועלכע איז העכסט צופרידען צו טאָן וואָס זיי הייסען. די געשעפטס־קרייזען האָבען דעם געלט־בייטעל. זיי ליפערען די מיטלען, וועלכע זיינען נויטיק אויפצוהאַלטען די פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס באַשאַפען די רעגירונג. כל זמן די געשעפטס־לייט זיינען געשטאַנען באַזונדער און יעדערער האָט זיך געסטאַרעט נאָר פאַר זיך אין אַ פאַרצווייפעלטען קאָנקורענץ־קאַמפּף און האָט גאָר ניט גע'דאגה'עט פאַר דעם אַנדערען, זיינען די פירער פון פּאָליטישע פּאַרטייען געווען אַפּ'ן פערד. זינט אָבער די געשעפטס־וועלט האָט אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן דעם קונץ פון פאַראייניקונג, וואַרפט זי פון זיך אַראָפּ ביסלאַכוויז די מאַכט פון די פּאָליטישענס און צווינגט זיי צו פּאָלגען וואָס זי הייסט. די געזעץ־געבער און די רעגירונג זיינען וואָס ווייטער רק מערער געצוואונגען צוצוהערען זיך צו די פאָדערונגען פון די פאַרשטעהער פון געשעפטס־אינטערעסען. די פאַראייניקונג אין שטאָל און אייזען ווייזט ווי ווייט די פאַראייניקונג קען געהן. אַן ענלאַכע קאָנסאָלידאַציע איז מעגלאַך אין יעדען געשעפט. ווען די איבעריקע אינדוסטריען זאָלען פּאָלגען דעם ביישפּיל איז לייכט איינצוזעהען, אַז אין דער לאַנד וואו אַלע געשעפטען זיינען אויסגעמושטרעוועט אונטער דער קאַמאַנדע פון עטלאַכע גענעראַלען, מוז די רעגירונג סוף כל סוף ווערען ניט מעד ווי אַן איינפאַכער אינסטרומענט אין זייערע הענט. אַז עס געהט אַהין אין די פאַראייניקטע שטאַטען קען מען זעהען דערפון ווי זיי האַלטען אין זייער מאַכט די לעדזשיסלייטשורס (די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפט אין יעדען שטאַט).

„דער חלום פון דעם סאָציאַליזם איז געווען אַז די טעטיקייט פון דער רעגירונג זאָל אַזוי רעגולירט ווערען, אַז דער גאַנצער פּאָלק זאָל אויסזעהען ווי אַ גרויסע ארבייטס־אַרמעע, אין וועלכער יעדער איינער זאָל זיין פאַרזיכערט מיט ארבייט און חיונה. דער נאַטירליכער וואוקס פון די טראַסטס וועט ברייננען צו אַן ענלאַכען רעזולטאַט. יעדער בירגער וועט האָבען אַ שטעלע ביי ערגעץ אַ טראַסט.

אדער ער וועט זיין אפהענגיק פון ערגעץ א טראסט. דער פירער פון דעם טראסט וועט דורך זיין פינאנציעלע מאכט זיין אן אונבאשרענקטער הערשער איבער אלע זיינע אונטערטאנען. היינט, ווען די אלע טראסטס פון באזונדערע אינדוסטריען זאלען זיך פאראייניקען אין נאך א גרעסערען טראסט, וועלכער וועט ארייננעמען אלע געשעפטען, וועלען די פארשטעהער פון דעם אלגעמיינעם טראסט ווערען די ווירקליכע רעגירונג פון דער נאציאן. מיט וואס א מענטש זאל זיך ניט באשעפטיקען, וועט ער זיין צוגעבונדען ווי מיט א שטריק צו ערגעץ א טראסט. די געזעצגעבער און די רעגירונג וועלען זיין אין דער זעלבער לאגע. די רעגירונגס־מאכט וועט אפשר בלייבען די זעלבע, אבער די שטאטס־מאכט וועט מוזען פאלגען דער אמת’ער רעגירונג. ווען דער געשעפט זאל גוט געפירט ווערען, וועט יעדער בירגער האבען די מעגלאכקייט, ווי נאך זיין קאפ און נאך זיין פירונג נאך צוצושלאגען זיך צו א בעסערע לאגע איידער היינט־צו־טאג. עס איז נאך א סברה, אז אין דיזער ריכטונג וועט מקוים ווערען בעללאמי’ס חלום „לוקינג בעקווארד“.

אין דעם זעלביקען ביכעל פון דעם זשורנאל זיינען איבערגעדרוקט עטלאכע גלענצענדע בלעטלאך פון בעללאמי וועגען דעם איבערגאנג פון די טראסטס צו סאציאליזם, אונטער דער קעפעל: „בעלאמי’ס נביאות ווערען מקוים“.

דער פלאן עררינערט אן די אנזיכטען פון דעם אוטאפיסטישען סאציאליסט סענסימאן, וועלכער האט פארלאנגט אז די רעגירונגס־מאכט זאל באלאנגען צו די „אינדוסטריעלע“, דאס הייסט די אונטערנעמער (די בעלי בתים): ביי עם איז אויך אויסגעקומען, אז די אינטערעסען פון די ארבייטער און פון די אונטערנעמער זיינען אייניק. א זשורנאל וואס ווערט ארויסגעגעבען פאר באנקירען, דריקט אויס געדאנקען פון אן אוטאפיסטישען סאציאליסט און דרוקט איבער די מיינונגען פון דעם בארימטסטען אמעריקאנער סאציאליסט, נאך מיט דער באמערקונג, אז זיי וועלען מיט דער צייט מקוים ווערען! משיח’ס צייטען!

אז דאס וואלט געווען א פאראיינצעלטע מיינונג, וואלט איך זי גאר ניט איבערגעגעבען. עס איז אבער א פאקט, אז איר קענט זי היינט הערען זעהר אפט אין פיל פלעצער. דריי עדות האבען דאס געזאגט פאר פרעזידענט מאק־קינלים אינדאסטריאל קאמישאן. איי־

נער, דער פרעזידענט פון דער „אמעריקאן עקספארט אסאָסיעישאן" האָט געהאָלפען אין אָרגאַניזירען עטלאכע טראַסטס. ער האָט גע־מאכט שאכער־מאכער מיט קאָנגרעס־לייט און מיט דער רעגירונג, ווען די טראַסטס האָבען געדאַרפט עפּעס דורכפירען. אין דער אינ־דאַסטריאַל קאָמישאַן האָט מען עם געשטעלט די פראגע:

„מיינט איר ניט, אז מיט דער ענטוויקלונג פון מאָנאָפּאָליע אין אַלע געשעפטען געהט צוזאמען א טענדענץ איבערצונעמען אַלע אזעלכע מאָנאָפּאָליעס אונטער דער קאָנטראָליע פון דער רעגירונג, אָדער קורץ גערעט אַ טענדענץ צום סאָציאַליזם, דאָס הייסט, אַז אַלצדינג זאָל באַלאַנגען צו דער רעגירונג?"

אויף דער פראגע האָט ער געענטפערט:

„עס געהט אַן צוויפעל אהין. איינער פון די אינטעליגענטס־טע סאָציאַליסטען אין ניו־יאָרק האָט אין אַן אַרטיקעל אין דעם „אינדעפּענדענט" באגריסט די טראַסטס אלס אַ שריט אפ׳ן וועג צום סאָציאַליזם".

אַנאַנדער עדות איז געווען אַ געוויסער דזשאָדזש היילער, אַן אַדוואָקאַט פון אַטלאַנטא, אין דזשאָרדזשיא, אַן אַלטער מאַן, אי־בער זעכציק יאָר, וועלכער איז געווען אַ דזשאַדזש און אַ מעיאָר און פּאַרזיצענדער אין דעם קאָמיטע איבער וואַסער אין שטאָט אַט־לאַנטא. ער האָט זיך ערקלערט פאַר קהל׳שען אייגענטום אויף אַלע נאַטירליכע מאָנאָפּאָליעס. אַ פּאָפּוליסטישער סענאַטאָר האָט ביי עם געפרעגט:

„אין פאַל פון דעם צוקער־טראַסט און דעם אויל־טראַסט, זאָל די רעגירונג זיך נעמען מאכען צוקער און קאַראָסינע?"

אויף דעם האָט ער געענטפערט:

„עס איז מעגליך, אַז מיינע ווערטער וועלען זיין די ערקלע־רונג פון אַ פּיאָנער, אָבער איך בין פון יענעם סאָרט מענטשען. ביי וועמען עס קומט אויס, אַז ווען אַ זאַך מוז ווערען אויסגעפירט, מוז דאַרף מען זיך נעמען צו איר מיט ענערגיע, עס זאָל טאַקע זיין אין ערנסט".

„דאָס וועט אונדז ברייננגען צו אַ סאָציאַליסטישען סיסטעם.

אמת?" האָט געפרעגט דער סענאַטאָר. דער אַלטער מאַן האָט אויף דעם געענטפערט, אַז ער האָט פון דעם גאָר ניט געטראַכט.

דאָס מערקווירדיקסטע, ווי איר זעט, באַשטעהט אין דעריין, אַז אַ מענטש וואָס האָט ווי עס שיינט פון סאָציאַליזם קיין מאָל ניט געהערט, איז דערגאַנגען צו סאָציאַליסטישע מיינונגען מיט זיין אייגענעם שכל. דער מאַן איז אַ דעמאָקראַט, אָבער דאָס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דער זאַך. אַנאַנדער עדות, אַ רעפּובליקאַנער קאָנגרעסמאַן פון אָהייאָ, טיילער, האָט אויסגעשפּראָכען דיזעלביקע מיינונג נאָך קלאָרער.

„איך צווייפעל ניט, האָט ער געזאָגט, אַז דער טראָסט פירט צו סאָציאַליזם, ער ווייזט אַז סאָציאַליזם איז אונפאַרמיידליך, און ער וועט ענדלאָך ברייננגען צום שטאָאַטס־סאָציאַליזם, ווען דער פאָלק וועט איינזעהען, אַז אַלע וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ געוויסען פּראָדוקט אָדער אין אַ געוויסען געשעפט זיינען פאַראייניקט אין איין גרופּע, אונטער איין קאָפּ, וועט דער יצר הרע זיין זעהר גרויס צו זאָגען: „מיר האָבען איינגעזעהען, אַז דיזע אונטערנעמונגען ווערען פאַרוואַלטעט פון אַ הויפען מענטשען לטובת אַ הויפען; מען דאַרף גאָר קיין פיל חכמה ניט צו נעמען זיי אין די הענט און פאַרוואַלטען זיי לטובת הכלל". די שוועריקייט פון איבערגאַנג צום שטאָאַטס־אייגענטום און די שוועריקייט צו געווינען דעם עולם פאַר דעם פּלאַן באַשטעהט אין דעם, וואָס עס זיינען פאַראַן אַזוי פיל פאַרשידענע אינטערעסען און פאַרשידענע בעלי בתים. אָבער ווען עס איז שוין געקומען צו דערצו, אַז מען דאַרף נאָר אָנכאַפּען די זאַך מיט די הענט און זאָגען: „מיר ווילען עס צונעמען, פּונקט אַזוי ווי דער שטאָאַט נעמט צו אַ שטיק לאַנד וואָס מען באַדאַרף צו בויען אַן אייזענבאַן אָדער אַ פּאַרק, און מיר ווילען דאָס באַטרייבען אַזוי, אַז עס זאָל אַלעמען צוניץ קומען", — ווען עס קומט שוין דערצו וועט איר ניט האָבען זעהר לאַנג צו וואַרטען אויף דעם רעזולטאַט".

דאָס זיינען ניט די רייד פון אַ סאָציאַליסט, עס רעט אַ פּאָליטישען, וועלכער איז געגען די טראָסטס און איז אויך געגען סאָציאַליזם און איז זיך אַליין מודה אַז ער ווייס ניט ווי צו העלפען די צרה.

איך וויל שליסען די איבערזיכט פון דער עפענטליכער מיי־

נונג פון דער קאפּיטאַליסטישער וועלט מיט א וואָרט פון א זעהר באקאנטען קאפּיטאַליסט, וועלכער איז אויך ניט געווען קיין סאָ־ציאַליסט. ער האָט זיך ערקלערט איינפארשטאַנען מיט דער פאָל־גענדער מיינונג:

„דזשיי פּירפּאָנט מארגאַן, איז דאָס קינד פון דעם ענטוויקע־לונגס־געזעץ. נאָך דער טעאָריע פון באַללאַמי, איז ער נאָך אַן אינס־טרומענט אין די הענט פון א גרויסע מאכט. דורך עם ווערען טראָסטס פאַראייניקט צוזאַמען און ווייטער פארבונדען מיט אנדערע פאַראייניקונגען, ביז וואַנען די אונגעהויערליכקייט פון דער גאַנצער מעשה וועט דערשרעקען די מענטשהייט און וועט ענדליך פירען צו שטאַטס־אייגענטום אַף אַלע געשעפטען און צו דער עמאַנציפּאַ־ציע פון דעם ארבייטער“.

אזוי האָט געזאָגט דער מיליאָנער ראַסעל סיידזש!

## 11.

## דער שטאַט און די טראָסטס.

מיר האָבען געזעהען, אז ביסלאַכוויים פארברייט זיך צווישען די קאַפּיטאַליסטען גופא די מיינונג אז די טראָסטס פירען צו סאָ־ציאַליזם. די אינטערעסען פון פילע קאַפּיטאַליסטען פאָדערען, אז די אייזענבאַנען, די טעלעגראַפען, די גאַז־קאָמפּאַניעס, די קוילען־גרו־בען זאָלען איבערגעהן אין קהל׳שע הענט. און עס געפינען זיך שוין א סך קאַפּיטאַליסטען וואָס זיינען צו גונסטען פון „קהל׳שען איי־גענטום אַף נאַטירליכע מאָנאָפּאָליעס“, כאָטש צווישען די גופא, וואָס פארלאַנגען עס וואָלטען דאָס רוב זיין דאַגעגען, אז די רעגירונג זאָל איבערנעמען אנדערע געשעפטען.

א גרויסער טייל פון די קאַפּיטאַליסטען אָבער פארלאַנגען, אז אַלע מאָנאָפּאָליעס זאָלען געשטעלט ווערען אונטער די אויפזיכט פון דעם שטאַט. אין אמעריקע הייסט דאָס א גאַנצע רעוואָלוציע. ביז דער צייט פון די טראָסטס איז דאַ געווען אַלגעמיין אָנגענומען, אז דער שטאַט טאָר זיך ניט מישען אין פּריוואַט־געשעפטען. דאָס איז דער גייסט פון די אמעריקאַנער געזעצע. אבער דער געזעץ אין אמע־

ריקע און אין ענגלאנד פאסט זיך אימער צו צו דעם, וואס דער געשעפט פאדערט. ווען עס בייט זיך די לאגע פון געשעפט, בייט זיך איבער דער געזעץ. דא היע איז דאס לייכטער איידער אין אנדערע לענדער, ווארים דא ווערען די געזעצע גרעסטענטיילס געמאכט פאר יעדען פאל באזונדער אין די קאורטס (אין סוד). ווען עס קומט פאר א נייע שאלה אין קאורט, טו פארטייטשט דער דזשאדזש (דער סודיא) וואס איז דער אמת'ער זין פון די געזעצע, וועלכע זיינען שוין פאראן. און פארטייטשען קען מען יעדע זאך ווי עס פאסט. נעמט צום ביישפיל, די קריסטליכע אמונה. בשעת יעזוס'עס ערסטע תלמידים האבען געשריבען דעם ברית חדשה, איז נאך פון סאציאליזם קיין רעדע ניט געווען. און דאך מיט ניינצען הונדערט יאר שפעטער געפינען זיך דא אין אמעריקע סאציאליסטען וואס לייענען דעם ברית חדשה מיט א סאציאליסטישען ניגון.

אזוי איז אויך היינט מיט דעם געזעץ, אז די רעגירונג טאר זיך ניט מישען אין פריוואט־געשעפט. דאס איז טאקע, ריכטיק, מאכט דער דזשאדזש, אבער דאס באטרעפט נאר לעבעדיקע געשעפטס־לייט. א טראסט פארקערט איז געוועהנטלאך א קארפארעישאן (אן אקציען־געזעלשאפט, ווי דער טייטש זאגט). וואס זשע איז א קארפארעישאן? דאס איז ניט קיין לעבעדיקע פערזאן. דאס איז א באשאפענעס פון דעם געזעץ. „א קארפארעישאן עקזיסטירט נאר דורך דעם, וואס דער געזעץ האט איר באשאפען און האלט איר אוף", — האט פרעזידענט ראזעוועלט געזאגט אין זיין צושריפט צום קאנגרעס אין 1901, — „און דערפאר האט דער קאנגרעס דאס רעכט אכטונג צו געבען, אז די קארפארעישאנס זאלען זיך פירען אזוי ווי דער געזעץ הייסט". דאס זעלבע האט געזאגט ברייען אין זיין קאמפיין פאר פרעזידענט אין 1900.

ווען מען באטראכט גוט דעם זין פון די ערקלערונגען, מוז מען איינזעהען אז די „סאציאלע רעוואלוציאן", וועלכע דארף ארויסנעמען דעם קאפיטאל פון פריוואט הענט און שטעלען עם אונטער קהל'שען קאנטראל, — אז ד י „סאציאלע רעוואלוציאן" איז שוין געשעהען א צייט צוריק. די סאציאלע רעוואלוציאן האט זיך אפגעטאן נאך דעמאלט ווען עס האבען זיך אנגעהויבען צו פארברייטען קארפארעישאנס, עס איז דערפאר נויטיק צו באטראכטען די געשיכטע פון קארפארעישאנס אין געשעפט. אנגעהויבען זיך הא־

בען זיי דעמאלט, אז מען האט אנגעהויבען בויען אייזענבאנען. אף צו בויען אן אייזענבאן האט מען באדארפט אזוי פיל קאפיטאל, אז קיין איינציקער קאפיטאליסט האט אין יענע צייטען, אין דער ערסטער העלפט פון דעם פאריקען יארהונדערט, דאס ניט געקענט דאקאזשען. מען האט זיך געמוזט צונויפלייגען און מאכען א חברה און ווענדען זיך צום שטאט, ער זאל באשטימען דורך געזעץ די רעכטע און די פליכטען פון דער חברה און פון די חברים. שותפ'עשע געשעפטען זיינען פריהער אויך געווען, אבער אין א שותפות'דיקען געשעפט נעמט יעדער שותף אף זיך די אחריות פאר אלע חברים פון דעם געשעפט. אין א קארפארעישאן אבער, איז דאס ניט אזוי. אז א קאפיטאליסט לעגט אריין צען טויזענט דאלאר אין די קארפארעישאן, איז ער פאראנטווארטליך נאר מיט די צען טויזענט דאלאר און מער קיין סענט ניט. אלזא, דער געזעץ פון שותפ'עשע געשעפטען טויג פאר א קארפארעישאן ניט. ווען מען האט זיך גענומען בויען אייזענבאנען, האבען די קאפיטאליסטען דערפאר געמוזט זיך ווענדען צום שטאט ער זאל מאכען פאר זיי א באזונדערען געזעץ. אזוי איז פאר די לעצטע אכציק יאר אויסגעוואקסען א גאנצע „„בבא קארפארעישאן“. שפעטער האבען זיך אנגעהויבען צו גרינדען קארפארעישאנס אין אנדערע געשעפטען אויך, וואו מען וואלט געקענט אויסקומען אן א קארפארעישאן אויך זעהר גוט. צום ביישפיל, אז מען עפענט א באנק מיט א קאפיטאל פון 25,000 דאלאר איז דאס ניט דערפאר וואס איין קאפיטאליסט פארמאגט ניט אזא קאפיטאל אריינצולעגען אין א באנק־געשעפט, נאר ווארים עס איז אין פילע אנדערע הינזיכטען בעקוועמער. פון דעם אנדערען זייט אבער, געפינען זיך זעהר גרויסע געשעפטען, וואס זיינען ניט קיין קארפארעישאנס, ווען דער אייגענטימער פארמאגט אריינצולעגען דעם קאפיטאל וואס מען דארף אין א פריוואט־געשעפט דארף מען קיינעם ניט אפגעבען ראפארט, מען טוט וואס מען וויל.

אלזא פון אנהויב האבען זיך געגרינדעט קארפארעישאנס אום צונויפצוברענגען גרויסע קאפיטאלען. עס איז געווען א פריי־וויליקע זאך: ווען די קאפיטאליסטען האבען געוואלט, האבען זיי זיך פאראייניקט אין א קארפארעישאן, ווען זיי האבען געפונען פאר בעסער, האבען זיי געקענט פירען זייערע געשעפטען יעדער פאר זיך. זינט אבער עס האבען זיך אנגעהויבען צו בילדען טראסטס

איז געוואָרען אנדערס. א טראָסט ווערט געמאכט מיט דעם צוועק צו פּאראייניקען, ווען מעגלאך אלע קאַפּיטאַליסטען פון א געוויסער אינדוסטרי. אלזאָ מוז מען מאכען צ׳ קאָרפּאָרעישאַן. און א קאָרפּאָרעישאַן שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון דעם שטאַט. ווערזשע האָט געמאכט די קאַפּיטאַליסטישע געשעפטען פאַר האלב קהל׳שע? די קאַפּיטאַליסטען אַליין, דורך דעם וואָס זיי האָבען געמאכט קאָרפּאָרעישאַנס און טראָסטס. ווי ווייט דער שטאַט געפינט פאר נויטיק אריינצומישען זיך אין די געשעפטס־פירונג פון א קאָרפּאָרעישאַן, איז אַזאַ זאַך, וואָס היינט ווערט זי באַשטימט אַזוי, מאָרגען אנדערס. די הויפּטזאַך אָבער איז, אז דער שטאַט האָט באַקומען דאָס רעכט צו זאָגען ווי א געשעפט דאַרף געפירט ווערען.

„ביז וואַנען איך בין אים שטאַנד צו קויפען, וואָס איך באַדאַרף, ביי איין קרעמער, אָדער אנטקעגען ביי זיין קאָנקורענט, בעט קיינער די רעגירונג ניט, זי זאָל זיך אריינמישען אין פּריוואַטגעשעפטען. אָבער אז א טראָסט נעמט אריין אין זיינע הענט א סחורה, אַז וועלכער קיינער קען ניט אויסקומען, און צווינגט דעם עולם צו צאָלען, וואָס מען הייסט, אָדער בלייבען אָן א זאַך, וואָס יעדערער באדאַרף זי, טו הערט אַזאַ געשעפט אויף צו זיין א פּריוואט געשעפט“, זאָגט אן אמעריקאנער שרייבער איבער טראָסטס.

אַלזאָ, די פאָדערונג, אז דער שטאַט זאָל זיך נעמען שטרענגער צו די טראָסטס, שטאַמט דערפון וואָס די טראָסטס זיינען פיינדליך צו די אינטערעסען פון דעם פּובליקום. ווען מען רעט פון דעם פּובליקום, מיינט מען אין דער אמת׳ען די קאַפּיטאַליסטישע קונדען פון די טראָסטס, וואָס קויפען פון די טראָסטס אייזען, שטאָל, קוילען, טוך און אנדערע מאַטעריאלען אָדער האלב־געמאכטע וואַרען. אָדער יענע וואָס ליפערען מאטעריאלען פאַר דעם טראָסט; ווי צום ביישפּיל, וואָס ליפערען טאַבאַק בלעטער פאַר דעם טאַבאַקטראָסט, אָדער ענדלאַך די קאָנקורענטען פון די טראָסטס. ווען אָבער, ווי מיר האָבען געזעהען, די טראָסטס פארברייטען זיך וואָס ווייטער רק מערער אין נייע צווייגען פון געשעפט און פארדרענגען זייערע קאָנקורענטען, טו הייסט דאָס, אז די צאָל פון די געגנער פון טראָסטס ווערט רק קלענער, אלזאָ, האָט די קאַפּיטאליסטישע אפּאָזיציע געגען די טראָסטס גאָר קנאַפּע אויסזיכטען.

אָבער מיט דער פארברייטונג פון די טראָסטס וואַקסט אן אנדערע אָפּאָזיציע, אין מיטען פון די טראָסטס גופע, וואָס פארלאַנגט

אז דער שטאט זאל זיי נעמע זאונטער זיין קאנטראלע.

די וויסענטשאפטליכע אנארכיסטען, ווי צום ביישפיל, קראפאטקין און טשערקעזאוו, האבען נאך לאנג פאר בערנשטיינען אנגעוויזען אף דעם וואוקס פון דעם „מיטעל־קלאס", דאס הייסט פון מענטשען מיט „מיטעלערע איינקינפטע". שפעטער האט אף דערויף אנגעוויזען בערנשטיין אין זיין בוך, און דערנאך האבען באנוצט דעם זעלביקען ארגומענט די טראסט מאגנאטען. עטלאכע פון זיי האבען באהויפטעט פאר מעק'קינלים אינדוסטריעל קאמישאן, אז הגם דער טראסט פאראייניקט פילע געשעפטען אונטער איין פארוואלטונג, צוטיילט ער צו דער זעלבער צייט דעם אייגענטום אין מערערע הענט. צ. ב., איידער עס האט זיך געבילדעט דער צוקער טראסט זיינען אינגאנצען באשטאנען אין די פאר. שטאטען ניין צוקער פאבריקען, און יעדע האט געהאט אין דורכשניט דריי בעליבתים, צוזאמען זיבען און צוואנציק. היינט זיינען די אקציעס פון דעם צוקער טראסט פארטיילט אין טויזענטער הענט. דאס זעלבע אין אלע אנדערע טראסטס. די גענויע צאל פון אלע אקציאנערען פון די טראסטס וויים מען נים. מען וויים אבער אז אין 1901 זיינען געווען אן ערך פון 900,000 אקציאנערען פון אייזענבאנען, נאהענט פון 300,000 אקציאנערען פון באנקען: די סטענדארד אויל קאמפאני האט געהאט 3,500 אקציאנערען מיט א קאפיטאל פון $100,000,000. נאך דער רעכענונג האט עס אויסגעמאכט אף די $4,000,000,000 פון אלע טראסטס צוזאמען 140,000 מאן. קורץ, עס מוז זיין נאהענט פון 1,500,000 „מיטעל קלאס" מענטשען, וואס זיינען פאראינטערעסירט אין די טראסטס. מיר האבען אבער געזעהען, אז די פארוואלטונג פון זייער קאפיטאל ליגט אין די הענט פון עטלאכע הונדערט פערזאנען, וועלכע האבען די מאיאריטעט. די אינטערעסען פון די 1,500,000 אקציאנערען און די פאר הונדערט דירעקטארען אבער זיינען בשום אופן נים אייניק.

איך האב שוין דערצעהלט פריהער, אז בשעת די טראסטס האבען זיך געגרינדעט, האבען זייערע מאכערם ארייגגעלאזען אין דעם קאפיטאל פון יעדען טראסט מאסען „וואסער". מען האט ארויסגעלאזען זאגענאנטע „קאמאן סטאק" אף טויזענטער מיליאנען דאלאר, און מען האט זיי פארקויפט דעם „פובליקום". דעם „פרעפערד סטאק" האבען די מאכערם געלאזען פאר זיך. מען האט צו־

געזאָגט די אַקציאָנערען גילדערנע בערג דורך די מאָנאָפּאָליע פון די טראַסטס, אין דער אמת'ן האָט זיך דערפון אויסגעלאָזען א נעבטיקער טאָג.

די קאָמאַן סטאָק האָט יאָרען־לאנג ניט געטראָגען קיין דיווידענד, און דאָס איז ניט געוועזן דערפאר, וואָס די טראַסטס האָבען ניט געמאַכט קיין גוטע געשעפטען, נאָר דורך די מאכערייען פון די דירעקטאָרס. פון דעם פּראָפיט ווערט צו ערסט אראָפּגערעכענט א דיווידענד פאר דעם פּרעפערד סטאָק, און די איבעריקע לעגט מען אַוועק אָן א זייט צו פארגרעסערען דעם געשעפט, אויסצוקויפען אזעלכע קאָנקורענטען, וואָס זיינען נאָך געבליבען, און צום סוף אף אנצוקלייבען א קאַפּיטאל, וואָס זאָל ליגען אָנגעגרייט אף אזא פאַל ווען דער געשעפט זאָל א יאָר ניט טראָגען גענוג צו באצאָלען דיווידענדען אפ'ן פּרעפערד סטאק, זאָל מען פון יענעם קאפּיטאל קענען נעמען און אויסצאָלען דיווידענדען. ווען עס בלייבט עפּעס נאָך אלעם דעם, באקומען די געוועהנלאכע סטאָקהאָלדערס אויך עפּעס, אָבער דאָס טרעפט זעהר זעלטען. אָבער אפילו דער אייגענטימער פון פּרעפערד סטאָק, וואָס האָט שוין כלומר'שט ניט קיין ספּעקולאטיווען כאראקטער, איז גאָר ניט געזיכערט געגען אַזעלכע קונצען. דער קופּער טראָסט האָט מיט א פּאָר יאָר פאר דעם קריזיס פון 1907 געהעכערט דעם פּרייז פון קופּער ביז 25 סענט אַ פונט, בעת עס קאָסט זיי אליין העכסטענס 10 סענט. פריהער איז דער פּרייז געווען 12—13 סענט. נאַטירליך זיינען די סטאקס געשטיעגען אין קורס. די מאכערס האָבען פארקויפט א טייל פון זייערע סטאקס צו די שעפּסען. דערנאָך האָבען זיי אין דער צייט פון אַ פּאָר חדשים, אין זומער 1907, נאָך פאר דעם קריזיס, ארונטערגעהאקט דעם פּרייז פון קופּער ווידער אוף 13 סענט און האָבען דערנאָך ערקלערט, אז מיט אזעלכע פּרייזען איז ניטאָ פון וואָס צו צאָלען דיווידענדען. דער קורס פון די סטאקס איז באלד געפאלען מער ווי אוף העלפט, די מאכערס האָבען איינגעקויפט צוריק די סטאקס בחנם, די מאסע סטאקהאָלדערס האָבען פארלאָרען אַ העלפט פון זייער קאפּיטאל. דאָס איז דיזעלבע זאַך ווי קאָנפיסקאציע. דער סטאקהאָלדער איז מער קיין בעל הבית ניט איבער זיין אייגענטום.

יעדע „שער“ האָט איין וואוט. ווען די מאכערס האָבען די מאָ־

יאריטעט פון אלע שערס, טו וואס קען די מינאריטעט טאן? דערצו נאך דארף מען גאר ניט האבען די מאיאריטעט פון אלע שערס צו האבען די מאיאריטעט אין דער פארזאמלונג פון די סטאק־האלדערס. ווי דאס ווערט געמאכט, האב איך שוין דערצעהלט. די מאבערס זיינען שוין אלע מאל זיכער מיט א מאיאריטעט. וואס קען א מינאריטעט טאן געגען א מאיאריטעט? זי מוז אלזא זוכען שטיצע דרויסען, און זי זוכט זיך צו העלפען דורך דעם שטאט.

מען רעט זעהר פיל וועגען דעם, אז מען מוז באשיצען „דעם פובליקום“, די מענטשען וואס פארטרויען זייערע אפגעשפארטע געלט צו די טראסטס. פרעזידענט רוזוועלט האט דאס אויסגעשפראכען אין זיין ערסטער צושריפט צום קאנגרעס, אין 1901. נאך זיין מיינונג וואלט פון אנהויב אן גענוג געווען, אז דער געזעץ זאל צווינגען די טראסטס צו מעלדען פאר'ן פובליקום, ווי שטעהען זיינע געשעפטען, פונקט אזוי ווי די באנקען מוזען היינט טאן. אז מען וועט וויסען עפעס נעהנטער וועגען זייערע געשעפטען, וועט מען זיך שוין יעמאלט געבען אן עצה.

ראזוועלט'ס פלאן איז אויסגעפירט געווארען אין פרעזידענט ווילסאן'ס אדמיניסטראציע, עס איז געשאפען געווארען די „פעדעראל טרעיד באארד“, וואס דארף אכטונג געבען איבער אלע קארפארעישאנס מיט א קאפיטאל איבער $5,000,000. אז עס וועט ביי דערביי ניט בלייבען, איז זיכער. וואס איז די פעולה פאר די סטאק האלדערס, אז זיי וויסען שוין יע אויף וויפיל מען האט זיי געזעצליך באשווינדעלט? אום צו באשיצען די סטאק־האלדערס וועט דער שטאט געהן טיפער אין די געשעפטען פון די טראסטס, אבער ווען דער שטאט זאל שוין זיך אנעמען פאר די סטאק־האלדערס, וועט ער געצוואונגען זיין זיך אנצונעמען פאר די אינטערעסען פון „דעם פובליקום“ אויך. די קאנקורענטען פון די טראסטס זאגען, אז דער בעסטער מיטעל צו באשיצען דעם פובליקום איז אופצוהאלטען קאנקורענציע, און דערצו דארף דער געזעץ באשטראפען „אונארענטלאכע קאנקורענציע“. ווען א טראסט פארקויפט אין א געוויסען פלאץ אונטער דעם מקח וואס עס קאסט עס אליין צו מאבען די ווארע, נאר מיט דעם צוועק צו רואינירען א קאנקורענט, איז דאס „אונארעטלאכע קאנקורענציע“.

מען קען לייכט מאכען אזא געזעץ, אף'ן פאפיר איז **אלץ** לייכט.

אויספירען אבער אז די טראסטס זאלען פאלגען אזא געזעץ, איז אונמעגלאך. צו באווייזען אז דער פרייז איז נידעריקער איידער עס קאסט דעם טראסט צו מאכען די ווארע, מוז מען אויסהערען הונדערטער עקספערטען איבער הונדערטער געשעפטס־פראגען, יעדער פראצעס וואלט זיך געצויגען יארען לאנג. דער קלעגער וואלט מחויב זיין צו באווייזען וויפיל עס האט געקאסט דעם טראסט צו מאכען די ווארע און ניין מאל אין צען וואלט עס אונמעגלאך זיין צו קריגען די באווייזע. ווי אונפארטייאיש די קאורט זאל ניט זיין, וואלט עס זיין אונמעגלאך צו פארמשפט'ען דעם טראסט.

סוף כל סוף וועט דער שטאט מוזען באשטימען, צו וואס פאר א פרייז דער טראסט מעג פארקויפען זיין ווארע, ווי ער באשטימט שוין היינט צו וואס פאר א פרייז די גאז קאמפאניעס מעגען פארקויפען גאז.

מיט דער פאדערונג איז רוזוועלט ארויסגעטראטען אין 1910, „פאראייניקונגען אין דער אינדוסטרי—זאגט ער — זיינען דער רעזולטאט פון א צווינגענדען עקאנאמישען געזעץ, וואס קען ניט אפגעשטעלט ווערען דורך פאליטישע געזעצגעבונג. דער פארזוך צו פארביטען יעדען סארט פאראייניקונג איז א דורכפאל. די רפואה איז ניט צו סטארען זיך צו שטערען די בילדונג פון אזעלכע פאראייניקונגען, נאר צו קאנטראלירען זיי פאלקאמען אין די קהל'שע אינטערעסען".

זיין פראקטישער פלאן איז, אז דיזעלבע אויפזיכט וואס דער שטאט האט איצט איבער די „פאבליק סערוויס קארפארעישאנס", דאס הייסט איבער די קאמוניסטישע אונטערנעמונגען (אייזענבאנען, גאז און עלעקטרישע קאמפאניעס), זאל אויסגעברייט ווערען אויף די טראסטס, די רעגירונג זאל באשטימען דעם פרייז פון אלע ווארען, וואס ווערען פראדוצירט פון א טראסט, און זאל אויך האבען די מאכט צו באשטימען זייער קאפיטאל און זייערע פראפיטען.

לאמיר באטראכטען וואס עס הייסט, אז די טראסטס זאלען רעגולירט ווערען אויף דעם זעלבען אופן ווי, למשל, די גאז־קאמפאניעס, דורך ספעציעלע קאמישאנס? די מאכט פון דער ניו־יארקער פאבליק סערוויס קאמישאן ליגט אין דערין וואס זי האט דאס רעכט צו באשטימען דעם פרייז פון די פראדוקטען פון די

קאמפאניעס, וואס שטעהען אונטער איר השגחה : גאז, עלעקטרישע קראפט, קאר־טיקעטס, ווען דער שטאט (די רעגירונג) זאל באשטימען דעם פרייז פון די ווארען, וואס ווערען געמאכט פון א טראסט, טו מוז די רעגירונג אופפאסען, אז דער טראסט זאל ניט באריסען דעם עולם. אבער צו דערזעלבער צייט קען די רעגירונג ניט שטעלען אזא נידעריקען פרייז, אז עס זאל קיין פראפיט ניט בלייבען פאר די סטאק האלדערס. מיר רעדען דא ניט פון א רעוואלוציאנערער רעגירונג, וואס וויל אוועקנעמען דעם קאפיטאל פון די קאפיטאליסטען. נאר פון דער היינטיקער רעגירונג. די קאמישאן וועט אלזא דארפען אויסרעכענען, וואס עס קאסט צו ברענגען די ווארע אופ'ן מארק — און צולייגען דערצו א געוויסען פראפיט. דא לאמיר זיך אפשטעלען. ערסטענס, איז די קשיה : וויפיל, וואס פאר א פראצענט ? און, צווייטענס, א פראצענט פון וואס פאר א קאפיטאל ? דער קאפיטאל פון אלע טראסטס איז פארוואסערט. היינט צו טאג, אז א טראסט צאלט 6% אוף זיין קאפיטאל, מאכט דאס אוים אפשר 20% אף דעם אמת'ן קאפיטאל, וואס איז אריינגעלעגט געווארען אין געשעפט. אבער ווען דער טראסט צאלט 6%, איז יעדע שער פון זיין קאפיטאל ווערט אויפ'ן סטאקעקסטשענדזש $100, הגם געקאסט האט זי נאר 30. היינט ווען דער שטאט נעהט באשטימען דעם פראפיט, מעג ער זאגען : 6% איז רעכט, נאר לאז דאס הייסען 6% טאקע אף דעם קאפיטאל, וואס איז ווירקליך אריינגעלעגט געווארען אין געשעפט, דאס הייסט, אף $30. וואס־זשע קומט דערפון ארוים ? די שער, וואס האט זיך פריהער פארקויפט פאר $100, וועט איצטער זינקען ביז $30. דאס הייסט, מיט דעם רעגולירען דעם פרייז קאנפיסקירט דער שטאט $70 פון יעדע 100 פון דעם טראסטס'ס קאפיטאל. איר וועט מיך פרעגען: ווי אזוי, עס איז דאך גענען די קאנסטיטוציע צו נעמען אן באצאלען ? ניין, עס איז ניט. דער שטאט נעמט דאך ניט אוועק פון דעם טראסט קיין ברעקעל פון זיין מאשינערי, פון זיין מאטעריאל, פון זיינע פראדוקטען: ער זאגט אפילו ניט, אז די הונדערט־דאלארדיקע שער זאל פון היינט אן הייסען $30. חלילה, איר מעגט זיך דאס רופען $100. דער שטאט נעמט נאר און שאצט אפעט, וואס דער טראסט האט, און זאגט, אז האבען האט ער ניט מער ווי אף $30 אייגענם אויף יעדע שער, אף די $30 מעג ער צאלען 6% דיווידענדען. דער פועל יוצא דערפון אבער איז פארט דער פאר־

לוסט פון 70% פון קאפיטאל. אלזא, טאטזעכליך א קאנפיסקאציע, וואס איז געזעצליך.

היינט, ווען די רעגירונג האט דאס רעכט צו באשטימען דעם פראפיט פון א טראסט און דעם פרייז פון דער ווארע, טו רעכענט אראפ פון דעם פרייז דעם קאסט פון מאטעריאלען און דעם פרא־פיט, —וואס בלייבט? די שכירות פון די ארבייטער, אלזא ווען דער שטאט זאל זיך נעמען צו באשטימען דעם פרייז פון די ווארען וואס ווערען געמאכט פון א טראסט, טו מוז ער צו דערזעלבער צייט בא־שטימען די שכירות פון די ארבייטער, דאס הייסט, אז די רעגירונג באשטימט ווי אזוי דער ריוח פון דעם טראסט דארף צוטיילט ווערען צווישען די קאפיטאליסטען און די ארבייטער. די ארבייטער פראגע געהט אלזא אריין אין „פאליטיקס“. דאמאלס דארף מען ניט שטו־דירען דעם סאציאליזם צו פארשטעהען, אז די ארבייטער־פראגע איז א פאליטישע פראגע, ווען עס זאל אפהייננגען פון די פאליטישענס צו באשטימען דעם ארבייטס־לוין, וועט יעדער ארבייטער פארשטע־הען, וואס פאר א בהמה ער זאל ניט זיין, אז ער מוז זעהן צו ער־וועהלען א קאנדידאט, וואס וועט זיך איינשטעלען פאר די אינטע־רעסען פון די ארבייטער*).

---

*) א ביישפיל, ווי די רעגולירונג פון א געשעפט דורך די רעגי־רונג ציהט אריין די ארבייטער אין דעם פאליטישען קאמפף, האבען מיר געזעהען אין דעם פרעזידענטשאפטס־קאמפעין פון 1908. זינט 1889 עקזיסטירט דא די „אינטערסטעיט קאמערס קאמישאן“, א סארט אייזענבאן־מיניסטעריום, ווי עס זיינען פאראן אין איראפעאישע לענ־דער. אין 1906 האט דער קאנגרעס איר געגעבען די מאכט צו רעגו־לירען די אייזענבאן־פראכט. באלד נאכדעם האבען די געשעפטסלייט איבעראל אנגעהויבען צו אגיטירען פאר ביליגערע פראכט. דא אבער האט זיך אררינגעמישט דער קריזיס, די אייזענבאנען האבען אין דערין דער־זעהען א גוטען תירוץ צו העכערען די פראכט. וואס־זשע טוען זיי? זיי האבען געגעבען אנצוהערענים, אז זיי קענען מיט די אלטע טאריפען ניט צאלען די אלטע שכירות און וועלען מוזען די שכירות ארונטערי־סען. מילא, וואלט דאס ניט געווען קאמפעין־צייט, וואלט אפשר די רעגירונג אין דעם עסק זיך ניט אריינגעמישט. דא אבער האט זיי פרע־זידענט ראזעוועלט געלאזט וויסען, אז אויב זיי וועלען זיך דערוועגען

דער ארבייטער קלאַס און דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס (די סטאַק־האָלדערס) וועלען דעמאָלט שטעהען איינער אנטקעגען דעם אנדערען אין דער פּאָליטיק, אָן קיין שום פארשטעלענעס. וואָס גרעסער איז דער פּראָצענט פון פּראָפיט, דאָס נידעריקער זיינען די שכירות; וואָס העכער די שכירות, דאָס וויניקער בלייבט פאר דעם קאַפּיטאַל. וואָס מערער דער ארבייטער וועט באקומען, וואָס קירצער עס וועט זיין דער ארבייטס־טאָג, וועט דער ארבייטער ווערען מער מענטש, ער וועט ווערען געבילדעטער, עס וועט זיך עס וועלען לעבען מער ווי א מענטש דאַרף לעבען. דער חלק פון דעם ארבייטער וועט שטייגען, דער חלק פון קאַפּיטאַל וועט זינקען. די ראָלע פון דעם קאַפּיטאַליסט וועט באשטעהען נאָר אין דעם וואָס ער וועט ציהען א געוויסען פּראָצענט פון געשעפט, די גאנצע פירונג פון געשעפט וועט זיין אונטער דער אופזיכט פון דעם שטאַט. דאָס איז אזא צושטאנד פון וועלכען עס האָט אַמאָל געשריבען דער גרויסער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליסט פּוריעי, וואָס האָט פארלאנגט אז אלץ וואָס ווערט אופגעארבייט אין דער געזעלשאַפט זאָל צוטיילט ווערען נאָך א געוויסער פּראָפּאָרציע צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט און דער גאנצער געשעפט זאָל שטעהען אונטער דער אופזיכט פון דעם שטאַט. דאָס איז דער צושטאנד פון וועלכען עס

---

דאָס צו טאָן, האָט ער אַף זיי אַ בייטש. אַלזאָ, זעט איר, אַז רעגולירען די פּראַכט הייסט רעגולירען אַרבייטס־לוין.

די בראָדערהודס פון די אייזענבאַן אַרבייטער האָבען באשלאָסען פון זייער זייט, אַז זיי וועלען אַרבייטען פאר טאַפט'ן, וואָרים טאַפט וועט זיין גוט־פריינד מיט די אייזענבאַנען און וועט זיי לאָזען העכערען די פּראכט, דעמאָלט וועלען זיי קענען צאָלען דעם אַלטען אַרבייטסלוין. אַלזאָ, וויבאלד דער שטאַט האָט אַ דעה איבער אַרבייטסלוין, זעט איהר שוין, אַז עס נעמט ניט לאַנג, די ארבייטער זאָלען וואוטען פאר אַ קאַנדידאט, וואָס דורך עם האָפען זיי צו קריגען אַ העכערען אַרבייטס־לוין.

צי זיי זיינען געווען גערעכט דערמיט, וואָס זיי האָבען זיך פארטרויט אין טאַפט'ן, צי ניט, דאָס איז דאָ ניט די פראגע. דער עיקר איז וואָס זיי זיינען ארויסגעצויגען געוואָרען אין די פּאָליטיק צו באַשיצען זייערע אינטערעסען אַלס ארבייטער.

האט געשריבען איינער פון די באגרינדער פון דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם קארל ראדבערטוס.

נאטירלאך, אלץ הענגט אפ דערפון, אין וואסערע חלקים דער פראדוקט זאל איינגעטיילט ווערען. אבער אין א דעמאקראטי־שען שטאט, וואו דער ארבייטער קלאס איז אן ערך 40% פון דער באפעלקערונג, קען דער ארבייטער קלאס שוין זאגען אין דערין א דעה.

ווען די געזעלשאפט זאל זיין אזוי איינגעארדענט און דער פראפיט זאל ארונטערזינקען ביז א קליינעם פראצענט, קען דעמאלט קומען אזא צייט, אז די געזעלשאפט זאל אין גאנצען אויסקויפען פון די קאפיטאליסטען זייער רעכט צו ציהען א פראפיט פון דעם געשעפט.

עלפטער קאפיטעל:

# דער פלאַטץ פון די טראַסטס אין דעם מאַרקסיסטישען סיסטעם.

## 1.

### דער ארייַנוואַקסען פון דעם קאַפּיטאַליזם אין סאָציאַליזם*).

איך האָב אייך געגעבען צו פארשטעהען, ווי די טראַסטס וואקסען אין אמעריקע. איצטער קענען מיר א שמועס טאָן איבער דעם, וואס די טראַסטס האָבען צו טאָן מיט'ן סאָציאַליזם. ווי איר ווייסט, האָט זיך דער ערסטער טראַסט, און ביז היינט נאָך איינער פון די גרעסטע, ראקעפעלערס סטענדאַרד אויל, געגרינדעט אין 1882, ווען קארל מארקס איז שוין געלעגען א טויט קראנקער. מיט עטלאכע חדשים שפּעטער איז ער געשטאָרבען. ארום דער זעלביקער צייט האָבען זיך אין דייטשלאנד גענומען גרינדען קארטעלען, דאָס הייסט אף אמעריקאנער לשון „פולס", פאראייניקונגען פון אונאפּהענגיקע קאפּיטאליסטען צו באַשטימען דעם פּרייז. אין אייראָפּא איז נאָך עד היום ווייטער ניט געגאנגען, א חוץ אין ענגלאנד, וואו די יענקים הויבען אָן איינפירען אמעריקאנער מעטאָדען. די סאָציאַליסטישע שרייבער האָבען באלד פון אָנהויב אָנגעציינגט, אז די טראַסטס באווייזען נאָך אמאָל, אז קארל מארקס איז געווען גערעכט, — אלע געשעפטען ווערען פאראייניקט אין א קנאפּער צאָל הענט. אָבער דאָס האָט מען שוין געוואוסט נאָך איידער די טראַסטס האָבען זיך גענומען גרינדען, דער עיקר פון די טראַסטס, אז זיי אָרגאניזירען דעם געשעפט פון דער געזעלשאפט מיט א סאָציאַליסטישען פּלאַן פארשטעהט מען נאָך זעהר ווייניק. קארל מארקס, אין זיין „קאַפּיטאל", רעט אימער פון דער

---

*) אוגוסט בעבעל האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ רעדע אין 1892, אַז די קאפּיטאליסטישע געזעלשאַפט „וואקסט ארייַן אין סאָציאליזם". די ראָליע פון די טראַסטס האָט ער אָבער דערביי ניט באַרירט.

קאפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט ווי פון איינער וואָס איז געגרינדעט אַף קאָנקורענציע. ער זאָגט, אַז דער געשעפט ווערט פאַראייניקט אין ווייניקער הענט דורך דעם, וואָס איין גרויסער קאַפּיטאַליסט קוילעט אוועק אַ סך קלענערע און דאָס טוט ער דורך קאָנקורענ־ציע. ער פאַרקויפט וועלוועלער און זיי מוזען אָפּטרעטען. קאָנ־קורענציע אַליין, ווייזט זיך עס אויס, איז פעסט פאַרבונדען מיט'ן קאַפּיטאַליזם, און ער זאָגט בפירוש, אַז ער וועט די נאַטור פון קאָנקורענציע גאָר באַזונדער ניט אונטערזוכען. נו, די ענטוויקלונג פון די סטאַ'ס האט באוויזען אַז קאָנקורענציע ווערט אָפּגעשאַפט נאָך אונטער דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, ווערט אָפּגעשאַפט פון די קאַפּיטאַליסטען גופא.

די ענטוויקלונג פון טראַסטס ווייזט, אַז די נעקסטע מדרגה נאָך קאָנקורענציע איז ניט סאָציאַליזם, נאָר פּריוואַט מאָנאָפּאָליע. סאָציאַליזם וואַקסט אויס פון פּריוואַט מאָנאָפּאָליע, סאָציאַליזם איז קהל'שע מאָנאָפּאָליע. דער ערסטער, וואָס האָט דעם געדאַנק אויסגעשפּראָכען, איז געווען עדוארד בעלאַמי, אַן אַמעריקאַנער, אין זיין בוך, „לוקינג בעקווארד“, וועלכער איז ערשינען אין 1888, בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע אַגיטאַציע געגען די טראַסטס. ער זאָגט, אַז סוף כל סוף וועלען זיך אַלע טראַסטס פאַראייניקען אין אַן אַלגעמיינעם טראַסט. און דער אַלגעמיינער טראַסט וועט זיין „דער פאָלק“ אַליין. ווי דאָס וועט פּאַסירען זאָגט ער ניט, וואָרים דעמאָלט איז נאָך די זאַך ניט געווען קלאָר. עס האָבען זיך אין דער פראַגע סך הכל אינטערעסירט נאָר סאָציאַליס־טען, רעפאָרמערס און געלערטע. אַ געשעפטליכען אינטערעס האָבען אין איר אין גאַנצען געהאַט אַ קליינע צאָל מענטשען, וועל־מען עס האָט אַליין צוגעקוועטשט. אָבער די פאַרברייטונג פון די טראַסטס האָט צוגעקוועטשט אַ סך קאַפּיטאַליסטען, און עס האָט זיך דעמאָלט ארויסגעוויזען אַז די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליס־טען זיינען גאָר ניט אייניק. אין דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס גופא געהט פאַר אַ קאַמפּף וואָס צוטיילט עס אין פיינדליכע לאַגערן. און דער קאַמפּף צווישען די קאַפּיטאַליסטען מאַכט בּיסלאַכווייז איבער פּריוואַט־מאָנאָפּאָליע אין קהל'שע מאָנאָפּאָליע. ווען די קאַפּיטאַליס־טען און די פאַרמערס (אַ גרויסער טייל פון דעם „מיטעלקלאַס“) פאָ־דערען, אַז די רעגירונג זאָל איבערנעמען די אייזענבאַנען, איז דאָס אַ שטיקעל סאָציאַליזם. און זיי וועלען דאָס געוויס אויספירען.

ווען קאפיטאליסטען און געשעפטס־לייט פאדערען, אז די רעגירונג זאל צונעמען די טעלעגראפען, איז דאס ווייטער אשטיקעל סאָציאליזם. ווען די געשעפטס־לייט פאדערען אז די שטאט זאל איבערנעמען די גאז קאמפאניעס און די טעלעפאנען, איז דאס נאך א שטיק סאציאליזם. ווען די קאפיטאליסטען שרייען, אז די רעגירונג זאל איבערנעמען די קוילען־גרובען, האט איר ווייטער א היפשען ביסען סאציאליזם. ווען די סטאק־האלדערס, דאס הייסט, די שותפים פון די טראסטס, פארלאנגען, די רעגירונג זאל האבען א דעה אין דעם געשעפט פון די טראסטס, איז דאס נאך קיין סאציאליזם ניט, אבער עס איז אן אנהויב. זאל מען נאר לאזען די רעגירונג אריינמישען זיך אין די געשעפטען פון א טראסט, דערמאלט וועט שוין קענען פארקומען די פראגע, פאר ווען זאל זיך די רעגירונג אנעמען. ווען די קאפיטאליסטען פארלאנגען, אז די רעגירונג זאל אזוי אדער אזוי באשטימען די פרייזען פון די וואַרען, וואס ווערען געמאכט פון א טראסט, טו איז דאס שוין א היפשע שטיק סאציאליזם, ווארים דאס צווינגט די רעגירונג צו באשטימען וויפיל פראפיט מעג דער קאפיטאליסט מאכען און וויפיל שכירות זאל דער ארבייטער קריגען.

ווער האט דער רעגירונג געגעבען דאס רעכט צו מישען זיך אין די געשעפטען פון די טראסטס? די טראסטס אליין. ווי אזוי? ווייל זיי קענען ניט באשטעהן ווי פריוואט־געשעפטען, זיי מוזען זיין קארפארעישאנס, און א קארפארעישאן איז פון אייביק אן געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג. קיינער האט די קאפיטאליסטען ניט געצוואונגען זיי זאלען מאכען פון זייערע פריוואט געשעפטען קארפארעישאנס, זיי האבען דאס מיט זייער אייגענעם ווילען געטאן, ווארים אנדערש קענען זיי ניט פארניכטען די קאנקורענציע און מאכען א מאנאפאליע.

איר זעט אלזא אז די קאפיטאליסטען אליין, יענע וואס בויען טראסטס און יענע וואס ווילען זיי ציברעכען, טוען יעדערער זיין קליינע שטיקעל ארבייט, איבערצומאכען די פריהערדיקע פריוואט־קאפיטאליסטישע געזעלשאפט אין א געזעלשאפט פון שטאטס־קאפיטאליזם, אדער שטאטס־סאציאליזם.

עס איז א קלאסען־קאמפף, אבער ניט צווישען דעם קאפיטאליסטישען קלאס און דעם ארבייטער־קלאס, ווי מארקס האט עס

זיך פערגעשטעלט, נאָר צווישען קאַפּיטאַליסטען און קאַפּיטאַליסטען.

ווען עס וואַקסט אויס פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם שטאַטס־קאַפּיטאַליזם, אָדער שטאַטס־סאָציאַליזם (עס איז אַלץ איינס), דעמאָלט ערסט קומט פאַר דער קלאַסען קאַמפּף צווישען דעם גאַנצען ארבייטער־קלאַס און דעם גאַנצען קאַפּיטאַליסטען־קלאַס. עס האַנדעלט זיך אָבער ניט אום סאָציאַליזם, נאָר צי די ארבייטער זאָלען קריגען דריטאַלבען דאָלאַר א טאָג צי פינף דאָלאַר, ווי ביי פאָרד'ן אין זיין אויטאָמאָביל־פעקטאָרי, — דאָס דאַרף דער שטאַט באַשטימען. דער ארבייטער ווייס, אַז ווען ער וועט וואָטען פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען קאַנדידאַט, וועט ער בלייבען ביי זיינע אַלטע שכירות, ווען ער וועט וואָטען פאַם דער ארבייטער־קאַנדידאַט, וועט ער קריגען מיט א פּאָר דאָלאַר אַ טאָג מער. זעט ער, אַז עס איז בעסער כדאי צו וואָטען פאַר דעם ארבייטער־קאַנדידאַט. און ווען עס זאָל שוין האַלטען ביין וואָטען פּראָסט וועגען די פּאָר דאָלאַר אַ וואָך, טו זיינען פאַראַן מער ארבייטער־וואָטס איידער קאַפּיטאַליסטישע וואָטס.

און אַזוי געהט דאָס: היינט א פּאָר דאָלאַר, איבער א יאָר מיט אַ שטונדע ארבייט א טאָג ווייניקער. עס איז פאַראַן אביסעל מער קליינגעלט אין קעשענע און צייט ארויסצוגעהן איז אויך פאַראַן. מ'זעט זיך אַן א סך גוטע זאַכען, עס ווילט זיך זיי האָבען, עס ווילט זיך ניט זיין ערגער פאַר לייטען. וויפיל איר זאָלט א מענטשען ניט צאָלען, וועט עס רק זיין קנאַפּ. אַלזאָ, מוז דאָס פירען דערצו, אַז דער פּראָצענט פון דעם דיווידענד מוז שטענדיק זינקען. סוף כל סוף קען בלייבען פאַר די קאַפּיטאַליסטען אַזאַ קליינער פּראָפיט, אַז עס וועט זיך זיי פשוט לוינען בעסער צו פאַרקויפען זייערע ביזנעס דעם שטאַט און קריגען שטאַטס־באָנדס. די ארבייטער ווידער באַרעכענען זיך אויך, אַז ס'איז כדאי אויסצוצאָלען די קאַפּיטאַליסטען, פּטור צו ווערען פון זיי איין מאָל פאַר אַלע מאָל, מ'זאָל זיך ניט דאַרפען רייסען שטענדיק איבער אַ דאָלאַר. אַזוי ווערט אָפּגעשאַפט דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס אין גאַנצען און דער סאָציאַליזם ווערט מקיום אין פולען.

די גאַנצע מעשה ווערט אויסגעפירט גאָר אָן רעוואָלוציע, אָן קיין שום באַגייסטערונג פאַר וואָסערען אידעאַל, נאָר דורך די טאָג־טעגלאַכע רייסעריי איבער די פּאָר דאָלאַר.

ניט די קאַפּיטאַליסטען און ניט די אַרבייטער אינטערעסירען זיך ניט מיט דער סאָציאַליסטישער טעאָריע. (היינט צו טאָג איז דאָס געוויס ריכטיק אין אמעריקע). קיינער קוקט ניט ווייטער איידער זיין נאָז. יעדער זאָגרט נאָר פאַר זיינע אייגענע בויך־אינטערעסען, מיט איין וואָרט די גאַנצע וועלט ענדערט זיך אויף אַ ריין עקאָנאָמישען וועג.

איר זעהט אַלזאָ, אַז דער סאָציאַליזם קען אויסוואַקסען לאַנגזאם פון קאַפּיטאַליזם, פּונקט אַזוי ווי דער קאַפּיטאַליזם איז אויסגעוואַקסען פון דעם שבט־קאָנוניזם. איך האָב שוין געוויזען אין אַ פריהערען קאַפּיטעל, אַז אויב דער סאָציאַליזם קען ניט קומען אַנדערס ווי דורך אַ רעוואָלוציאָן, דאָס הייסט דורך באַגייסטערונג פאַר אַן אידעאַל, טו הייסט עס אַז אין מאַרקס'עס תורה איז ערגעץ פאַראַן אַ לאָך. וואָרים ביז אהער, ווייזט מען אונדז, האָט זיך די וועלט אַרויפגעאַרבייט פון איין מדרגה אויף די אַנדערע, אויף אַ ריין עקאָנאָמישען וועג, און דאָ, ווען מען קומט אָן צום רעכטען פּונקט, ווען מ' האַלט שוין ביי'ן איבערגעהן פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, איז מיט אַמאָל נאָ דיר ! מ' דאַרף גאָר האָבען באַגייסטערונג, אידעאַליזם, אַנדערש'ס וועט דאָס ניט געהן. איך האָב אייך באַוויזען, אַז דער סאָציאַליזם קומט אפילע גאָר אָן סאָציאַליסטען.

2.

## דער סאָציאַליזם לאָזט זיך ניט איינפירען דורך אַ רעוואָלוציע.

די אמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען זיינען ניט מסכים אויף דעם, אַז דער סאָציאַליזם זאָל איינגעפירט ווערען ביסלאַכוויים, דורך די ענטוויקעלונג פון „נאַטירליכע מאָנאָפּאָליעס“ און טראָסטס*). זיי ווילען ניט אַנדערש אַלץ מיט אַמאָל, און

---

*) אין דעם זין האָט קריטיקירט מיינע אויספירונגען ערנעסט אונטערמאַן, ווען זיי זיינען צוערסט ערשינען אין 1900 אין דער „אינטערנעישאָנאַל סאָשאַליסט רעוויאו“ אין ענגליש, און שפּעטער אַ סך אָרטאָדאָקסישע מאַרקסיסטען אין דער אידישער פּרעסע.

דורך זייער פּארטיי. זיי וועלען זיך ניט לאָזען נאַרען פון רעפאָר־מערס: די אייזענבאַנען זאָלען איבערגעהן צום שטאַט — אַלל רייט, אָבער ניט פריהער איידער די סאָציאַליסטישע פּארטיי וועט האָבען אירען אַ פּרעזידענט אין דער „ווייסער הויז“.

עס קלינגט זעהר רעוואָלוציאָנער, ווען אַן אסעמבלי דיסטריקט פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי ערקלערט, אַז ביז וואַנען די פּארטיי וועט ניט עראָבערען די פּאָליטישע מאכט, איז דער דיסט־ריקט איינשטימיק דאגעגען, אַז די אייזענבאַנען זאָלען באַלאַנגען צו דער רעגירונג. וואָס טוט מען אָבער, אַז דער אמעריקאַנער פּאָלק וועט גאָר ניט דערהערען די שטימע פון דעם דיסטריקט?

די ענטוויקעלונג פון קאָמוניזם אין אַלע קאפּיטאַליסטישע לענדער ווייזט אונדז, אַז אַ גוטער חלק פון סאָציאַליזם וועט איינ־געפירט ווערען ניט דורך אַ פּראָלעטארישער רעוואָלוציאָן, נאָר דורך קאפּיטאַליסטישע פּאָליטיק. די אייזענבאַנען זאָלען איבערגעהן צום שטאַט, פּארלאַנגען די פּארמערס און קליינע געשעפטס־לייט, די טעלעגראַפען זאָלען איבערגעהן צום שטאַט, פּארלאַנגען אויך גע־שעפטס־לייט, און די טעלעפאָנס זאָלען איבערגעהן צו דער שטאַט, פּארלאַנגען אויך געשעפטס־לייט. דער קוילען־טראָסט וועט מיט דער צייט אויך קומען אין דער רייהע: די קאפּיטאַליסטען וועלען סוף כל סוף פּארלאַנגען, אַז די קוילען־גרובען זאָלען באַלאַנ־גען צום שטאַט, א. אַז. וו. בקצור, אויב עס זאָל אַ מאָל קומען צו אַ רעוואָלוציאָן, וועט אַ גוטער חלק סאָציאַליזם שוין פריהער זיין איינגעפירט.

שטעלט זיך אָבער פאָר, אַז עס האָט היינטיקען טאָג אויס־געבראָכען „די סאָציאַלע רעוואָלויציאָן“, און עס האָט זיך געביל־דעט אַ „רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאַט“, באַשטע־הענד פון אונקאָמפּראָמיסליכע און וויסענשאַפטליכע רעוואָ־לוציאָנערען. וואָס וואָלטען זיי געקענט אופּטאָן היינט צו טאָג? די אייזענבאַנען, טעלעגראַפען, טעלעפאָנען, און אַלע טראָסטס וואָלט זיי אָנגעקומען גאָר לייכט צוצונעמען: אַנשטאַט דעם איצ־טיגען באָארד אָף דירעקטאָרס וואָלט מען אומעטום אָנגעשטעלט קאָמיטעס פון גוט־שטעהענדע גענאָסען, אָבער אַלע בעאַמטע און ארבייטער וואָלטען געבליבען אָף זייערע פּלעצער און דער געשעפט וואָלט געגאַנגען ווי בעפאָר. העכערען דעם ארבייטס־לוין, פאַר

קירצען די ארבייטס־צייט, איבערבייטען עטלאכע פארלייט, וואלט
אויך גענומען צייט, אבער פיל קאפּ־ברעכענעס איז אין דערין ני־
טא. וואס וואלט מען אבער טאן מיט די טויזענטער קליינע
געשעפטען, רעסטאראנס, גראסעריעס, קלאדינג־סטארס, אפטיי־
קען, צייטונגס־סטענדס, א. אז. וו. ? וואס וואלט מען געטאן
מיט די טויזענטער קליינע שעפער און פאבריקען ? נאך דער
פאלקס־צעלונג, וואס איז געווען דא, אין אמעריקע 1910, איז
דא פאראן אן ערך א האלבער מיליאן אונטערנעמער אין דער אינ־
דוסטרי, וואס וואלט מען געטאן מיט די מיליאנען פארמערס?
ארויסגעבען אן אוקאז, אז מ׳זאל ביי אלע פארמערס צונעמען די
לאנד און מאכען קאזיאנע גראסערים? ווי פיל צייט דארף דאס
סעריעס און מאכען קאזיאנע גראסערים ? ווי פיל צייט דארף דאס
נעמען און וואס וועט מען דערווייל טאן — פאסטען ? ווי עס
שיינט וועט די רעוואלוציאנערע דיקטאטור זיין פארנומען א היבשע
ביסעל צייט. מיט אמאל וועט אפילו אן אונקאמפראמיסלי־
כע קאמיטע ניט קענען איבערסטראיען די גאנצע וועלט. מ׳וועט זיך
מוזען נעמען צו יעדער זאך איינציקווייז, „וואן טהינג עט א טיים“.
ביז וואנען די רעוואלוציאנערע דיקטאטור פון פראלעטאריאט וועט
עקספראפריאירען ביי אלע שטיוועלפוצערס זייערע פראדוקציאנס־
מיטעל — די קעסטלאך מיט שואוואקס און מיט די בערסטלאך,
וועלען דערווייל די סאדא־וואסער־סטענדס און די באנאנא־
סטענדס פארבלייבען אין קאפיטאליסטישע הענט.

היינט, אז די רייהע וועט קומען צי די פארמערס, וועט די
וויסענשאפטליגע דיקטאטור האבען צרות : עס איז א סברא, אז
די אונוויסענשאפטליגע פויערים וועלען זיך איינשפארען און וועלען
ניט לאזען ביי זיי אוועקנעמען די לאנד, די בהמות, און די
פלוהעס. מען וועט נאך אפשר מוזען ארויסשיקען סאציאליסטישע
מיליץ, צו שיסען די קליין־בירגערליכע פארמערס, זיי זאלען זיך
ניט בונטעווען אנטקעגען דעם סאציאליזם. דאס איז נאך אבער
אויך ניט אלץ. ווען די רעוואלוציאנערע דיקטאטור נעמט איבער
אן אייזענבאן, האט זי ניט וואס מורא צו האבען, אז עס וועט זיך
יאווען א קליין בירגערליכער בעל עגלה, וואס וועט פון איר אוועק־
נעמען די לייזונג. אבער לאמיר זאגען די רעוואלוציאנערע דיקטא־
טור האט איבערגענומען אלע לאנדרים, וואס טוט מען אז ערגעץ
**אין א דארף געפינט זיך א גוי׳ע, וואס נעמט וואשען גרעט אהיים,**

און עס געפינען זיך לייט וואָס שטערען די סאָציאַליסטישע איי־
ניקייט און גיבען איר זייער גרעט אנשטאָט עס צו שיקען אין די
סאָציאַליסטישע לאַנדרי ? וואָס איז די פעולה איבערצונעמען די
לאַנדרים, אז מאַרגען קען קומען אן אונוויסענשאַפטליכע גוי'ע וואָס
קען מאכען א קליינעם פּריוואט־געשעפט און דורך דעם קאליע מאַ־
כען דעם גאנצען סאָציאַליסטישען פּלאן ? וואָס טוט מען, אז
די איטאַליענער וועלען אונגעזעצליך פארקויפען באנאנעס ?
מ'וועט מסתמא מוזען האלטען אַ גאנצען שטאַט סאָציאַ־
ליסטישע דעטעקטיוום און אקציזנע, זיי זאָלען אכ־
טונג געבען, אז קיינער זאָל ניט האַנדלען מיט אזעלכע זאכען.
וואָס זיינען שוין איבערגעגאנגען צו דער רעוואָלוציאנערער דיק־
טאַטור, און קיינער זאָל ניט מאכען קיין שאָפּ פאר אזעלכע אר־
בייטען וואָס ווערען באַטריבען פון דער רעוואָלוציאנערער דיקטאַ־
טור. ווען אפילו עס זאָל מעגלאך זיין, אַ דיקטאַטור מיט אזעלכע
משוגענע פּלענער זאָל געלינגען אריינצוכאפּען די פּאָליטישע מאכט,
טו ווי מיינט איר ווי לאנג וואָלט דויערען ביז וואנען אזא דיק־
טאַטור וואָלט אַנגעלייגט מיט די קעפּ ? ווען די רעגירונג נעמט
איבער אזא געשעפט, וועלכער געפינט זיך שוין אין ווייניקע הענט,
שטערט זי דערמיט קיינעם ניט. למשל, מילך ווערט שוין היינט
צו טאָג צוגעשטעלט אין גרויסע שטעט אלעמען אהיים, וואָס מאכט
אייך אויס, צי די מילך קומט פון דעם מילך־טראַסט, צי פון דער
רעגירונג ? אָבער נעמט א קליינע שטעטעל וואו די מילך ווערט
צוגעשטעלט פון די ארומיקע פארמערס, און שטעלט זיך פאָר, די
רעגירונג פארווערט זיי צוצושטעלען מילך דירעקט צו די קונדען און
פארלאנגט עס זאָל דורכגעהן דורך די קאָנטראָלע פון דער רעגי־
רונג, — ווען וואָלט אזא קאנצעליארטשינע ניט דערעסען ווע־
רען ? קיין דיקטאַטור קען ניט אריינשפּארען אין סאָציאַליסטישע
פאָרמעס אזעלכע געשעפטען, וואָס זיינען נאָך צוברעקעלט אין
טויזענטער הענט. אַפילו א „רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון
פּראָלעטאריאט“ וואָלט מוזען צופרידען זיין מיט אזעלכע אינדוס־
טריען, וועלכע זיינען שוין אין די הענט פון אַ טראַסט, אָדער אזעל־
כע, וואָס געפינען זיך שוין אין ווייניקע הענט. אלזאָ, די אלע רייד

פון „דער סאָציאַלער רעוואָלוציע", וועלכע וועט איבערקערען די וועלט קאַפּויר מיט אַמאָל, זיינען ניט מער ווי אַן איינבילדונג. דער גאַנצער סאָציאַליזם קען ניט איינגעפירט ווערען מיט אַ מאָל, אַפּילו דורך אַ רעוואָלוציע. ביסלאַכווייז אָבער לאָזט זיך אַ היפּשער חלק איינפירען אָן אַ רעוואָלוציע. עס איז דערפאַר ניט „יי־סענשאַפטליך" עס איז פּשוט נאַריש אָפּצולייגען די גאַנצע פּראַקטישע אַרבייט פאַר דעם סאָציאַליזם ביז וואַנען משיח וועט קומען. די „סאָציאַלע רעוואָלוציע" האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהויבען, מיר לעבען היינט אין דעם רעכטען מיטעל פון אַ „סאָציאַלער רעוואָלוציאָן", און זי וועט זיך נאָך ציהען אַ היבשעביסעל צייט. ווען די בירגער פון שיקאַגאָ האָבען ערקלערט ביי דעם וואהל פון 1091, אַז זיי זיינען פאַר קהל'שען איינגענטום אַף אַלע שטאָט מאָנאָפּאָליעס, איז דאָס געווען אַ שטיקעל „סאָציאַל רעוואָלוציאָן". ווען די אייזענבאַנען זאָלען איבערגעהן צו דער רעגירונג, וועט דאָס זיין אַ גוטער שטיק „סאָציאַל רעוואָלוציאָן", און אַזוי כסדר.

זיכער, די מאָנאָפּאָליסטען וועלען זיך פאַר אַלצדינג לאָזען גוט באַצאָלען, און מיט אַ רעוואָלוציע קען מען דאָס אַלץ אוועקנעמען אומזיסט. „פאַר וואָס זאָל מען די רויבער נאָך צאָלען?" קאָכט זיך דער רעוואָלוציאָנער. דערפאַר ווייל עס איז פּשוט וועלוועלער. די באַפרייאונג פון די שקלאַפען אין די פאַראייניקטע שטאַטען האָט אָפּגעקאָסט מערער איידער אַלע שקלאַפען זיינען בשעת מעשה ווערט געווען צו קויפען אין מאַרק. עס וואָלט זיך אַ סך בעסער געלוינט זיי אויסצוקויפען איידער צו פירען אַ מלחמה פיר יאָר.

אַ רעוואָלוציע קען ניט אַלע מאָל אויסמיידען, דאָס איז אמת, אָבער די רעוואָלוציע באַשאַפט ניט די נייע אָרדענונג, זי ראַמט נאָך אַף די קלעצער פון וועג, אַף וועלכען די וועלט געהט פאָרווערטס.

## 3.

## שלום-באַמערקונגען איבער אידעאַליזם און מאַטעריאַליזם.

איך וויל פאַרענדיקען מיט אַן ענטפער אַף אַ פּאָר קריטיקעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען בשעת דיזער קאַפּיטעל איז ערשינען אין אַן אַרטיקעל-סעריע. ראשית, וואָס איז אידעאַליזם, און וואָס איז מאַטעריאַליזם? אַז מ' טרעט אָן אַ קאַץ אַפּ'ן עק און זי שרייט, טו וואָס איז דאָס, פרעגט איין קריטיקער, מאַטעריאַליזם אָדער אידעאַליזם? עס ווענדעט זיך אָן דעם וואָס זי שרייט: צי זי וויל

נאָר מ'זאָל איר דעם עק איינלאָזען, צי זי מיינט א „דעקלארעי־שאַן אוו אינדעפּענדענס"*).

ווען די סאָציאַליסטען האָבען אויסגעארבייט א געוויסען פּלאַן, וואָס איז זייער אידעאַל, און זוכען איינצורעדען די ארבייטער. זיי זאָלען דעם פּלאַן אויספירען, איז דאָס אידעאַליזם, וואָרים די ווירקליכקייט איז אין דעם פאַל דער רעזולטאַט פון דעם אידעאַל. ווען דער קאפּיטאַליסט פארלאַנגט אז די רעגירונג זאָל צונעמען די קוילען־גרובען, איז דאָס ניט קיין אידעאַליזם, וואָרים דער קאפּי־טאַליסט האָט נאָר אין זינען, אַז קוילען זאָלען וועלוועלער ווערען, ניט דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. ווען דער ארבייטער פאָדערט א דאָלאר מערער א טאָג, איז דאָס אויך ניט קיין אידעאַליזם, וואָרים דער ארבייטער פארשטעהט נאָר ניט, אז עס איז א שריט צו דער אויספירונג פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. (אפילו די סאָציאַליסטען זעהען עס ניט איין). ווען די רוסישע רעגירונג נעמט איבער די אייזענבאַנען, איז דאָס ניט קיין אידעאַליזם, וואָרים זי מיינט ניט דערמיט מקיים צו זיין דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, נאָר צו באַנוצען די אייזענבא־נען אין צייט פון מלחמה. ווען אָבער מיט הונדערט יאָר שפּעטער ווייזט זיך אויס, אז פון די אַלע וואַכעדיקע קלייניקייטען איז אויס־געוואַקסען א גאַנצער סיסטעם, וואָס מ'רופט „סאָציאַליזם", פאַר־שטעהט מען, אז ער איז אויסגעוואַקסען פון עקאָנאָמישע אורזא־כען און ניט פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל.

יעדער פארשטעהט, אז די זאַך ווערט ניט געמאַכט אַן מענ־טשען, מענטשען מוזען זי אויספירען, און געוועהנטלאַך טוט א מענטש קיין ארבייט ניט שלאָפענדיק. זיין געדאַנק ארבייט. דער עיקר איז אבער וואָס פאר א געדאַנק ער האָט ביי דערביי: צי איז ער ביי זיך באַוואוסט פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען פּלאַן און ארבייט טאָקע עם אויסצופירען, צי ער טראַכט נאָר וועגען זיין פּערזענליכע שטיקעל מלאכה, גאָר אָן קיין שום אידעאַלען. אין דעם לעצטען פאַל איז דער רעזולטאַט גאַנץ פארשידען פון דעם, וואָס דער מענטש האָט בשעת מעשה געטראַכט. דערפאַר קען מען דאָס ניט רופען אידעאַליזם.

---

* די אמעריקאַנער „ערקלערונג פון אומאָפּהענגיקייט" פון 1776.

**ווען דער סאַציאַליסט קומט צו געהן און קוקט דאָס אָן און זאָגט, אַז דאָס קומט דער סאַציאַליזם, און די וועלט הערט עס ניט,** אָדער לאַכט עם אויס, און טוט זיך ווייטער אירע וואָכעדיקע אַרבייט, הייסט דאָס, אַז די סאַציאַליסטישע לערע איז נאָר א סימן פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג, ניט קיין אורזאַכע.

דער מענטש איז געגליכען צו א גערטנער, זאָגט אַף דערויף אַן אַנדערער פון מיינע קריטיקער, ווען דער גערטנער זאָל ניט שאָקלען דעם בוים, וועלען די עפּעל ניט אַראָפּפאַלען, סיידען ער רעט פון חד גדיא, וואָרים אַז ניט, מוז ער וויסען, אַז עפּעל פאַלען אַליין אַראָפּ פון בוים, ווען זיי וואַקסען אויס און ווערען צו שווער, אָדער א ווינט רייסט זיי אַראָפּ. אַנדערע חיות קלייבען טאַקע די עפּעל, ווען זיי ליגען שוין אַף דער ערד. די מאַטעריאַליסטישע פילאָסאָפיע מוז ווייזען, ווי דער סאַציאַליזם וואַקסט אויס, ווען די מענטשען לעבען קאַלופּענדיק מיט'ן פינגער אין נאָז, ווי א רוסישער שרייבער דריקט זיך אויס.

דאָס, האָף איך, האָב איך אין דעם קאַפּיטעל באַוויזען. ווען דאָס וואָלט ניט געקענט באַווייזען ווערען, ווען דער סאַציאַליזם וואָלט ניט אַנדערש געקענט קומען ווי דורך א קלאַסען־בעוואוסטע סאַציאַליסטישע רעוואָלוציאָן, דאַן וואָלט די מאַטעריאַליסטישע פילאָסאָפיע צוגעהינקט.

די אָרטאָדאָקסישע מאַרקסיסטען, וואָס גלויבען אין א „סאַציאַלע רעוואָלוציאָן", פאַרמאַכען די אויגען אַף דעם ווידערשפּרוך. אונבאוואוסטערהייט שטעלען זיי זיך אַף דעם שטאַנדפּונקט פון דיורינג'ען, געגען וועמען ענגעלס האָט געריכטעט זיין באַרימטען פּאָלעמישען בוך: „אַנטי־דיורינג".

דיורינג האָט באַהויפּטעט, אַז דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם שטאַמט פון רויב, פון געוואַלט: דער פונדאַמענט איז געווען מלחמה, פון מלחמה איז אַרויסגעקומען שקלאַפעריי פון די באַזיגטע און דער רייכטום פון די זיגער, דורך מלחמה און רויב האָט זיך ענטוויקעלט דער קאַפּיטאַליזם, דער גרונד פון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם איז אַלזאָ א פּאָליטישער, ניט קיין עקאָנאָמישער, די עקאָנאָמישע אָפּהענגיקייט איז דער רעזולטאַט פון פּאָליטישער אונטערדריקונג, ניט פאַרקערט. וואָס זאָגט אַף דערויף **ענגעלס? ער באַווייזט, אַז פון דעם פאַרצייטיקען שטאַם האָט זיך**

געמוזט ענטוויקלען א געזעלשאפט, אין וועלכער די ארבייט איז איינגעטיילט צווישען אפגעזונדערטע הויזגעזינדען, וואס מען רופט „ווארען־פראדוקציאן“; דאס הייסט אז א געוויסער טייל פון די זאכען וואס ווערען געמאכט מוזען אויסגעביטען ווערען אפ'ן מארק. געמט, למשל, א פויער האט אופגעהאדעוועט א פאר פערד צו פארקויפען: אין א פינסטערע נאכט קלייבט זיך צו עם אריין אין שטאל א ציגיינער און פארשפארט עם די טרחה צו פירען די פערד אין מארק, — הייסט דאס, אז דער פערד־מארק איז באשאפען געווארען פאר פערד־גנבים? וויבאלד עס זיינען פאראנען פערד אויף צו פארקויפען, איז ווען ניט דער פערד־גנב וואלט זיי דער בעל הבית אליין פארקויפט און ער וואלט געהאט די געלט וואס איז אריינגעפאלען דעם גנב אין די הענט.

וויטער זאגט ענגעלס, ווען עס איז שוין פאראן א געזעלשאפט מיט ווארען־פראדוקציאן, טו מוז פון איר אויסוואקסען א קאפיטאליסטישע געזעלשאפט. מלחמות, רויבערייי שפילען דא פונקט אזא ראלע ווי דער פערד־גנב אין מיין ביישפיל.

אמת, אין ענגלאנד האט מען פארטריבען די פויערים פון זייער לאנד און זיי זיינען דאדורך געווארען פראלעטאריער. דאס איז געוועזן דער אנפאנג פון קאפיטאליזם. די פראפארציע דארף מען דאך אבער ניט פארגעסען: נאך אלעמען, מיט דעם לאנדרויב, מיט די מלחמות, מיט אלערליי געוואלט, איז ענגלאנד מיט א 150 יאר צוריק געוועזן א לאנד פון פויערים, ניט מער ווי אן ערך 10% פון אלע פארדינערס זיינען געוועזן פראלעטאריער, פאבריק־ארבייטער. דא זיינען אבער געקומען די מאשינען, און אין 1890 האבען די פארמערם מיט די פארם־ארבייטער פון גאנץ ענגלאנד אויסגעמאכט סך הכל 10% פון אלע פארדינערס. אלזא פון 90% פויערים ביז 10%, — 80% האבען אנגעווארען זייערע פארמס דורך די ענטוויקלונג פון מאשין־ארבייט. אף יעדען פויער וואס איז געווארען א פראלעטאריער דורך רויב, האט די מאשין געמאכט א האלב טוץ פראלעטאריער גאנץ שטיל און פאוואליע.

דער קאלעקטיווער באוואוסטזיין פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס איז דא געוועזן גאר א זייטיקע זאך. ווען מען גריבעלט זיך אין דער ליטעראטור פון יענער צייט, געפינט מען פילאסאפען, וועלכע

זיינען געווען קלאסענבאוואוסטע אדוואקאטען פון קאפיטאליזם.
זייער איינפלוס אבער אף די ענטוויקעלונג פון קאפיטאליזם איז
געווען פונקט אזוי גרויס, ווי דער איינפלוס פון די היינטיקע אמע־
ריקאנער פראפעסארען פון פאליטישע עקאנאמיע אף די ענטווי־
קעלונג פון די טראסטס. איר מעגט זיין זיכער, אז ראקעפעלער,
מארגאן אדער קארנעגי האבען זיך ניט מישב געווען מיט פראפע־
סאר קלארק אין זייערע אונטערנעמונגען, און די ענגלישע קאפיטא־
ליסטען מיט הונדערט יאר צוריק זיינען געווען העכסט אונוויסענ־
דע קערלען. די קאפיטאליסטען האבען אופגעבויט דעם קאפיטא־
ליזם, דעמאלט זיינען געקומען די עקאנאמיסטען און האבען גענומען
טיפזיניק באטראכטען, פון וואנען דאס האט זיך גענומען אף דער
וועלט. דאס איז דער געשיכטליכער מאטעריאליזם, ווי ער ווייזט
זיך אוים אין דער ווירקליכער גשיכטע. ווען ער איז ריכטיק געווען
מיט הונדערט יאר צוריק, מוז ער זיך לאזען צופאסען אף דעם
זעלבען אופן צו די היינטיקע פארהעלטניסע.

מענטשען, וואס האבען זיך אופגעהאדעוועט אף די אידעען
פון דעם רעוואלוציאנערען סאציאליזם, קענען ניט פארשטעהן, ווי
אזוי די קאפיטאליסטען וועלען „זיך אליין“ אפשאפען. אט האט
אין 1905 די לעדזשיסלייטשור פון קענסאס באשלאסען צו בויען
א שטאטס־רעפיינערי אף צו מאכען קאראסין. דאס איז שטאטס־
סאציאליזם. ווער האט דאס דורכגעפירט? די קלאסענבאוואוסטע
ארבייטער? די סאציאליסטישע פארטיי? דאס האבען געמאכט
די קאפיטאליסטען, וועלכע פראדוצירען רויהע אויל, ווייל זיי הא־
בען דערמיט זיך צו העלפען געגען דעם סטענדארד אויל טראסט.
„דער“ קאפיטאליסטישער קלאס איז נאר איניק געגען דעם ארביי־
טערקלאס, צווישען זיך אבער האבען פארשידענע גרופען קאפיטא־
ליסטען פיינדליכע אינטערעסען. מיר האבען זיך איינגעוואהנט צו
באטראכטען דעם סאציאליזם אלס דעם אויסשליסלאכען אידעאל
פון דעם ארבייטערקלאס, דערפאר דוכט זיך אונדז, אז די קאפי־
טאליסטען זיינען „נארען“, ווען זיי אונטערשטיצען דעם שטאטס־
סאציאליזם; ציהט אוף אבער, ווען די סאציאליסטישע פארטיי וועט
ווערען א שטארקע פארטיי, וועלען זיך די קאפיטאליסטען אלע
פאראייניקען געגען „פאטערנאליזם“! רבונו של עולם, ווי אלט דאס
איז! עס איז ניט דער צוואנציקסטער יארהונדערט, עס איז נאך
אלץ 1847. ווער וועט זיך מיט ווענען פאראייניגען? די אויל־

פראדוצענטען וועלען מוחל זיין דעם טראסט, וואס ער מאכט זייער קאפיטאל צו גארנישט. די פארמערס וועלען מוחל זיין דעם פלייש־טראסט, וואס ער לאזט זיי ניט מאכען קיין פראפיט, אבי אויסצושטעכען אן אויג דעם פארהאסטען סאציאליזם. די אקציאנערען פון דעם טראסט וועלען מוחל זיין די קליקע מארגאנס און ראקעפעלערס, וואס נעמט זיך אראב די סמעטענע און לאזט פאר זיי אפילו די זויערמילך אויך ניט. אלע וועלען ווערען אייניק אין דעם קאמפף גענען „פאטערנאליזם“! קינדיש. דער פריוואט־קאפיטאליסט כאפט זיך פאר שטאטס־קאפיטאליזם, ווארים ער זעט אין דערין דעם איינציקען מיטעל צו באשיצען דעם אייגענטום פון דעם גאנצען קאפיטאליסטישען קלאס גענען די קליינע באנדע טראסט־מאגנאטען*).

ווען די היינטיקע אינטערעסען פון די סטאקהאלדערס פאדערען, דער שטאט זאל באשיצען זייער אייגענטום, ווייל אליין זיינען זיי ניט בכח עס צו באשיצען גענען די קליקע וואס האלט די לייצעס, טו מעגט איר זיכער זיין, זיי וועלען זיך גאר ניט פארטראכטען וועגען דעם, וואס עס וועט קומען אין א פינף און צוואנציק אדער פופציק יאר ארום.

ווען אבער איר פארשטעהט וואס עס איז די מאטעריאליסטישע אויפאסונג פון דער געשיכטע, טו מוזט איר וויסען, אז די עקאנאמישע ווירקונג פון דעם וואס א סאציאלער קלאס טוט, ווערט ניט באשטימט דורך דעם וואס ער אליין ערקלערט וועגען דעם.

דער קאמפף צווישען פארשידענע גרופען פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס שטופט זיי צו מאכען אזעלכע שריט וואס מוזען זיי ברענגען צום שטאטס־סאציאליזם, צי זיי פארשטעהען עס, צי זיי פארשטעהען עס ניט. די סאציאליסטען שטעהען זיך אן א זייט און שיטען קללות אף דעם „שטאטס־קאפיטאליזם“.

---

*) אין 1905 האט פרעזידענט ראזעוועלט צונויפגערופען עטלאכע גרויסע אייזענבאן־פרעזידענטען און האט זיי געזאגט, אז אויב זיי וועלען ניט איינוויליגען, אז די אייזענבאנען זאלען רעגולירט ווערען דורך די רעגירונג, וועט זיך דער געשריי גענען די אייזענבאנען אויסלאזען מיט „סאציאל־דעמאקראטיע“. ער האט דעם ווארט פארטייטשט אלס שטאטס־אייגענטום.

אַלזאָ, ווי עס ווייזט אויס, וועט דער שטאַט־סאָציאַליזם איינ־געפירט ווערען נאָר אָן סאָציאַליסטישע פילאָסאָפען, אזוי ווי דער קאַפיטאַליזם איז איינגעפירט געוואָרען אָן די קאַפיטאַליסטישע פילאָסאָפען.

## צוועלפטער קאפיטעל:

# דער שטאטס־סאציאליזם.

מיר האבען געזעהען, ווי די סאציאליסטישע אידעען פארשפרייטען זיך צווישען דעם גאנצען עולם, אפילע צווישען קאפיטאליסטיש געזאנענע מענטשען. דאכט זיך די סאציאליסטען האבען זיך געזאלט פרייען דערמיט, עס איז אבער א מאדנע זאך: זינט דער סאציאליזם איז ארוים פון די סאציאליסטישע קלייזלאך אין די ברייטע וועלט, האלטען די „אמת'ע" סאציאליסטען אין איין ציטערנעם, אז מען וועט ביי זיי ארוים'גנב'ענען דעם סאציאליזם און ער וועט פארפרעמדט ווערען.

איך מיין דאס ניט אין שפאס, אין דער „אינטערניישאנאל סאשאליסט רעוויאו" אין 1902 איז געווען אן ארטיקעל פון דעם רעדאקטאר אליין, וואו ער מאכט אויפמערקזאם די לעזער אף די געפאר, אז די קאפיטאליסטען ווילען גנב'ענען דעם סאציאליזם פון די סאציאליסטען, און זיינען געפאלען אפ'ן פלאן איינצופירען א פאלשען סאציאליזם, כדי דערמיט אויסצומיידען דעם אמת'ען רעוואלוציאנערען סאציאליזם.

וואס דער שטאטס־סאציאליזם געפינט סימפאטיע צווישען די קאפיטאליסטען, ווארים צווישען די קאפיטאליסטען גופא געהט אויך פאר אש טענדיקע מלחמ, און פון די קאפיטאליסטען טראכטען אנדערע, אז דער שטאטס־סאציאליזם קען זיי ראטעווען פון די טראסטס, — דאס פאלט אונדזער „מאטעריאליסטען" גאר ניט איין.

אין פריהערדיקע יארען, איז אין יעדער סאציאליסטישער געשטאנען א פונקט, אז די אייזענבאנען דארפען איבערגעהן צום שטאט, און נאך דערגלייכען. היינט ערקלערען שוין די אמת'ע טאלנער חסידים פון דעם רעוואלוציאנערען סאציאליזם, אז דאס איז גאר קיין סאציאליזם ניט, אז דער שטאטס־סאציאליזם איז ניט מער ווי „שטאטס־קאפיטאליזם".

דער גלייכווערטעל שטאמט פון ליעבקנעכט'ען. ער האט געמיינט אז דאס איז א וויץ, אין דער אמת'ען איז דאס טאקע ריכטיק אזוי, אבער איבערגעדרעהט פארקערט: שטאטס־קאפיטאליזם איז שטאטס־סאציאליזם.

פון פריוואט־קאפיטאליזם וואקסט אויס מיט דער נאטור שטאטס־קאפיטאליזם, און אזוי ווערט „שטאטס־סאציאליזם" איינגעפירט אין דער געזעלשאפט.

היינט לאמיר פרעגען, מיט וואס איז דער שטאטס־סאציאליזם ניט קיין אמת'ער סאציאליזם ? ווארים, הייסט דאס, אונטער דעם שטאטס־סאציאליזם איז דער שטאט דער באלעבאס איבער די ארבייטער, און אונטער דעם עכטען רעוואלוציאנערען סאציאליזם וועלען די ארבייטער אליין באלעבאטעווען איבער די אייזענבאנען, די מעטאל און קוילען גרובען, די פאבריקעס וכדומה.

וואס זשע מיינט מען, ווען מ' זאגט, אז די ארבייטער וועלען אליין באלעבאטעווען איבער אלע געשעפטען ? הייסט דאס אז די אייזענבאן־ארבייטער וועלען אליין באשטימען וויפיל שעה אין א מעת־לעת זיי זאלען ארבייטען און ווי פיל זיי זאלען קריגען פון דעם קהל'שען שפייכלער ברויט, פלייש, שיך און אלערליי אנדערע זאכען ? איך האב אמאל געלעזען אזא ערקלערונג. דאס איז גאר קיין סאציאליזם ניט : עס איז ניט קיין שטאטס־קאפיטאליזם, עס איז איינפאכער פריוואט־קאפיטאליזם.

די נפקא מינה פון דער היינטיקער ארדענונג צו אזא כלומרשט סאציאליסטישער ארדענונג איז אין גאנצען נאר אין דעריז, וואס היינט באשטעהט דער אייזענבאן־טראסט פון הונדערט טויזענט קאפיטאליסטישע סטאק־האלדערס (אקציאנערן) און דעמאלט וואלט דער טראסט באשטאנען פון א מיליאן ארבייטער־סטאקהאלדערס. מיינט איר אז די ארבייטער־סטאקהאלדערס וועלען זיין מלכים און קוקען נאר אף טובות הכלל ? וועלען די אייזענבאן ארבייטער ניט פרובירען צי קריגען פאר זיך וואס מער און וואס בעסער, וועלען זיי ניט פרובירען דורך דעם צו בארייסען אלע ארבייטער פון אלע אנדערע פאכען ? אן אידעאליסט זאגט, אז דער סאציאליזם וועט מקיים ווערען דורך דעם וואס אלע מענטשען וועלען ווערען הויך מאראליש דורך די סאציאליסטישע אגיטאציע. נו, מילא אז אלע וועלען זיין הויך מאראליש, וועלען זיי זיך אלע פירען ווי די צוויי פראנצויזען אלפאנס און גאסטאן אין די אמעריקאנער וויצענבלעטער : איינער וועט רק זארגען, דעם אנדערען זאל זיין גוט. אבער דאס פאסט גאר ניט פאר „מאטעריאליסטען", וואס טענה'ען רק פון „קלאסען־אינטערעסען", זעט מען דען ניט ווי די יוניאנס רייסען זיך איינע מיט די אנדערע ? האלטען זיך דען די אייזענבאן־ארבייטער היינט־צו־טאג ניט פאר גרעסערע

יחסנים איידער די איבריקע ארבייטער ? ווי אזוי קען זיך די גאנצע ארבייטערשאפט פארלאזען אף איין פאך ארבייטער אז זיי זאלען זיך אליין נעמען אזוי פיל וויפיל זיי ווילען ? דער גאנצער עולם וועט וועלען האבען א דעה וויפיל יעדער פאך ארבייטער זאל ליפערען ארבייט און וויפיל ער זאל באקומען פון קהל'שען שפייכלער. ווי אזוי קען דער גאנצער עולם דאס באזארגען ? דער עולם וועט מוזען אויסקלייבען בעאמטע, וועלכע זאלען דאס אלץ באזארגען. היינט ווי אזוי וועט דאס זיין אונטער „שטאטס־קאפיטאליזם ?" דער „שטאט" וועט באשטימען אלע איינצעלהייטען דורך זיינע בעאמטע. נו, און פון וואנען נעמען זיך די בעאמטע פון דעם שטאט דא אין אמעריקע ? זיי ווערען ערוועהלט פון דעם גאנצען עולם. טו זאגט זשע מיר, וואס איז די נפקא מינה צווישען דעם „רעוואלוציאנערן" סאציאליזם און „שטאטס־סאציאליזם" ?

די שטימונג געגען דעם „שטאטס־סאציאליזם" שטאמט פון דייטשלאנד. דער דייטשער שטאט האט א קאנסטיטוציע, אבער דער פאלק האט נאך זעהר ווייניק וואס צו זאגען אין דער רעגירונג. דער דייטשער שטאט איז נאך א פאליציי־שטאט, און דער שטאטס־סאציאליזם איז דארטען א פאליציי־סאציאליזם, ווען מ' קייט אבער איבער די זעלבע רייד דא היע, אין א דעמאקראטישען שטאט, קומט אויס, אז די סאציאל־דעמאקראטיע טויג בכלל אף כפרות. ענגעלס האט אין זיין ביכל איבער דעם „אורשפרונג פון דער פאמיליע, דעם פריוואט־אייגענטום'ס און דעם שטאטס" ענטוויקעלט דעם געדאנק, אז דער שטאט וועט מיט דער צייט אפשטארבען*). דיעזער געדאנק איז א קאמפראמיס מיט דעם אנארכיזם, ער שטאמט פון דער צייט פון דעם קאמפף צווישען די מארקסיסטען און די באקוניסטען אין דעם ערסטען אינטערנאציאנאל. אויב מען האלט זיך קאנסעקווענט אן דעם געדאנק, אז די עקאנאמישע ארגאניזאציע פון דער געזעלשאפט איז דער פונדאמענט, אף וועלכען עס ווערט אופגעבויט איר פאליטישע ארגאניזאציע, טו קען דער שטאט נאר אפשטארבען, ווען דער פארטשריט פון דער

---

*) דער ביכל איז צוזאמענגעשטעלט פון נאטיצען, וואס זיינען איבערגעבליבען פון קארל מארקס. ענגעלס האט זיי צוזאמענגעבראכט און זיי ארויסגעגעבען אין דער פארמע פון א בוך.

**מעכניק זאָל ברענגען דעם מענטשען אזוי ווייט, אז א פּאָר מענטשען**
זאָלען קענען מיט זייער אייגענער ארבייט זיך פארשאפען אלץ וואָס
זיי באַדאַרפען, זיי זאָלען קענען אויסקומען אָן דער איבעריקער
וועלט. א רוסישער אינזשענער ענגעלמייער האָט מיט א יאָר דריי־
סיק צוריק פאָראויסגעזאָגט, אז די ענטוויקעלונג פון עלעק־
טראָטעכניק וועט מעגלאָך מאכען פאבריקלאָך, וועלכע
וועלען זיך באנוצען מיט עלעקטרישע קראפט פון א צענטראַלער
סטאַנציע, אזעלכע פאבריקלאָך וועלען אימשטאנד זיין צו קאָנקורי־
רען מיט גרויסע פאבריקעס. דורך דעם וועט די ענטוויקעלונג פון דער
אינדוסטרי זיך פארקערעווען צוריק פון דער גרויסער פאבריקע צו
דעם קליינעם ווארשטאט, און מיט דער צייט וועלען מיר ווידער האָ־
קליין־אינדוסטרי. און קליין־אינדוסטרי איז דער טעכנישער פונ־
דאַמענט פון אינדיווידואליזם. ווען איר זייט א דרוקער, ארבייט
אליין פאר זיך אין אייער אייגענער דרוקעריי, גאָר אָן קיין שום
געדונגענע ארבייטער, און ווען איר זאָלט נאָר שטענדיק האָבען
ארבייט און די ארבייט זאָל זיך גוט באצאָלען, טו זייט איר פריי
ווי א פויגעל ; איר האָט קיין באָס ניט איבער זיך, איר שטעלט
זיך צו דער ארבייט, ווען עס געפעלט אייך, און איר געהט אהיים
ווען עס געפעלט אייך, איר דארפט קיין יוניאָן ניט און איר פאר־
שפּאָרט צו סטרייקען, קורץ, איר זייט זיך גאָר אליין א פריץ און
ווילט פון קיינעם ניט וויסען. מיר ווייסען אָבער אז אזא צושטאנד
קען זיך אין אונדזער געזעלשאפט ניט האַלטען, פון דער קליין
אינדוסטרי האָט זיך ענטוויקעלט דער קאפּיטאליזם און עס **מ ו ז**
זיך ענטוויקלען דער קאפּיטאליזם*).

---

*) דאָס איז אין אַלגעמיין אַנערקענט אין דער סאָציאליסטישער לי־
טעראטור. די סינגעל טעקסער און די אַנאַרכיסטען לייקענען עס, זיי
זאָגען, אז דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך ענטוויקעלט ניט דורך פרייע קאָנ־
קורענץ, נאָר דורך מאָנאָפּאָליעס, קיין פרייע קאָנקורענץ האָט נאָך די
וועלט ניט געפּרופט. ווען די קאָנקורענץ זאָל באמת זיין פריי, זאָ־
גען זיי וועט דערמיט אַלעמען פארזיכערט ווערען גליייכהייט און
וואָהלשטאַנד. דאָס זעלבע זאָגט אויך פּראָפעסאָר קלארק פון קאָלאָמביא
יוניווערסיטי, דער אנארקענטער נביא פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּאָלי־
טישער עקאָנאָמיע. פּאלעמיזירען דאָ מכח דעם איז ניט מיין אופגאבע.
איך האלט די סאָציאליסטישע אנשויאונג פאר די ריכטיקע און פון דעם

ווען איר שטעלט זיך פֿאַר אזא געשעפֿט, ווי דער שטאָל־טראָסט, אין וועלכען עס זיינען אנגעשטעלט ארום צוויי הונדערט טויזענט ארבייטער פֿון פּענסילווייניע ביז מינעסאטאַ, טו מוזט איר צוגעבען, אז דער געשעפֿט וואָלט קיין איינציקע וואָך ניט געקענט געהן, ווען יעדער איינער פֿון די ארבייטער זאָל זיך שטעלען צו דער ארבייט, ווען עס געפֿעלט עם און ענדיקען, ווען עס געפֿעלט עם, און אויסקלייבען פֿאַר זיך אזאַ שטיקעל ארבייט, וואָס געפֿעלט עם בעסער, אזוי ווי ער וואָלט געטאָן ווען ער וואָלט געאַרבייט פֿאַר זיך אין זיין אייגענעם שאפּ. מ׳ מוז האָבען אַן אָרגאַניזאַציע מיט א סופּעראינטענדענט, מיט א פֿאָרמאַן, מיט רולס (פּראַווילעס). דער שטאָל־טראָסט איז אָבער נאָר א פּריוואַט־געשעפֿט, אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט, וועלען צענדליקע אזעלכע געשעפֿטען פֿאַראייניקט ווערען אין איין אלגעמיינעם קהל׳שען געשעפֿט. אזא געשעפֿט וועט מוזען האָבען א צענטראַלע פֿאַרוואַלטונג פֿאַר אלגעמיינע באַראַטונג, מיט לאָקאָלע פֿאַרוואַלטונגען פֿאַר לאָקאָלע אנגעלעגענהייטען, מיט אלגעמיינע רולס און מיט לאָקאָלע רולס. הייַנט פֿון וואַנען וועט זיך נעמען די פֿאַרוואַלטונג? זי וועט ערוועהלט ווערען פֿון אַלע ארבייטער; אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט וועלען דאָך אָבער אלע זיין ארבייטער, מעגען מיר אַלזאָ זאָגען, אז די פֿאַרוואַלטונג וועט ערוועהלט ווערען פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק, אמת? ווייטער די רולס וועלען אויך געמאַכט ווערען פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק, ווי אזוי? אין אמעריקע זיינען פֿאַראַן הונדערט מיליאָן מענטשען. ווי קענען זיי אלע צוזאַמען מאַכען רולס? האָט איר אַמאָל געפּרופט פֿאַרהאַנדלען געשעפֿטען אין א מאַס־מיטינג פֿון טויזענט מענטשען? געוועהנלאָך מוז מען ערוועהלען א קאָמיטע וואָס זאָל מאַכען די רולס און דערנאָך מוז מען איבער זיי אָפּשטימען. וואָס זשע איז די נפקא מינה פֿון אַ „פֿאַרוואַלטונג“, וואָס איז ערוועהלט פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק אין דער שטאָט ניו־יאָרק, ביז צו דעם מעיאָר און די אָלדערמען — וועלכע ווערען אויך ערוועהלט פֿון דעם זעלבען פֿאָלק? אָדער וואָס איז די נפקא מינה פֿון דער קאָמיטע, וואָס מאַכט די רולס פֿאַר דעם גאַנצען לאַנד ביז צו דעם קאָנגרעס? אין דער טעאָריע איז דער פּרעזידענט אָדער דער מעיאָר אייערער אַ

---

שטאַנדפּונקט באַטראַכט איך די ווייטערע עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט.

משרת און איר זייט א קיסר איבער דעם פרעזידענט: אַז שפּאס, א קיסר, „אַן אמעריקאַן סאָווערין“. ווען דער פּאָליסמאַן גיט אייך מיט׳ן קלאַב איבער׳ן קאָפּ איז דאָס אים נאָמען פון דעם סואווערענעם אמעריקאַנער פאָלק.

די רולס וואָס וועלען געמאַכט ווערען צו רעגולירען די פירונג פון א „געזעלשאפטליכער“ פאבריק אונטערשיידען זיך ניט אין פּרינציפּ פון די רולס, וואָס ווערען היינט געמאכט פאר דעם ברוקלינער נעיווי־יארד, איז עס עפּעס אנדערש ווי אַ פאבריק, וואָס באלאַנגט צו דעם גאַנצען אמעריקאַנער פאָלק? און ווער מאכט די רולס פאר די נייווי־יארד היינט, ניט אַ קאָמיטע וואָס איז ערוועהלט פון דעם פאָלק, דער קאָנגרעס פון די פאראייניקטע שטאַטען?

קענען די בעאמטע פון אַ פאבריק אימיצען צווינגען מיט געוואלט צו האַלטען זייערע בעשליסע, האָבען זיי די מאַכט דאָס צו טאָן? אודאי, פאר ניט פאָלגען די רולס פון אייער פעקטאָרי וועט אייך דער סופּעראינטענדענט ניט אריינזעצען אין פּריזאָן, עס איז אמעריקע, א פרייע מדינה, ער וועט אייך נאָר משלח זיין, געבען די סעק בל״ז. ווען אייערע ווייבזשעס זיינען צען דאָלאר א וואָך און איר וועט ארומגעהן ליידיק א וואָך ביז איר וועט קריגען א נייעם דזשאב איז דאָס אזוי ווי איר וואָלט שטראפירט געוואָרען מיט צען דאָלאר אין פּאָלים קאָרט.

און, וואָס מיינט איר, אַז די פאַבריק זאָל באלאנגען צו די „ארבייטער“, וועלען זיי ניט געצוואונגען זיין צו פאָלגען די באשליסע פון דעם פאָלק? ווען איר זייט א מעמבער פון אַ יוניאָן, צו זייט איר דען ניט געצוואונגען צו פאָלגען די רולס פון אייער יוניאָן?

אלזאָ רופט עס אַן ווי איר ווילט, ווען די „געזעלשאפט“ איז די בעל הבית׳טע איבער דער גאנצער פּראָדוקציאָן, טו האָט איר ערוועהלטע בעאַמטע וועלכע איר מוזט פאָלגען, איר האָט באשליסע וועלכע איר מוזט פאָלגען, איר האָט אלזאָ דעם גאנצען אפּאראט פון דעם היינטיקען שטאַט.

דער אויסדרוק „קאָאפּעראַטיוו קאָמאָנוועלטה“, (קאָאפּעראַטיווע רעפּובליק), וועלכער שטאַמט פון לאָרענס גראָנלונד האַט

צוטומעלט די קעפּ ביי פילע אמעריקאנער סאָציאַליסטען. מ׳ בילדעט זיך איין, אז נאָך דער „סאָציאַלער רעוואָלוציאָן" וועט יעדער שאַפּ זיין א קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג און די ארבייטער פון שאַפּ וועלען אליין זיין די בעלי הבתים פון זייער שאַפּ. אז קיין איינציקער געבילדעטער סאָציאַל־דעמאָקראט אין אייראָפּא שטעלט זיך ניט פאָר דעם סאָציאַליזם אין אזא פאָרם, קענט איר זיך לייכט דערוויסען, ווען איר וועט ארייגקוקען אין קאוטסקי׳ס ביכעל „די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן", אין דער לעצטער צייט האָט מען צווישען סאָציאַליסטען זיך גענומען אינטערעסירען מער ווי אמאָל מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, לאָמיר־זשע א קוק טאָן, וואָס פאר א שייכות האָט זי מיט דעם סאָציאַליזם.

קאָאָפּעראַציע האָט געמאכט גרויסע פאָרטשריט אין האנדעל, הויפּטזעכליך אין ענגלאַנד. די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען מאכען געשעפטען אויף הונדערטער מיליאָן דאָלאַר. פארגעסט אָבער ניט, אז עס זיינען פאראַן אין ענגלאַנד עטלאכע מיליאָן ארבייטער פאמיליעס, וואָס יעדערע פארצערט יערלאָך וויינינקסטענס א פאָר הונדערט דאָלאר אין אלערליי וואַרען. דער גאנצער פארברויך פון דעם ארבייטער־קלאַס באַטרעפט א פאָר טויזענט מיליאָן, דאָס אלעס ווערט געקויפט אין געוועהנלאכע קראָמען, קליינע אָדער גרויסע. ווען מ׳זאָל בארעכענען די געשעפטען פון די דעפּאַרטמענט סטאָרס אין די גרויסע שטעט, וועט זיך געווייס ארויסווייזען א גאנץ היפּשע סומע, פיל גרעסער מסתמא פון אלע קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס.

קאָאָפּערעישאָן האָט באַקומען א ווירקליכע סאָציאַלע באַדייטונג אין לאַנדווירטשאַפט, אין דענעמאַרק, אין דייטשלאַנד, אין איירלאַנד, אין פינלאַנד, אין אמעריקע האָבען זיך זינט די נייגציקער יאָרען פון דעם פארגאנגענעם יאָרהונדערט געגרינדעט גרויסע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען צווישען פאַרמערס. אין אמעריקע אליין זיינען אין אלע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען צוזאַמען פאראנען עטלאכע מיליאָן מיטגליעדער, די באַוועגונג איז אָבער נאָך אזוי יונג, אז מ׳ קען דערווייל ניט פאראויסזאָגען, ווי זי וועט זיך ווייטער ענטוויקלען, יעדענפאלס קען מען נאָך דערווייל ניט רעכענען איינצופירען דעם סאָציאַליזם אין דער פאַרמעריי. די

קאָאָפּעראַטיווע גענאָסענשאַפטען זיינען אַ סאָרט קאָמפּראָמיס צווישען פּריוואַט־אייגענטום און סאָציאַליזם.

קען מען זיך פאָרשטעלען דעם סאָציאַליזם אַלס אַ פאַרבאַנד פון פרייוויליקע קאָאָפּעראַטיווע גענאָסענשאַפטען אין דער גרויסער אינדוסטריע? נעמט למשל, אַזאַ געשעפט, ווי דער שטאָל־טראָסט, וואָס באַשטעהט פון אַ פּאָר הונדערט פאַרשידענע פאַבריקעס, וואָלט מען זיי צוטיילט, יעדע פאַבריקע זאָל פאַר זיך מאַכען שבת? דאָס הייסט, סאָציאַליזם וואָלט באַדייטען אַ שריט צוריק פון דער היינטיקער צענטראַליזאַציע אין געשעפט צו אַ צושפּאַלטונג אין קליינע געשעפטלאַך פון עטלאַכע הונדערט פּערזאָן! פון וואַנען איז דאָס קענטיק, אַז עפּעס אַזוינס וועט פאָרקומען? און אַ געזעלשאַפט פון הונדערט מיליאָן מענטשען איז ניט קיין קליינע קאָלאָניע פון אידעאַליסטען, וואו מ׳ מאַכט סאָציאַלע עקספּערימענטען. אַ געזעלשאַפט וואַקסט, דער טראָסט האָט באַזייטיקט די פאַראיינצעלטע פאַבריקע, ווייל ער באַדייטעט אַ פאָרשריט אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבייט. דאָס גילט פאַר די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט פּונקט אַזוי ווי פאַר די קאַפּיטאַליסטישע. אָבער לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז „די רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט" האָט אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט אַז יעדע פאַבריקע זאָל פון היינט אָן זיין אַ קאָאָפּעראַטיווע גענאָסענשאַפט וואָס וואָלט געווען דער רעזולטאַט? אַנשטאַט וואָס היינט זיינען די אייגענטימער פון דער פאַבריקע עטלאַכע צענדליק סטאָקהאָלדערס, וואָלטען דעמאָלט זיין עטלאַכע הונדערט. די גאַנצע אינדוסטריע וואָלט באַשטעהען פון אַ מאַסע קליינע פּריוואַט קאָרפּאָרעישאָנס, אַקוראַט ווי אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אין יענע געשעפטען, וואָס זיינען נאָך ניט קאָנסאָלידירט געוואָרען אונטער איין טראָסט, יעדע קאָרפּאָרעישאָן פון קליינע קאַפּיטאַליסטען וואָלט אַזוי לאַנג קאָנקורירט מיט אַלע אַנדערע, ביסקעלוואַנען זיי וואָלטען ענדלאַך ווייטער געקומען צום פּלאַן צו פאַראייניקען זיך אין אַ טראָסט. דאָס איז אַלזאָ פּשוט אוטאָפּיסטיש. קומען מיר צוריק צו אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואו די „גאַנצע געזעלשאַפט" איז די בעל הבית׳טע איבער אַלע געשעפטען, אפשר וועלען אין אַזאַ צושטאַנד די אַרבייטער פון יעדען שאַפּ צונויפקלייבען זיך, ערוועהלען דעם סופּעראינטענדענט. באַשטימען ווי אַזוי און ווי לאַנג זיי זאָ־

לען ארבייטען, און נעמען זיך דעם פולען פראָדוקט פון זייער ארבייט ? צום ביישפיל, די ארבייטער אין די קוילען־גרובען וועלען באקומען אלע קוילען און וועלען באשטימען ווי פיל פראָדוקטען זיי זיינען דערפאר בארעכטיקט צו פארלאנגען פון דעם קהל׳שען דעפּארטמענט סטאָר ? נאַטירלאָך, ווי געזאָגט, מיר זיינען דאָך אלץ אייגענע מענטשען, גענאָסען, מסתמא וועלען מיר איינע די אנדערע חלילה ניט וועלען קריוודזשען ; פאָרט אָבער, ווי עס רעט זיך, זיינען מיר דאָך ניט מער, ווי לעבעדיקע מענטשען, מיט וואָס זיינען מיר באוואָרנט, די גענאָסען פון די קוילען־גרובען וועלען ניט פארלאנגען פאר זייערע קוילען צופיל ? און ווייטער פארשטעהט איר דאָך, אז ווינטער־צייט אָן קוילען קענען מיר ניט בלייבען, וועלען מיר געצוואונגען זיין נאָכצוגעבען די פאָדערונגען פון די גענאָסען פון דעם קוילען־טראָסט. דיזעלבע זאך קען פאסירען אויך מיט די גענאָסען פון דעם פלייש־טראָסט און מיט די גענאָסען פון דעם גאז־טראָסט און אזוי כסדר. שטייטש, וואָס עפּעס א טראָסט, זאָגט איר, עס איז דאָך די „קאָאָפּעראטיוו קאמאנוועלטה“ ? זאָגט זשע מיר, זייט מוחל, וואָס איז די נפקה מינה פון דעם היינטיקען קוילען טראָסט ביז אזא קאָאָפּעראטיווער ארבייטער־ארגאניזאציע, וואָס וועט האלטען די קוילען־גרובען אין אירע הענט און מעגען אליין באשטימען, וואָס זי קען פארלאנגען פו דער געזעלשאפט פאר איר פראָדוקט ? איז דען עפּעס פאראן אן אונטערשיד צווישען א טראָסט וואָס באשטעהט פון א פּאָר הונדערט סטאקהאָלדערס און א טראָסט וואָס באַשטעהט פון א פּאָר הונדערט טויזענט ? ניין, אזא פּלאָן וואָלט ניט זיין שטאַטס־קאפּיטאַליזם, עס וואָלט זיין גאָר איינפאָך פּריוואט־קאפּיטאליזם.

די גאנצע געזעלשאפט האָט אן אינטערעס אין יעדען איינציקען שאָפּ. ניט נאָר די ארבייטער פון יענעם שאָפּ. דערפאר מוז די גאנצע געזעלשאפט זיין די בעל־הבית־טע פון יעדען שאָפּ. און די אינטערעסען פון דער גאנצער געזעלשאפט מוזען פערטראָטען זיין פון אויסען, ניט דורך די ארבייטער פון יענעם שאָפּ, וועלכע האָבען זייערע פּריוואט־אינטערעסען. די געזעלשאפט איז באלעבאסטע, די ארבייטער זיינען בעל הבתים נאָר אף אַזוי פיל, ווי די ארבייטער פון דער רעגירונגס־דרוקעריי אין וואַשינגטאָן זיינען די בעלי־הבתים. — אלס אמעריקאנער בירגער האָבען זיי אויך א חלק אין איר. ווען די אייזענבאנען זאָלען באלאנגען צו דער אמעריקאנער „געזעלשפאט“, אָדער צו דעם אמעריקאנער „פאָלק“,

טו ווער וועט אַנשטעלען די סופּעראינטענדענט, די מענעדזשערס דאָס „פאָלק“, אמת ?

אין אַ דעמאָקראַטיע, איז דער „פאָלק“ אָדער די „געזעלשאַפט“ אליין דער שטאַט, איי וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האלט דעם שטאַט אין זיינע הענט, טו איז עס דערפאַר, וואָס דער „פאָלק“ לאָזט עס, וואָס דער פאָלק שטימט פאַר עס.

עס איז געווען אַמאָל אַ צייט, ווען דער שטאַט האָט נאָך ניט עקזיסטירט, דעמאָלט האָבען די מענטשען געלעבט אין שטעמער, אַלע מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט זיינען געווען קרובים, זיי האָבען ניט געהאַט קיין רעגיערונג, ווייל דער זיידע, דער עלטער פעטער, דער טאַטע איז געווען די נאַטירלאַכע רעגיערונג, די קינדער פאָלגען געוועהנטלאַך די עלטערן אפילע אין היינטיקע צייטען, ווען די קינדער זיינען גאָר אונאַבהענגיק פון עלטערן, און שטימען ניט איין מיט זייערע מיינונגען, דעם בעסטען ביישפּיל האָט איר צוויי־שען די סאָציאַליסטען און אפילע אנאַרכיסטען, וואָס מל'ן זייערע קינדער. פרעגט זיי פאַר וואָס טוען זיי דאָס, פון ברית אברהם האַלטען זיי דאָך ניט. עס איז דאָך איינפאַך באַרבאַריי, וועלען זיי אייך ענטפערען, אַז זיי טוען דאָס צוליב די עלטערן. יעצט קענט איר זיך פאָרשטעלען, ווי שטאַרק האָט געמוזט זיין דער אווטאָריטעט פון די עלטערן, פון אבות אבותינו אין אַ פאַרצייטיקען שטאַם, דער ווילען פון די עלטעסטע פון שטאַם איז געווען געזעץ, ווען דער שטאַם פלעגט ווערען צו גרויס, אָדער אַ טייל איז געווען אונצופרידען, פלעגט מען זיך אָפּזונדערען איינע פון די אנדערע.

דער שטאַם איז אַלזאָ געווען אַ פּריוויליגער פאַרבאַנד פון בלוט־פאַרוואַנדטע. ווען די באַפעלקערונג איז געוואָרען גרעסער, מ' האָט זיך באַזעצט אַף איין אָרט און עס האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען אין דער זעלבער געגענד פרעמדע שטעמער, איז מיט דער צייט דערפון אויסגעוואַקסען אַ נייע אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אריינגענומען אַלע איינוואָהנער פון אַ געוויסען פּלאַץ, צו זיי האָבען געוואָלט, צו ניט, אַזאַ געצוואונגענער פאַרבאַנד פון פרעמ־דע מענטשען. וואָס וואָהנען אין אַ געוויסע לאַנד, רופט זיך „שטאַט“. דער אָנהויב פון יעדען שטאַט איז געווען מלחמה, געוואַלט. מיט דער צייט האָט די געוואַלט אָנגענומען מילדערע פאָרמען, דער עיקר אָבער בלייבט דערזעלבער. ס' מעג זיך זיין אַ קאָזאַקע נאַגייקע

אָדער די איניציאַטיווע מיט דעם רעפערענדום, איר זייט געצוואונגען צו באַלאַנגען צום שטאַט, ווארים איר האָט ניט וואוהין פון עם אוועקצולויפען. אויב איר שטעלט זיך פאָר די סאָציאַליסטישע „געזעלשאַפט“ „אַלס א פרייע פאראייניגונג פון אויטאָנאָמע אינדיווידאומען“ וואָס קומען און געהען אוועק, ווען עס ווילט זיך זיי, דאַן מעגט איר ריידען פון דעם „אָפּשטערבענדען שטאַט“, אפשר אין עטלאכע הונדערט אָדער אין עטלאכע טויזענט יאָר ארום וועט זיך די מענטשהייט אזוי איינריכטען, וואָס קען מען וויסען? אבער היינט צו טאָג האָבען מיר ניט דעם מינדעסטען וויסענשאפטלאַכען גרונד פאָראויסצוזאָגען אזא צושטאנד, די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, וועלכע מיר קענען שוין היינט פאָראויסזעהן, איז א „סאָציאַלע דעמאָקראַטיע“ און די דעמאָקראַטיע איז ניט די אָפּשאפונג פון שטאַט, זי איז ניט מער, ווי א פאָרמע פון שטאַט, די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אַלזאָ ניט מער ווי א דעמאָקראַטישע פאָרמע פון שטאַטס־סאָציאַליזם.